# אינהאַלט

זייט

# ליטעראַטור און לעבן

אַמאָל אין די גוטע יאָהרען פלעגען זיין „שדים אויף די ביידעם״; לצים פלעגען אַרום טאַנצען אין די הייף, נשמות פון עולם הדמיון — האַלץ האַקען אין אַלע וועלדער; פון אַלע חורבות פלעגען רוחות אַרויס שרייען „קוקעריקו״ ווי דער בעסטער האָהן, און געשטאָרבענע אַפּיקורסים, אָדער אונטערן פּלאָט בעהאַלטענע דייטשען — אַרום לויפען אויף די דעכער בצורת כלב און בילען, און בעטען זיך תקון!

עס איז געוועזען איין אמת ראָמאַנטישע צייט, סאַמע שילערישע „הוילע גייסטער״ און מלאָכים אפילו האָבען זיך אויך נישט זעלטען בעוויזען! פּערקעהרט — זיי פלעגען זיך גאַנץ אָפט צו „יאַוויען״ און פונקט צו דער רעכטינגער צייט, אַבצוווישען דער אַלמנה׳ס טרערען, אויפצוהייבען אַ יתומה פון גלאַטען אייז... זיי פלעגען טהייל מאָל אַפילו זיך צובעווייזען דעם רשע אין אַ חלום און אָנזאָגען איהם זהיר והזהר, ער זאָל נישט איבערפילען דאָס מעסטיל זינד! אויסער דעם — פלעגט אַ מאָל אומגעזייעט אַרויס וואַקסען אליהו הנביא, אריין וואַרפען איין אָבגעקומענעם דאַנצ׳גער סוחר אַ זעקעל געלד דורכ׳ן פענסטער, ענדיגען אַ שטיקל אַרבייט פאַר אַ קראַנקען בעל־מלאכה און גאָר אַ פשוט׳ן בטלן — אונטער וואַרפען אַ כשר׳ע מציאה...

* *

*

וואָס האָט דעמאָלט אַ „יודען״ געפעהלט?

„מי יאַכילנו בשר״ *) איז גאָר קיין שאלה נישט געוועזען! אונטער אַלע בריקען האָבען געבלעקט פערכשופ׳טע קעלבער! געלד? אין אַלע אַלטע קעלער זענען בעגראָבען געוועזען אוצרות פון אַמאָליגע קלויסטער, און יעדען פאַרנאַכט האָבען זיך אוצרות

*) „ווער וועט אונז געבען צו עסען פלייש״.

בעוויזען! שמחות ? זאבאווים ? אין אַלע הייף האָבען קינדייסיוועט לצים, סצענעס געמאַכט: געוואָרפען זיך מיט שאָלען פון אייער און קאַרטאָפעל ; פראָסט — צום קראַנק-לאַבען . . . אויסער דעם איז געוועזען מעהר ברית'ן ווי היינט אַנדערע סעודות מצוה'ס ווי היינט! און אין אַלע קרעטשמים איז געוועזען מוזיק! דאָס האָבען שדים חתונה'ס געשפּיעלט !..

„הקפות" איז היינט איין מאָל אין יאָהר און נור ביי'ן אַ מנין, דעמאָלט האָט יעדערער שכור'ער בעל-עגלה געהאַט צעהן מאָל אין יאָהר הקפות און אַ גאַנצע נאַכט אַרום איין בוים אין אַ וואַלד!

נענען שעבוד מלכיות — פאַספּאָרטען. גרעניצען וכדומה שווערע זאַכען, האָט געהאַט די קבלה פערשריבענע רעצעפּטען, צו ווערען אַ רואה ואינו נראה: פ״ח תעניתים, תקצ״ז סגופים, תרפל״ג שמות און: גירא בעיניך, * סטראַזניק, מען הערט דיך ווי די קאַץ!

האָט זיך אַמאָל בעוויזען אַ המן הרשע, אַ צורר היהודים — איז געווען אַ רפואה צו דער מכה: אַ ליב שרה'ס מיט'ן קניפּיקיל, וואָס האָט פון איהם לאָקשען געשניטען!..

אַ חוץ — וואָס היינט-מאָרגען קומט „משיח-צדקנו"; איידער די קוקסט דיך אום — אַ פּאַפּירענע בריק, בולקעס אויף די ביימער, תחית המתים וכו' וכו' נאָך אַנדערע גוטע זאַכען!

וואָס האָט געקענט פעהלען אויף דער וועלט, אַז זי איז געוועזען מיט יענער אַזוי פערקניפּט און פערבונדען ? עס האָבען זיך „הימעל און ערד געקושט"; צווישען זיי איז געוועזען אַ צוזאַמענהאַנג: אַ חלום, אַ מלאך אָדער איין אַנדערע מאָדע אינטערווענציע *) פון דער השגחה פרטית; צווישען הימעל און ערד איז געשטאַנען אַ בריק, אויב נישט אַ פּאַפּירענע — על כל פנים אַ שפּינוועבענע.

די פאַנטאַזיע האָט פון אונזער בלאָטע ביז צו'ם ריינעם בלאָהעם הימעל אויפגעשטעלט אַ לייטער, און מענשען האָבען

*) ארײַן מישען זיך.

פערמאַכט די אויגען, געעפּענט די מיילער און נעקלעטערט צוּ אַלע פיער!

און אַז עס האָט זיך גוט געלעבט, האָט זיך גוט געשריבען (אפילו שלא על מנת לקבל פרס), די שרייבער זענען אויך געשטאַנען מיט איין פוס אויף דער, און מיט'ן צווייטען אויף יענער וועלט... און אויף יענער וועלט (האָבען מיר דאָך אַ קיימאָ-לן!) זענען מיר תקיפים... אַלע אומות האָבען נור „שׂרים“ און מיר — דען רבונו של עולם אַליין! און מיט'ן רבונו של עולם'ס הילף האָבען זיך אַלע מעשׂיות גוט געענדיגט; דער „קורא נכבד“ *) איז באַלד אָהן „הוריות“ רוהיג און פעסט איינגעשלאָפען, און אַלע ש"י עולמות האָבען זיך איהם געחלומט!

ביי'ן אַ מחבר, נאָר איין אַפּקורס, האָט זיך דער חלום, דער שד, דער מלאָך, אליהו הנביא און אַנדערע הימלישע אינטערווענציעס — פערשטעלט אין אַ ירושה פון אַ מיהמען אין אַמעריקאַ... נור סיי ווי סיי איז דער סוף געוויזען אַ מחיה. דער גוטער בחור האָט גענומען די גוטע בתולה מיט נדן און דרשה-געשאַנק כדת משה וישראל! דער שלעכטער בחור איז אַוועק מיט „איין אָבגעשנייצטער נאָז“ אָדער — „ווי אַ קאַץ פון דער מילך“...

• • • • • • • • • • • • • • • • •

אַנדערע צייטען — אַנדערע ליעדער...

די פּריצים האָבען אויסגעהאַקט די וועלדער און די אָרימע נשמות פון עולם הדמיון האָבען נישט וואו האָלץ צו האַקען... טרעפט זיך אַ מאָל אַ הונד אויפ'ן דאַך, איז עס אַפּראָסטער, משוגע'נער אָדער אַ מרה שחורה'דיגער הונד, און בילט נישט, און בעט זיך נישט קיין תקון... אויף שאָסען מיט ווערסטען האָבען לצים קיין שליטה נישט; אוים הקפות! מיט די לצים צוזאַמען זענען פערשוואונדען געוואָרען די פערכשופטע קעלבער... די באַהן האָט דריי פיערטעל קרעטשמים פערמאַכט און — ווייסט דער טייוועל — וואו שדים מאַכען חתונה!.. אליהו הנביא

*) דער געעהרטער לעזער.

בעייזט זיך נישט, וויער ווייסט אויב ער וואלגערט זיך נישט נעבאך עיגעץ ארום אלס „ניעפּאָמניאשטשי” אין אַ קאַזאַמאַט אין סיביר, אָדער ער זיצט נישט אין ירושלים, עסט יעביצ׳עס דינע פרוטע גריץ פון טיטע ביינער מיט עטליכע גרויפען פון שליידענס חכמה, און געהט אַלע פרייטיג אין באָד אריין על חשבון החלוקה, אונטער יוסף ריבלינ׳ס השגחה פרטית...

קיין מלאך זעהט מען נישט פאַר אַמיליאָן... די יתומות מיט די אַלמנות האָבען שוין אפילו אויפגעהערט אויף זייער הילף צו האָפען, געבער שוין העלפען זיי אַמאָל אַרויס פון דער נויט די „גאָלדענע יונגע לייט”, וואָס האָבען פון די אַלטע פריצים געירשנט prawem kaduka דען „Jus primae noctis“!

מיט דער אַלטער פאַרמאַקאַלאָגיע צוזאַמען האָבען זיך איבערגעלעבט דער קבלה׳ס רעצעפּטען אויף ריאה ואינו נראה׳ס; ליב שרה׳סים ווערען נישט געבוירען, פון איצרות הערט מען נישט, אין כשר׳ע מציאה, וואָס זענען אַמאָל אַ האַלבע פרנסה געוועזען, פיהרען היינט גלייך אין קרימינאַל אַריין...

אוים ראָמאַנטיק! אוים פּאָעזיע! דאָס לעבען איז טרוקען און פּאָסטנע!

עס ווייזען זיך אפילו אַמאָל עאיסאַפּיעס פיס אויפ׳ן אָרט פון שדים; פון טהייל נשמות ווערען אפילו טיש-פויקער און מען וואָלט מיט דער צייט פון זיי שוהל-קלאַפּער געמאַכט, אויפ׳ן אָרט פון איין „משיח-צדקנו” האָבען מיר אפילו אַ סך, אַ סך אַזוינע, וואָס ווילען אונז אַרויסשלעפּען פון גלות... עס איז אָבער דאָך נישט דאָס!

עאוסאַפּיעס פוס חאַפּט מען גאַנץ אָפּט וואו מען דאַרף נישט; גוטע שטעלען האָבען נור יחידי סגולה, קוים איינס פראָ-מיל פון אַלע טעלער-לעקער! און די משיח׳לעך זענען שוין, ווי מען זאָגט אין שוסטער נאַס; ווי ניר אַ ישיבה-בחור לערנט ער זיך רייטען אויף — — דער כנסת ישראל...

עפּעס רעכטס זעהט מען נישט!

„נייע צייטען, נייע פייגעל, נייע
ליעדער“!—

די ליטעראַטור, האָבען מיר אַ קיימאָ־לן, איז אַ שפּיגעל פאַרן לעבען; זי בעשאַפט נישט קיין נייעס. ווער עס קיקט אַריין, דער קומט אַרויס; אַ רב, אַ בדחן, אַ גביר, אַ בטלן, אַ קאַץ אפילו, אַלס קומט אַרויס כהויה; און דעראיבער איז קיין וואונדער נישט, אַז מיט דער נייער צייט איז אין דער העבראישער ליטעראַטור אַ מרידה געוואָרען און מען האָט אַ געשריי געטהון „ר ע אַ ל י ז ם!“

אוים ראָמאַנטיק! אוים פּאָעזיע!

---

אַז עס איז אַ שטורם־ווינד אויפ'ן ים, אַז דער ים שפּייט שוין אפילו מיט פּאַליעס דעם הימעל אין פּנים אַריין, אַז עס טאָפּיען שוין שיפען און נייהען אונטער ווי בליי... ציטערט נאָך אַלס נישט דאָס קליינע ביסעל לופט אין'ם ענגען שפּאַלט פון פעלזען, וואו די ווייכע מאָליוסקע *) האָט זיך בעהאַלטען. זי ליגט זיך רוהיג אין בנעימות אין איהר הייזעל וואָס וואַקסט מיט איהר צוזאַמען; נור שפּעטער — ערשט נאָך שפּעט, ווען דער ים איז שוין צוריק רוהיג ווי אַ שפּיגעל, עס שווימען שוין נייע שטאָלצע שיפען, מיט נייע מאַטשטען, נייע פעהנער — דעמאָלט ערשט גנביט זיך אַריין קוים אַ בלאָז אין דער מאָליוסקעס הייזעל! דעמעלט ערשט ווערט זי פערציטערט, און שטעקט אַרויס דען ווייסען קאָפּף מיט די גרויס־נאַרישע אויגען, צו זעהען: וואָס פאַר אַ שטורם־ווינד עס וויל איהר תרוב ונחרב מאַכען דאָס הויז!

אין שוטטער נאַס, טרעפט זיך, האָט מען שוין אין אַ ניי'ס פערגעסען, און זי האָט זיך אַלס נאָך נישט אַריין געגנבעט צום תפוס אונטער שלאָס אין ריעגעל! און נישט איינמאָל געשיהט, אַז בשעה ווען דער אָרימער תפוס טאַנצט פאַר פרייד,

*) ווייב מהיר, הלזון.

אַז דער „נביא״ איז געבוירען געוואָרען, זענען שוין קיה און קעלבער מעלה־גרה דאָס גראָז אויף'ן נביא'ס קבר!

אָדער — למשל — איישישאָק! ווען ווערט דאָרט מאָדע אַ הוט?

ווען ער ליגט שוין אין פאַריז אין מיסט־קאַסטען...

ביי נאָט קען מען קיין שאלות נישט פרעגען; אַזאַ מזל האָבען שוין: די מאַליוסקע אינ'ם שפאַלט פון פעלזען, דער אַרעכטאַנט אונטער שלאָס און ריגעל, און דאָס פראַנטיל, דאָס גיגעריל אין איישישאָק!

אַזאַ מזל האָט שוין אויך אונזער „אַלטע מאַמע״ — די העבראישע ליטעראַטור...

בשעת ויען מען האָט אין אונזער „אַלטען הייזעל פון עק״, אַ געשריי געטהון: „רעאַליזם״ און די אַלטע ווענד מיט פוסבאָדען און סיפיט, מיט די איינוואוהנער בכלל, האָט נעהאַפּט אַ ציטער, האָבען שוין אַנדערע גליקליכערע ליטעראַטורען דען רעאַליזם איבערגעלאָזט פון הינטען... זיי זענען שוין אַפילו אַריבער איבער מאַטעריאַליזם, דעקאַדענטיזם און סימבאָליזם און ציעצקען זיך שוין מיט אַ נייעם בן־זקונים — מיט אָקולטיזם, נור ער האָט אויך עפּעס אַ גרין פּנים, ציהט ווייניג ביי דער ברוסט, און וועט זיך אויך לאַנג נישט האַלטען...

וואָס וועט זיין נאָך אָקולטיזם? אָדער: וואָס בעטייטען די שמות הקדושים, די אַלע „איזמען״? פרעגט ביי וועמען איהר ווילט, נור מיך לאָזט צו רוה, איך מיין אַז „די לצרה בשעתה״, *) ווען זיי וועלען מאָדע ווערען ביי אונז, ווען עס וועט אַ ניי ליטעראַריש גיגעריל אָדער אַ מאַליוסקע אַרויף־שפּרינגען אויפ'ן אַלטען דעכעל מיט אַ גאָלדען שופר'ל און זיבען מיילעביל אין אַ בלאָז געבען דער כנסת ישראל אַ נייען „משיח־צדקנו״, אַ נייען „איזם״!

נור נישט אין דעם שטעקט דער קאַמיזם!

---

*) עס וועט צייט זיין ווען די צרה וועט קומען.

דער עקר קאָמיש איז דאָס, וואָס דען נייען ליטעראַרישען טעמפּעראַמענט האָט אונז געברענגט בן אביגדור!

וועגען בן אביגדור'ן איז דער עולם מחולק; דובנאָוו אין וואָסחאָ־ און בן דוד אין המליץ האָבען זיך די לונגען געריהרט אין אויסגעבלאָזען בן אביגדור'ן ווי אַ לונג־און־לעבער; געמאַכט פונ'ם לכל הפחות אַ וויקטאָר הוגאָ! (דער אַלטער זאָל מיר עס מוחל זיין, אויב ער דרייט זיך איבער אין קבר), דער רעשט עולם און דער עקר „אונזערע" גרויסע און קליינע נאוועליסטען, אָדער — אָפּען גערעדט — דאָס מיסט, וואָס בן אביגדור'ס בעזעם האָט אַרויסגעוואָרפען פון שטאַל, וואָלטען איהן פערזייפט אין אַ לעפעל וואַרים וואַסער! זיי זענען כופרים בעקר אין זיין טאַלענט... דער אמת ליגט דאָ אויך אין דער מיט: בן אביגדור'ס מוזע איז אַ גוטע ליטעראַרישע היהן, וואָס לייגט אַלע טאָג כמעט איין איי... פון די אייער וועט קיין לעבענדיגע זאַך נישט אַרויס, ווייל זיי זענען פון בלויס רייבען זיך אין אַחר העם'ס וואַנד... נור דאָס זענען דאָך אַייער, נישט קיילעכלעך פון ערד אָדער פערדס־מיסט, אין וועלכע אונזער ליטעראַרישע רשעים לייגען זייערע מיקראָסקאָפּישע אייערליך... בן אביגדור האָט טאַלענט, עס פעהלט איהר נור בילדונג... ער איז אייגענטליך נאָך יונג, ער וואָלט צייט געהאַט זיך אויסצובילדען, נור די מוכרי־ספרים לאָזען נישט, זיי זאָגען אַז קיין בעסערע סחורה דאַרף מען נישט... אַז פאַר בעסערע לייזט מען נישט... נור נישט אין דעם גייהט עס... דאָס קאָמישע איז, אַז צווישען אַלע אייער, וואָס בן אביגדור'ס מוזע האָט ביז אַהער געלייגט, איז נאָך קיין איינציג רעאַליסטיש איי נישט געוועזען און עס וועט נישט זיין, וואָרען בן אביגדור איז בטבע אַ פערחלומטער אידילסט, — אַ אידעאַלנע־נאַציאָנאַלע־פּאַלעסטיניעץ... בטבע האַפּט ער זיפצען אין דער לופט; רערביי האָט ער שוין אַזוינע אייערען, אַז ער הערט ווי וועלדער דאַווינען, אָדער ווי משה רבינו דרשענט אַ לאַ „אַחד העם"...

נו, אדרבאָ, שטעלט אייך פאָר אַ רעאַליסט, וואָס איז זיך

נישט מיישב און פון דער רייסט אוים פון דער יודיש־הישפּאַנישער געשיכטע איין אַלטען אויסגעקראָכענעם לאַפּען פון אַ פעלץ, און פּוצט און וואַשט איהן אוים מיט ליבעראַלע אָרעקאָלאָן, שטרייכט איהן איבער אויף אַ היינט מאָדישען בעל־בתישען ביבער, און איז כופה הר כגיגית, אין נייט דען העלד, דען אומגליקליך־געבווירענעם דן־מיגואל, ער זאָל דרשענען פיער הונדערט יאָהר צוריק אין הישפּאַניען אויף לאַסקערס איפּ׳ן, אָדער האַפּען הייס־געבראָטענע ליבעראַלע בילבעס פון היינטיגען ווירבאָוו׳ס מויל!.. בן אביגדור זאָל זיין אַ רעאַליסט, וואָלט ער אפילו ביי וועניג בילדונג דאָס, עכ״פ, פערשאַנען, אַז פאַר פיער־הונדערט יאָהר איז צופריה, און היינט וויטער, אויב די צייט איז נור כנגד המזיקין, איז שוין צו שפּעט צו קאָרמען דען עולם מיט דער פּראַזעאָלאָגישער סיעצקע...

אָדער: שטעלט איך פאַר אַ רעאַליסט, וואָס שטעלט איף אַ בריי, אויסצופּאַשען פּאַלעסטינצעס לויט אַחד העם׳ס רעצעפּט. אויף קלייען פון רעקאָנראָפּס יודיש־היסטאָרישע ערצעהלונגען, וואָס זענען (ציישען אינז געשמועסט) אַזוי עהנליך צו דער יודישער, ווי „לפני אַרבע מאות שנה״ צו דער יודיש־הישפּאַנישער געשיכטע!

דער איינגעניר בן אביגדור דרוקט „דניאל דירונדו״ — אַ גלאָז אידעאַלע־נאַציאָנאַלע גאָנעל־מאָגעל! ער דרוקט: במיעלים שירים, וואו דער „פּאָעט״ טענ׳עט זיך אוים מיט די פּאַליעס אַזוי ראָמאַנטיש־בטלניש־פּהילאָזאָפיש, אַז אָדם הכהן וואָלט איהן מקנא געוועזען; פרישמאַן׳ס פּאָעטיש־ראָמאַנטישע נאָכווייהען, וואו מתים האָבען שוין נישט מעהר וואָס צו טהון, נור צו רופען האַלבער־נאַכט אין שוהל אַריין עולה תורה צו זיין אַ יודישען פערליעבטען משורר!

דער איינגענער בן אביגדור אידעאַליזירט אַזוי פיין דאָס קליינחנ׳עוודיגע מיילכעל פון מנחם הסופר׳ס חייבם שוך, אַז עס חאַפּט אָן ביי׳ם האַרץ!

בן אביגדור איז דוקא, לויט ווי איך קען איהן, איין עהרליכער מאַנן! ער איז נ י ש ט — דאַכט זיך — אחד ״י אתד

בלב... און אָט אין דעם שטעקט דער אמת'ער קאָמיזם, אין דעם, וואָס בן אביגדור נעבעך האָט זיך אַליין געוואָרפען אַ שטיין אין וועג אַריין, איבער וועלכען ער שטרויכעלט אויף יעדען שריט און טריט!

„שרייבט פון לעבען!" רופט דער הערויסגעבער פון „אפרים קוה", אָדער דער מחבר פון „אַהבה וחובה", וואָס שיקט זיין העלד שטודירען קיין אַמעריקאַ און לאָזט איהן צו זיין היים־געליבטער קיין בריעף נישט שרייבען, ביז עס איז נישט צו שפעט, ביז זי שטאַרבט נישט מיט'ן בריעף אין דער האַנד אויף איין אָבצערונג!

„פאָטאָגראַפירט, שטודירט דאָס לעבען, וואָס איז אַרום אייך, לאָזט אייך נישט חלומען"... אַזאַ רעצעפּט פערשרייבט דער מחבר פון „מנחם הסופר", פונ'ם אומגליקליכען קליינעם אייזעלע, וואָס ליעגט נעביך דערדריקט אונטער דער אונגעהייערער משאָ פון דער רעאַליסטישער טענדענץ, אַז מען זעהט איהם קיין פיצעל פון די אידעאַלנע, גרויסגעוואַכסענע אויערלעך נישט אַרוים!..

אַ מענש טהוט זיך נור אַליין!.

נור וואָס קומט אַרוים אַז עס איז קאָמיש? „אין אחרי מעשה ב"ד כלום"! *) בן אביגדור איז אַ „פוסק", די ליטעראַרישע לעצטע אינסטאַנץ... און „רעאַליזם" איז ערגער ווי אַ דין אין שלחן ערוך!

---

נאַטירליך האָט אַ שטר אַ שובר, פּראָצענט — אַ היתר עסקאָ, פּסח — מכירת־חמץ, שבת — ערובין, און דער דין אין שלחן ערוך, וואָס דאַכט זיך, ער שטייט ווי אַ מויער, האָט פּאָרט איין אונטער־וועגעל עכ"פ „אַ יוצא מן הכלל" **)..., דער דין פון רעאַליזם האָט'ן אויך אַ „ווילאַזקע".

---

*) אז דאָס בית דין (סאָנד) האָט אָבגעטהון איז פערפאַלען.

**) אויסנאַם.

ער איז נישט נהג, למשל, ביי חשבונות פון חובבי ציון ביי נאָכריכטען איבער די קאָלאָניעס, ביי׳ם בעשרייבען זייער בעשטאַנד... דאָס חלק „ליטעראַטור״, געראָטה דוקא אַם בעסטע פון דער וויטענס! און דערביי מוז עס געשריבען ווערען מיט אידעאַלנע־רויטלעך־פרייליכע טינט!

נאָך מעהר — וואָס ווייטער דער שרייבער איז פון אָרט איז אַלס בעסער!

גוט שרייבט זיך פון אדעס, בעסער — פון וואַרשוי, וואהל — פון דינאַבורג, גאָר גוט פון איישישאָק און אַם־בעסטען נאָך וואָלט געוועזען פון אונטער די הרי חשך! פון דער וויטענס מישען זיך אוים דער „אָ״ח״ און „ל״ח״ *); אין דער „הכנסה״ בעשיינען ראָטשילדס קאָלאָניעס די חובבי־ציוניש; פון דער וויטענס איז שווער צו בעמערקען, אז די הוצאה איז „כל ישראל׳ס״ אויסער ראָטשילדען, און דער גאַנצער אינוועטאַר איז ראָטשילדס אויסער כל ישראל... פון דער וויטענס מאַכט די חובבי־ציוניש אַייזערנע קאַסע אויך ניט קיין שלעכטען איינדרוק; על כל פנים איז נישט מעגליך צו דערזעהן קיין שפּאַרע, קיין לעכעל, אַריין צו שטעקען אַ מינדסטען פינגער... פון דער וויטענס זעהט מען אפילו נישט ווער עס שרייט «Мы пахали», דער אָקס אליין, אָדער די פליגען צווישען זיינע הערנער, און דער עקר איז יעדער מעקלער ביי קאָלאָניעס — פון דער וויטענס אַ הייסער פּאַטריאָט, דער טערק אַ דימאַנט, דער אַראַבער — אַ זיידענע בריאָה און אַלע אונזערע קאָלאָניסטען זענען לכל הפחות גבורים ווי די מאַקאַבעער און אָט, אָט וועט זיין נאָך אַ מאָל די קונץ מיט׳ן ביימעל!

קומסט דו אָבער נעהנטער — זאָל גאָט שומר ומציל זיין; אַלע חושים נאַרען דיך אָב! די קאַסע, דאַכט זיך דיר, איז געמאַכט „מעשה רשת״, ד. ה. אַ נעץ מיט גרויסע אויגען, און די „מתעסקים בצרכי הצבור״ האָבען פינגער גלייך מיט אַלע מענשען! דו ביסט חלילה קיינעם נישט חושד, נור דאָך ווערט

*) אני חייב, לי חייב.

דיר מארקאָטנע אויפ'ן האַרץ, און מהייל מאָל הייבט דיר אָן אַזוי צו שווינדלען פאַר די אויגען, אַז פון „מעשה רשת" ווערט גאָר אַ שפינוועבס, און דו זעהסט אין דער האַליוצינאַציע: עטליכע גרויסע שפינען און גאַנצע הורמעס ישראליקלעך בצורת אָרימע אויסגעזויגטע... פגרים'לעך פון פליגען... דו רייסט דיך אַוועק פון דער קאַסע און בעטראַכטסט דעם גרויסען פאַטריאָט, דעם קאָלאָניסטען־מעקלער, דעם גענעראַלנע עצה־געבער, און האָסט ווייטער אַ טעות, און דו וואָלסט געשווארען, אַז דאָס איז יוסי־ריבלינס אַ לייבליכער ברודער!

דער טערק פערליערט אויך דעם חן אין דיינע אויגען; ער שמייסט מיט'ן באַמבוס אין דער פאָדעשווע און צאַפּט מיט'ן „באַקשיש" דאָס בלוט פון די אָדערן... דער אַראַבער, די זיידענע בריאָה, זעהט דיר אויס, רחמנאָ לצלן, ווי אַ געפעהרליכער רוצחישער גנב, און אונזערע מאַקאַבעער — כהויה, גלייך זיי וואָלטען געלעגען אונטער די בעטען!

נור ווי קומט רעאַליזם צו חובבי ציון און פאַלעסטינאַ? אַזאַ צווילינג קען נור געבוירען ווערען אין מנחם הסופר'ס קראַנקען מוח... פאַלעסטינאַ איז פאַלעסטינאַ און רעאַליזם איז נור נוהג ביי נאָוועלען... נאַטירלעך נישט יעביצעס, ווייל ער שרייבט נאָוועלען אויך פון פאַלעסטינאַ...

---

נור מיינט נישט אַז רעאַליזם, האָטש ער איז נור נהג ביי נאָוועלען, איז אַ קלייניגקייט! אמת איז, אַז אין דער התחלה האָט זיך אַלע אַזוי געדאַכט!

— מאַי כולי האַי — האָט מען געזאָגט — זאָל זיין רעאַליזם! אַבי מען פערלאַנגט נור נישט קיין טאַלענט, אפילו קיין „לשון", קיין „מליצה", אפילו קיין גראַמאַטיק נישט, און צאָהלען, קען זיין וועט מען, וועט איבער „רעאַליזם" קיין שידוך נישט אָבגייהן!

פערקעהרט — מיט'ן גרעסטען פערגניגען! „לא בשמים היא" — רעאַליזם דאַרף קיין הימעל נישט, „ולא מעבר לים" —

מען דאַרף נישט וווּ צו קריכען; מען דאַרף גאָר נישט ליעב האָבען, נישט פיינט האָבען, מען דאַרף קיין צוועק, קיין תכלית! אַלעס איז גוט. אַרום און אַרום ליגען טעמאַטען ווי האָלץ! וואָ דו ביסט, וואָס דו זעהסט — בעשרייב!

וואהנסט דו, למשל, אין ווילנאָ — בעשרייב די בלאָטע! ליגסט דו אין בית־המדרש אונטערן אויבען — שטודיער די טאַראַקאַנים, אָדער — די שמש׳טע, וואָס שענקט אַריין דורכען פענסטערל! ווער עס קען אַ בוגרות, אַ גרושה, איין אַלמנה, שוועסטער, וואָס רייסען איינע ביי דער אַנדערער אויס די חתנים, לעהרער, וואָס האָבען שוין מזל און ברכה ביי אַלע געגנז אין ווערן בשעת הדחק חולקים אויף בעלאַמי, זאָל בעשרייבען! דערביי ווערט מען נאָך אַ ביסעלע פרייער, עס איז כמעט אַ הפקר־וועלט, ווילסט דו — שטעקט אַ „פּאָליסמען" אַרונטער די האַנד, וואָ מען דאַרף נישט — לית דין ולית דין!

עס איז אָבער אַ טעות געוועזען! רעאַליזם איז פאַר אינזערע ברידער „איין עבודת הפרך"! און — נאָך אַלע טייכען שוויס, נאָכ׳ן גאַנצען מיה און מאַטער — איז נאָך פון רעאַליסטישען ליים קיין איינציגער רעכטער ציגעל צום העבראַישען „פתום ורעמסס" נישט אַרוים! פּראָבט — עס קלעבט זיך נישט!

עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז עס איז לייכטער אָנצושטעלען אַ געלעבערטען זאַק מיט הוילע מליצות, קלוג צו ווערען פון ליפּערטען אין פרישמאַנ׳ס איבערזעצונג, צו טרעפען למשל ווי פיעל פינגער עס האָט אין יעדער האַנד די פרישמאַן־ליפּערטישע חיה, וואָס האָט פיער הענד און — מיט צעהן פינגער מעהר פאַר אַ מענש;

אַז עס איז לייכטער אויס צו שלאָגען אַ טראָפּען אידעע פון אַלע זינגערס אַרטיקעל און ראָמאַנען, אויסצוזוכען אַ קאָרן אין די גאַנצע קערץ פון זיינע קריטישע פּלעוועס. אַז עס איז לייכטער אַוועק צו גנבה׳נען ביי פראַנצאָזען אַ „יזכור", אַוועק צו שלעפּען ביי ני־די־מאָפּאַסאַן די „לעצטע פראַנצעזישע לעקציע" אין עלזאַסלאָטאַרינגען אונטער דער פּרייסישער ממשלה אין איבער מאַכען פון איהר אַ „לעצטע העבראישע

„לעקציאָן" נאָכ'ן חורבן אונטערן ר ע מ י ש ע ן י אָ ך, אָדער —
אַז עס איז לייכטער אין אַ גאַנץ קורצע צייט צו פערניכטען,
אויב מען האָט, זיין אייגען שטיקל טאַלענט און בלייבען,
למשל, ביי היינעס פערזענ-מאַאַס, אָהן אַ רוח פון זיין פּאָעזיע
ב פ ר ט, און אָהן אַ אידעע ב כ ל ל... אַז עס איז לייכטער
אפילו אויפצושטעלען אַ בנין, אַ גאַנצען „סיסטעם" פון
בע"שט'ס חלומות אָדער צו דרייען אַ קריטישע בייטש פון בן-
אביגדור'ס זאַמדיגע ביכלעך — אַז דאָס אַלעס איז לייכטער
איידער אויפצושרייבען די קלענסטע רעאַליסטישע נאָוועלע!

---

און נישט נור בן-אביגדור איז איבער דעם שטיין, וואָס
ער האָט זיך אַליין אויפ'ן וועג געוואָרפען, געפאַלען...
כאַמיעלי איז אַריין אין בדחנות איבער די אויער'ן און
האָטש זיי זענען, ב"ה, גענוג לאַנג, וועט איהם שוין קיינער
נישט פון דעם זומפּ ניט אַרויס שלעפען... יעדעס וואָרט
שמעקט נאָך פורים-שפּיעל, החתונה-גראַמען, נאָך „אליקום
צונזער"... נישט בעסער איז טאַוויאָוו געראָטהען; דער
אייגענער טאַוויאָוו, וואָס האָט זוכה געוועזען צו הערען מיט
זיינע אייגענע אויער'ן פון אַזוינע, וואָס האָבען זיך געשטויסען
פון באַראָן הירש'ס רייד, אַז זיין גאַנצער צוועק איז נור צו
מאַכען גוים פון יודען, און אַז זונגער האָט דאַגעגען
פּראָטעסטירט, האָט ער (טאַוויאָוו מיין איך) אויף איהם געעפענט
אַ מויל, און שיער ניט איינגעשלונגען, דער אייגענער גבור
נעבאַך, איז אויך אַריין געפאַלען אין בטלנישען בדחנות, און
באַלד דערנאָך, אינ'ם „מים שלנו", אינ'ם עפּוש פון אונזער
היימיש געבאַקענער פסיהאָלאָגישער פהילאָזאָפיע, און דוקא
מיט'ן קאָפּ אַראָב... אפשר גלייבט איהר נישט? נאַט אייך:
אין זיין „השדכנות בתור שדכן" מאַכט איינער מטעמים פאַר'ן
„המליץ" — אַרטיקל מיט האַרץ און מיט פייער, און שרייבט
אונטער נישט ז י ך, נור, טאַוויאָוו צו ליעב, זיין דרייצעהנ-
יעהריגע טאָכטער! אין די אַרטיקלען פערליעבט זיך אַ יונגער

מאַן, האָט התונה מיט'ן שרייבער'ס טאָכטער, און דער היוצא לנו מזה זאָל זיין: אַז ווען מיידלעך זאָלען לערנען העברעאיש, וואָלטען בחירים בעסער געשריבען... נישט קיין בעסערן סוף האָט געהאַט זיין געגען־צד, זינגער! דער איינענער זינגער, וואָס איז שיער נישט אומגעקומען על קדוש השם, ווען נישט וואָס טראַכטמאַן האָט איהם קיים אַרויסגעשלעפט ביי די שפּיצפינגער פון די פיס פון טאַוויאָוו'ס טייל, האָט אויך געפּרובט זיין כח אין רעאַליזם!

ער האָט אָנגעשריבען אַ „קרבן היום"! אַ מעשה גאָר אַ קורצע, אויף צוויי־דריי פאַפּיער: ווערין אין פּראָסטע, און גאַנץ שיינע דרוק.

צוויי מחותנים קומען זיך צוזאַמען שמועסען מכח איין אָנגעשלאָגענעם שידוך. קריעת ים סוף האָט דער שדכן געהאַט, איידער ער האָט זיי, די סוחרים (וואָס האָבען קיים אַ דראַכמע צייט און ווילען גאַנצע פודען כבוד) צוזאַמען געשלעפּט, און צו'ם סוף, אַז דאָס נס איז איהם שוין, דעם אָרימען שדכן, געראָטהען, אַז מזרח ומערב זענען זיך ש'ין צוזאַמען געקומען לפונדק אחד, האָט זיך געמאַכט צווישען די מחותנים אַ וכוח מכח... נו, טרעפט מכח וואָס?

— מכח נדן?

ניין!

— מלבושים?

אויך נישט!

— קעסט?

איהר קריכט שוין גאָר אין אַ זייט! איהר וועט שוין נישט טרעפען, זעה איך, וואָס אַ רעאַליסט האָט אין זין! דער וכוח איז דוקא מכח אַרגענטינאַ און פּאַלעסטינאַ; איין מחותן האַלט מיט'ן באַראָן הירש, און דער צווייטער האַלט זיך אין דער סטאַדע, און באָרעט זיך פאַר בן־אביגדור'ן, טאַוויאָווען, יהלל'ן, יעבצ'ן, צעדערבוימען, גמזו'ן מיט'ן „הנדיב הידוע", ראָטשילדען צוזאַמען; ער וויל נישט שמעקען צו אַרגענטינאַ! האָלערניקעס, אַ פּנים, זענען זיי ביידע געוועזען: אַיואָרט צו'ן

אַ וואָרט, זיי האָבען זיך צו קריגט, צווידעלט גלייך מיט ווייסבּרעמ׳ס גבורים, אפשר זיך נאָך צו פּאַטשט... און — און טאָמער וועט איהר, על כל פנים, טרעפען וואָס דער סוף איז געוועזען?

— דער שידוך איז אָבגעגאַנגען?

נאָך ווייניג!

— עס האָט איינער דעם אַנדערן געמסר׳ט?

איהר פערקריכט ווייטער אין אַ זייט!

— אַ מעסער אַריין געשטאָכען?

אַח, איהר האָט גאָר קיין געפיהל נישט אין רעאַליזם!

— וואָס דען?

דער שדכן איז געשטאָרבען! פערשטייט איהר: ער איז זיך אַזוי אָנגעלאָפען, אָנגעיאָגט, אין הונגעריג איז ער געוועזען, אין זיינגער האָט נישט געוואוסט מיט וואָס צו ענדיגען, איז ער געבאַך, דער שדכן מיין איך, געשטאָרבען; ברוך דיין אמת, איבער געלאָזט אַ ווייב מיט קינדער...

און זעהט אַליין: דאַכט זיך גאָר פּשוט׳ע זאַכען: פּאַלעסטינאַ און אַרגענטינאַ, אַ וכוח דעריבער, מחותנים, אַ שדכן... סאַמע רעאַליזם, און די מעשה שמעקט פאָרט פון אַלטען שוויצבאָד...

אפשר ווילט איהר וויסען ווי אַזוי אונזערע פריש געבאַקענע רעאַליסטען מאָהלען נקבה׳שע שענהייטען? נאַט אייך:

אַ פרוי אַ יונגע, אַ פיער און־צוואַנציג יעהריגע, אַ הויך געוואַקסענע און אַ דאַר־לייביגע; איהר פנים איז ווייס און אויפ׳ן ווייסקייט פון די בלאַסע באַקען בעווייזען זיך דאָ און דאָרט (פה ושם!) זון־פלעקען (זומער־שפּרענקאַלעך); איהר ברייטע נאָז בעשיינט און בע׳חנ׳ט איהר פנים און איהרע (דער נאָז׳ס) ביידע נאָזלעכער זענען ווי גליסטיגער (נחמד) רוּיזען־בּעכער. איהרע (דער מויד׳ס) אויגען זענען שוואַרץ און פלאַמענדיג און דורך זיי קוקט אַרויס אַ וויעדערדיגע (רותחת) נשמה אין אַ האַרץ פול מיט לעבען... איהר מויל איז קליין און די ליפען איהרע זענען פולע און ברייטע און רויטע ווי בלוט... איהר

ווייסער און מאַגערער האַלז איז אָפען (מגולה), זי טראָגט
אַ שלאָפ־קלייד (שלמת שנה)...

אָט האָט איהר, און זייט מודה, אַז „רעאַליזם" איז פאַר
אונז מחברים אַ קלאָץ דעם האַלז צו ברעכען!

---

און עס איז אַ רחמנות אויף אונזערע מחברים, אויף
אונזערע אָרימע נאָוועליסטען!

אונזערע אַריסטאָקראַטען, די רעדאַקטאָרען מיין איך,
עקספּלאָאַטירען זיי ערגער ווי דער ערגסטער פּערצייטישער
פּריץ — דעם פּויער, ערגער ווי פּרעה! פאַר אונז איז די
ליטעראַטור נישט קיין קוה און נישט קיין ציג, זי גיט קיין
איינציגען טראָפּען מילך, פייכט צו מאַכען די פּאָעטיש פערברענטע
ליפּען. זי איז קיין „קרדום להפור בו", מען זאָל פון איהר חאָטש
האָבען וואַסער אויף קאַשע, און אויסער צוויי דריי „מולים",
וואָס האָבען, אָדער עס דאַכט זיך אַז זיי האָבען, פּרנסה בכבוד,
קען אפילו דער בעריהמטער מנחם הספר זיין ווייב די שיך נישט
פערריכטען! נאָך וואָס אַרבייט מען? איוף וואָס האָרעוועט מען?
וואָלטען חאָטש אונזערע שרייבער געהאַט אַ אידעע, און וועלכער
זיי וואָלטען זיך פערליעבט, פאַר וועלכער זיי וואָלטען דאָס
לעבען געשטרעקט, ביז'ן לעצטען טראָפּען בלוט זיך געראַנגעלט;
אַ אידעאַל, וואָס וואָלט זיי געגעבען כח, דערפרישט דאָס פיילע
בלוט, די אַלטע ביינער... דאָס האָבען זיי לײדער נישט!
וואָרען — מיינט נישט, אַז „נאַציאָנאַליזם" מיט „פּאַלעסטינאַ" זענען
מעהר ווי „טעמאַטען" צום שרייבען; מיינט נישט, אַז עס איז
אַזוי ערנסט דערמיט... זיי שפּיעלען די אייגענע ראָלע וואָס
אַ „שרפה'לע", אַ „מחלוקת", אָדער איין אַנדערער ווינד, וואָס
מאַכט זיך אין אונזער קליין גלעזעל וואַסער...

עבודת הפרך מיט'ן תנ"ך אין צעהן ויערטעל־ביכער אין
דער האַנד, אַרבייט מען טאַקי נור פאַר'ן פּיצעלע כבוד? און
פאַר דעם איינציגען טראָפּען אַמבראָזיאַ, פאַר'ן „החכם הסופר"
ביים לעבען, און אַ שוואַרץ רעמ'ל אין „הצפירה" אָדער

„המליץ" איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, האָט מען נאָך
די העזה צו פערלאַנגען — אַ חוץ צייט, טינט, פעדער און
פּאַפּיער נאָך — רעאַליזם!

---

אַגיאָל איז חאָטש געוועזען אַ רחמנות'דיגע קריטיק! די
אַלטע גבאי'טע (וואָס מען האָט געקענט קונה זיין נישט נור
בשלשה, נור בכמה וכמה דרכים) — האָט חאָטשע באמת
צוגעטהיילט כבוד אויפ'ן אַרשין! און פאַר וואָס נישט? רחמנות
איז אַ יודישע מדה, „כל ישראל ערבים זה בזה", איז אַ יודישער
כלל, וואָרען באמת — „זונות מפרכסות זו את זו, ת"ח לא כל
שכן!" און די אַלטיטשקע קוקט אַרויס פון ביהמ"ד, זי ווייסט
עס און פאַר יעדען מחבר, פאַר יעדען ספר, האָט זי
געוואוסט צו געפינען אַ וואַרים וואָרט, אַ לעבליכע מליצה! —
די פרומע אַלטע גבאי'טע האָט מעהר נישט געוואוסט
נור איין שפרוך פאַר אַלע: „פרו ורבו"; איין ברכה פאַר אַלע:
ומלאו את הארץ! זאָל זיין וואַנצען, אַבי לעבעדיג צו מאַכען די
אַלטע מאַמע... זאָל זיין עפּוש, אַבי איהר אַריין צובלאָזען
אין דער נאָז.

היינט, ליידער, ווערט דאָס אויך צו שאַנדען! אפילו
קריטיקוס דערמאַנט זיך, אַז „יזכור" איז קאַרל עמיל פראַנצאָז'ס,
הנ"ץ אין הצפירה — דאַרף נייטיג דערציילען, אַז ער האָט
ערגיץ אַמאָל אין אַ דייטשען ספר געלעזען איין עהנליכעס צו
„שבול ואַלמון", גראָסגליק ווערט גאָט'ס קאָזאַק און מוז אויסווייזען
אַז „גלית הפלשתי" איז אַ פראָסטע פּאַשקוויל, און אפילו דער
איינענער זינגער, וואָס מיר האָבען איהם אַזוי הויך געלויבט,
איז אויך ערשט נישט לאַנג אַרויס אין „הצפירה" מיט אַ „דבר
כל חזון", וואו ער וויינט ברמעות שליש אויפ'ן חורבן: וואָס
די מילי"ם זענען ווייניג געבילדעט, די מחברים — כמעט גאָר
נישט, און די מעצענאַטען, וואָס שטיצען די ליטעראַטור —
פראָסטע בורים, . . און — איין „איש-יהודה-קריאות" (וואָס
אַ נאָמען דאָס האָט!) ווייזט אויס אין „המליץ", אַז דער אייגענער

זינגער האָט איבערגעדרוקט טאַוויאָווס אַ פעליעטאָן...

נו, איז מען היינט זיכער מיט'ן לעבען? עקט זיך נישט דער אַלטער גבאי'טעם וועלט?

---

נור די מחברים יאָק די מחברים, זיי ווילען זיך פאָרט איין עצה געבען אין נישט פערלוירען ווערען אין דער רעאַליסטישער צייט... אמת אומגליקליך איז געבעך געוואָרען אַ מצב!

---

איהר מיסט וויסען אַז איינער פון „אינזערע“ מחברים האָט געהאַט ביי זיך אַ שרף, אַ ברענענדיגען מלאך, וואָס פלעגט אויפ'ן צו אַרבייטען ווי איין אייזעל; ער האָט איהם געמוזט דיקטירען אַרטיקלען, שירים, מליצות, קריטיקען און וואָס איהר ווילט נור אַליין... אַזוי האָט זיך געפיהרט אַ צייט, ביז מען האָט דעם קרוג אָבגעהאַקט די איערען! ביז גאָט האָט געוואָלט, עס האָט געשעהען אַ בעזעם, די רעאַליסטישע באַמבע איז אריין אין אונזערע ד' אַמות, און — אונזער מחבר האָט אַרויס געטריבען דעם שרף אין מיט'ן ווינטער, אין אַ הינטיש וועטער, אַזוי ווי אַ בעל-עגלה טרייבט אַרויס איין אָבגעניצט אַלט פערד אָהן הויט, פלייש און ביינער!

דער שרף, נעבאַך, איז געגאַנגען פון טיהר צו טיהר, ביי אַלע מחברים זיך געבעטען, ביי די פיס געלעגען... „ואין מאסף אותו הביתה“, עס לאָזט איהן קיינער נישט איבער דער שוועל! אויס „מלאָכים!“, „רעאַליזם!“ שרייט מען! מען ראָטה איהם, ער זאָל פליהען צוריק אין הימעל אריין.

פליה! אַז ער איז פערשטאַרט פאַר קעלט; פליה! אַז די נאַסען-יונגען האָבען איהם דערוויל אויסגעריסען די פעדערן פון די אַמאָליגע ווייסע פליגעל! אין דער ווייכסעל אריין האָט ער זיך געוואָלט וואַרפען; אַזוי פערצווייפעלט איז ער געוועזען!

און ער וואָלט עס געטהון, נור ער האָט צוויי מערכות

געהאַט: ערשטענס איז היינט די וויכטיגסטע פערשטאַרט און געפרווירען ווי דעם פראָפעסאָר יוסף הלוי'ס פּאָעזיע, און צווייטענס האָב איך איהם געטראָפען! איך האָב'ן מיט געגימען פאַר רחמנות אין „טאַניאַק" *) אריין, געגעבען איהם אַביסעל הייסע זופּע מיט אַ לעבעל ברויט און פאַר דאָס געזעצט זיך אַביסל אויפ'ן רייטענדיג און געפלויגען איבער ווארשויער דעכער פון אמת'ן „כלי־קודש"...

———

עס איז געוועזען ביי נאַכט (ביי טאָג וואָלט איך מיך געשעמט צו רייטען אויף אַזאַ אָבגעריסענע משונה'נע בריאָה) און פון „כלי־קדש" שלאָגט אַזאַ „ימש־חשך", אַזאַ פינסטערקייט, אַז איך האָב גאָר נישט געזעהען! נור פאַר דאָס — האָבען זיך מיינע אויערען געפאַשעט! איך האָב אַ סך געהערט...

דער שרף איז געוואהנט געוואָרען צו פאָהרען מיט דער באַהן, צו קריכען אויף טרעפּ און האָט כמעט דאָס גאַנצע פליהען פערגעסען... דערצו איז ער נאָך מיעד און שוואַך! דעריבער שטעלט ער זיך אָב ביי יעדען קוימען, סאַפּעט און פראַאַכט און איך הער דערווייל אַ גוט וואָרט.

און איך בין צופרידען דערמיט! ווען עס איז אַ פרישער געזונטער מלאך, וואָלט ער מיט מיר אַרויף געשאָסען גלייך צום הימעל, איבער די זמאַרעס, איבער'ן רעגענבויגען, מיר וואָלטען געיאָגט אויף די מילך־שטראַסען, צווישען לבנה און שטערן.

איך בין מודה ומתודה, אַז איך אַליין, אַז איך אַלטער בבל פון דער אַלטער מאָדע, וואָס בין אַ פערפאַלענער ראָמאַנטיקער בטבע, וואָלט דערפון הנאָה געהאַט, אפילו נחת געשעפּט! נור וואָס וואָלט איך געהאַט פאַר אַ רעאַליסטישען נוצען דערפון? איך וועל פאַבריציערען ראָמאַנטיק און אידעאַליזם בשינת ווען בן־אביגדור שרייט: „רעאַליזם", זינגער רופט „חכמה"

———

*) ט ביליגע קיך.

און גאַנץ „קהל־הקודש״ וויל — — שטרוי און קלייען? ! קיין איינציגער מוכר ספרים וואָלט היינט אַזוינס אין דער האַנד אַריין נישט גענומען, אפילו נישט אייף קאָמים מיט דריי פייען!

מיט דעם שרף אָבער קלויב איך רעאַליסטישע שוואַרצע פערל, אין דעם רייכען ריעם פון אַלע קוימען, פון זיי וועל איך בינדען אַ שניר אויפ'ן האַלז פאַר „אונזערע אָרימע ברידער״ פאַר'ן „יודישען פאָלק״ פאַר „כנסת ישראל״! עס וועט זיין אַ רעאַליסטישער ראָמאַן אין גראַמען, אָדער אָהן גראַמען, נור טאַקי אויף וועלין פאַפיר, דער רעאַליזם זאָל נאָך גרעבער זיין, דערצו בעל־בתיש געבינדען אין לעדער און דוקא מיט'ן גאָלדענעם שניט! זאָל דער עולם לעקען די פינגער!

נור דאָס אַלעס וועט זיין שפּעטער; חאַפּט נישט די פיש פאַר דער נעץ! אַצונד וועל איך אייך נור שאַרפען דעם אַפּעטיט מיט אַיין אחד מששים פון דעם גן עדן!..

פון די קוימען וועל איך אייך דערוויל פערציילען אַ בשורה טובה, וואָס וועט אייך דערפרישען דעם מאַרך אין די ביינער! עס וועט אייך הנאה טהון גלייך ווי מיר!

איך בין מודה ומתודה, אַז ביז אַהער האָב איך געמיינט, אַז די ליטעראַטור האָט גאָר קיין פעולה ניט אויף אונזערע לייט; אַז דער „קורא נכבד״ זאָגט „טי מאָוו, אַ יאַ זדראָוו!״, אַז מיר שפּיעלען זיך נור און וואַרפען אַרבים אין וואַנד. עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען פון די קוימען אַז עס איז נישט אַזוי... אינ'ם „הפרדס״ האָט אחד העם געשריבען „שטיקלעך״, און אין איינעם פון די שטיקלעך האָט ער „אויסגעוויזען״, אַז אמונה איז כהויה אַ פּאַס; נאָך מעהר, אַז דער אַלטער כלל פון „אַל תסתכל בקנקן אלא במה שיש בו״ *) איז דאָ, ביי דעם פּאַס, נישט נוהג... דאָס פּאַס איז הייליג אפילו ווען דער וויין איז אויסגעוועפּט, אַפילו ווען אַ שענקער־אַשווינדלער האָט עס אָנגעגאָסען מיט וואַסער, אָדער מיט נאָך עפּעס ערגערס...

---

*) קוק נישט אויפ'ן קרוג, נור אויף דעם, וואָס עס שטעקט אין איהם.

ווייל דער עיקר — זאָגט אחד העם — איז נישט די משקה, נור דאָס פאַס!

איך בין אייך נישט מחויב איבער צו ערצעהלען זיינע ראיות; ערשטענס איז גענוג אַז „אחד העם" זאָגט, צווייטענס איז אויף אַזוינע בעוויזען נור לשון הקדש מיט איהרע אמת פהילאָזאָפיש־גליטשיגע אויסדריקע אַ לשון; בשעת ווען זשאַרגאָן מיט זיינע ווערטער, וואָס האָבען נור צו איינציגע טייטשען און דוקא — פעסטע, זיכערע, איז פאַר אַזויגע קונציגע צונגען־טענץ אַ לא יצלח; און דריטענס — ניט אין דעם בין איך דאָ אויסען! מיך און אייך דאַרף נור פרייען, אַז אַזוי ווי בן אביגדור איז אַ פוסק אין רעאַליזם, אַזוי איז „אחד העם" אַ פוסק אין פיליספיא, און זייט ער האָט געשריבען וועגען פאַס איז דער גאַנצער עולם פרום געוואָרען...

אַלע פרום! אויסגעשטאָרבען אַלע אַלטע אַפיקורסים, אַלע אונזערע היימישע ביכנערס, דאַרווינס, ספּענצערס... קיין לעקֿ און קיין זכר! און אַלע קוימען רעדט מען נור פון גאָט ב"ה; אין קיין איינציגען קוימען האָב איך קיין איינציג וואָרט אָהן זיין ליעבען נאָמען נישט געהערט.

איך האָב מיך געשמאָלצען אין פוטער; עס האָט זיך מיר געדאַכט. אַז איך לעז נאָך אַמאָל דער בת מלכה'ס אַ ראָמאַן!

אין איין קוימען, למשל, הער איך:

— געלויבט איז גאָט. שיין געלד פערדיענט אין ארץ ישראל־אתרוגים!

אין צווייטען — הער איך פערקעהרט, נור אַלס מיט'ן רבונו של עולם!

— עס איז מיר, ב"ה, געראָטהען — איך האָב אָבגעריסען די פטום'ס, אַריין געפּאַקט די קאָרפיערער אין ארץ־ישראל קאַסטען, און — געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, אַ גאַנץ שיינעם יו"ט געמאַכט...

אין דריטען קוימען קלינגט:

— געלויבט איז גאָט, הו־ר־רא, רבונו של עולם! אויס

באָגדאַנאָוו! אונזערע פּאַפּיראָסען! וויוואַט שלעטיעל-עט-קאָמפּאַניע, וויוואַט!

אין פּירטען:

— פון יעבצ'ן, געלויבט איז דער, וואָס איך בין ניט ווערט זיין ליעבען נאָמען צו דערמאַנען, קען מען אויך שען פּרנסה האָבען... עס איז אַ גאַנגבאַרע סחורה ווי שיר־המעלות'ן, תקונים'לעך, סליחות, להבדיל... תחינות...

— לעקציעס — הער איך אין פינפטען — איז ב"ה דאָ. בפרט זייט איך האָב אויפגעהערט צו רייכערן אין שבת בפרהסיא... פון „כל ישראל חברים" לעקט מען אויך אָב אַ ביין, גאָט ב"ה, זאָל נאָך צוריק געבען די סעקרעטאַרסטווע ביי חובבי ציון אָדער, אויב ניט, עכ"פ אַ שטעלע ביי'ם באַראָן הירש, וואָלט איך ערשט געלויבט און געדאַנקט זיין ליעבען נאָמען! איך וואָלט אפילו פאַר זעכס שעה קיין מיליכיגס אין מויל אַריין נישט גענומען!

דער שרף גיט אַ ציטער, אַ פּנים פאַר קעלט, און מיר פליהען צו'ן איין אַנדערן קוימען:

„איך האָב געמיינט (הער איך) אַז עס איז מיין עק, דער הונגער דרייט אין די געדערם, קיין משכון צו פערזעצען איז נישט דאָ, קיין בטוח בין איך נישט... וואָס טהוט גאָט? גנבה'ע איך אַוועק אַ זילבערנען לעפעל..."

דער שרף גיט ווייטער אַ ציטער, נור שוין פאַר שרעק, אַזאַ ליאַרם, אַזאַ געפּילדער האָט זיך ראַפּטום געמאַכט אין די גאַסען, און מיר זענען אַראָב געפאַלען פאַר גרויס פחד.

נאָך אינ'ם אַראָב פאַלען האָב איך שוין געהערט אין וואָס עס געהט: די רבנים אין ירושלים האָבען געמסר'ט בן יהודה'ן!

---

און דאָס אַראָב פאַלען האָט מיר הערצליך באַנג געטהון! נאָך וואָס, נאָך ווען? וואָס פאַר אַ נייעס איז דאָ געשעהן? איז דען נישט מסר'ן אַ יורישע זאַך? אַברהם אָבינו'ס אייניקלעך זענען רחמנים בני רחמנים, מיט אייגענע הענד וועלען זיי קיין

עוף קיין קעפעל נישט אָב־דרייהען, דערצו דאַרף מען אַ ספּעציאַלנע שוחט, אָבער — פאַר וואָס זאָל „ער" נישט קומען אויף אַנדערע הענד?

אמת, דער דין איז נישט אַזוי, מסר'ן, הייסט עס, טאָר מען נישט, נור ע"פ דין איז פּראָצענט אויך נישט זעהר קיין כשר'ע זאַך און פון דעסטוועגען לעבען יודען און לאַבען, מאַכען קינדער חתונה פון ליחווע, זייערע ווייבער טראָגען דערוויל די משכנות און עס ווערט נישט קיין לאָך אין הימעל! און ווי אַזוי דען זאָל מען פּטור ווערען אַ מיאוסען קאָנקורענט, אויסאַרבייטען זיך אַ שלישי, פּטור ווערען פון אַ חוב, פערמאַכען איינעם דאָס מויל, ער זאָל נישט אויסזאָגען פון חדר, אָדער מבער זיין איין אַפּיקורס, וואָס ברענגט אַלע מגפות אין אַריין־יודיש שטעדטעל אַריין? ווי אַזוי דען וועט מען פיהרען אַ מחלוקת איבער רבנים און שוחטים? אַ לאָך אין קאָפּ פון אַ שלחן־לייכטער היילט זיך אויס! אפשר בעשטעלען ביי קרופּען צו ערגיץ אַנדערש ספּעציאַלנע יודישע האַרמאַטען? נו, וואָס דען טהוט מען? אַדרבא, גיט אַ בעסער כלי־זיין! דער מענש האָט פאָרט נישט קיין קאַלט בלוט פון אַ פיש, און אפילו פיש שלינגען אויך איינס דאָס אַנדערע איין!.. און די אַלע וויטער, וואָס עס שטעלען זיך זיי האָהר און נעגעל קאַפּויר, וואָס געמסרט האָבען דוקא רבנים און דוקא אין ירושלים, די אַלע גערענקען, אַ פּנים, נור אין דעם, וואָס ירושלים איז געוועזען און קענען נור אונזערע היינטיגע, היגע רבנים אין די שטעדט, וואו אַ דין תורה פּסק'ענט דער מיראָוואָי, שטאָדט־זאַכען געהער צו די „פּני" אָדער „טובי", וואו דער רב האָט נור צו טהון מיט שאלות נשים און היהנער פּיפּקעס, אין וועלכען עס קאָנקורירט נאָך מיט איהם יעדער גמרא־מלמד; וואו דער רב לעבט דער עיקר פון מתנות לאביונים, יום טוב־פּורים־חנוכה־חתונה־ און ברית־מילה־געלד; וואו דער עיקר איז דער טרפה'נער גראָשען פון שבת־שענק, הייבען און ליכט און דער כשר'ער עטאַט איז נור אַ צו־שפּרונג צו דער פּרנסה.

אמת איז, אַז אַמאָל אין ירושלים זענען קיין מוסרים

נישט געווען; מען האָט נישט געהאַט פאַר וועמען צו מכר'ן און — מען האָט נישט געדאַרפט, ווייל מיט מלקות און אַרבע מיתות בית דין וואָלט דער גרעסטער טאַרקיוואָמאַדאָ יוצא געווען! נור פאַר דאָס פריהער נאָך, אין מצרים, האָט מען דעם ערשטען מ״ה רבינו'ן געמסר'ט! שפעטער ווייטער, אין ירושלים שוין, אונטער דער ממשלה פון די רעמער, און דער צייט פון די דייני גזרות, ווען אַדמין איז אַ תנא געוואָרען, איז געשעהען די גרויסע הייליגע מסירה פאַר פילאַטוס'ען!

דעמאָלט טאַקי האָט מען פערפלאַנצט דאָס הייליגע מסירה'לע, דאָס ביימעלע, פון וועלכען מיר האָבען אַ גאַנציי מיטעל-אַלטער די גיטע פירות געגעסען... פילאַטוס האָט זיך גיך און באַלד אָבגעוואַשען מיט איין מאָל און מיט ריין וואַסער די הענד און איז געבליעבען אַ נקי־כפים עד היום הזה, און אונז האָט דאָס שיינאַרציג מיטעל-אַלטער מיט אונזער אייגען בלוט הינדערטער מיט יאָהרען געוואַשען און — איין נאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ פנים מיר האָבען נאָך היינט!

און ווער האָט דעמאָלט געמסר'ט? אונזערע רבנים'ס עלטער-זיידעס; די פרושים, די פערצייטישע רבנים, וואָס זענען שטענדיג לאָיאַל, גוט און פרום געווען; וואָס האָבען פערשאָלטען די בריונים, אַרויס נעגנב'ט זיך אַלס טויטע דורך די טויערען צו די רעמער און, אַז זיי האָבען נושא חן געווען, נישט מעהר געבעטען, נור מען זאָל זיי איבער לאָזען דאָס רבנות, די ישיבות, די שטרייטלעך מיט די גזרות!

נאַטירליך — אַ היינטיגער רב, אַ כבד פה, אַ בטלן, וואָס קען נישט קיין צורת מטבע, ווייל דאָס ווייב טהיילט איהם צו יעדען פרייטאָג אַ דרייער אויף טאַבאַק; דער תלמיד חכם שאין בו דעה, דער וואָס ציטערט פאַר שמש, קצב און בעדער און ליעגט אינטער'ן ערגסטען שניידערס ציריסיניג פאָדעשווע, איז נישט געפעהרליך... מיט שופרות און חרמ'ת שרעקט מען היינט קליינע קינדער, און מען טרעפט דערמיט, גלייך ווי מיט אַ כשר'ע מציאָה, אין קרימינאַל אַריין... ניר מיינט נישט אַז אונזער רב איז ב ט ב ע אַזוי! אַז פון די

אמאָליגע פרושים מיט נעגעל און באַקציין זענען לעמער געוואָרען, אַז אין אונזער ווייגאָרטען אויפ'ן גרונד פון „אתה בחרתנו“, געמיסטיגט מיט נאַציאָנאַליזם, וואַכסען נישט קיין טאָרקוואָמאַדאָס! דאָס איז נור "Среда заѣдаетъ„ און — גלייך מיט פאַפירנאָ'ס האָן אין „משלי הזמן“ טענה'ט דאָס שטילסטע רב'ל, אונטער פיער אויגען מיט'ן רבונו של עולם, און פרעגט:

פאַר וואָס האָסט אונז נישט געגעבען
דיינע דונערן און בליצען?
אָה, וואָס העלפען שוואַכע דרשות
אָהן די נעגעליך מיט שפיצען?

גיב צוריק אונז דאָס גיהנם
דאָרטען אויבען, דאָ אויף דר'ערד!
גיב אונז מלקות, ארבע מיתות,
העק און שטריק, שפיז און שווערד!

האָטש אַ קליינע גיליאָטינע!
גיב אונז כח, נעגעל, הערנער!
וועל — מיר רייניגען דיין גאָרטען,
וועל מיר רייסען אויס די דערנער!

אָט, דאָ איז דער הונד בעגראָבען!

קיין איינציגע פיאַווקע וועט קיין איינציגען טראָפען בלוט נישט אויסזייגען, כל זמן זי ליגט אין באַנקע... זי קלעבט זיך צו מיט'ן חנ'עוודיגען וויידעלע צו'ם גלאַטען גלאָז, און שאָקעלט זיך אַזוי אומשולדיג ריין, אַזוי גוט און פרום, אַז עס האָפט אָן ביי'ם האַרץ! קיין צורת מטבע, קיין צוויי נישט ציילען! נור פריוו בינד אויף דאָס שטריקעל, נעם זי אַרויס פון תפיסה און שטעל זי דיר אויפ'ן לייב!

פריוווט גיט אונזערע רבנים די ממשלה אין די הענד אַריין, וועט איהר שוין זעהען, ווי אַזוי די פּאַסטויכעס פאַשען די שאָף! און אפילו היינט, אין היינטיגען דור, דאָ ביי אינז, יי״ר רב האָט נור אַ פּראַווע אויף קדושין, מילה און

אַ שטריימעל, האָט זיך דאָך געפונען אַ רב׳ל, וואָס האָט אָבגעמסר׳ט זיין איינגען קהל מיט כלל ישראל צוזאַמען: אַז אָהן רב, קיטעל אין טלית שווערען אַלע יודעלאַך פאַלש, וואָרען... וואָרען אַז דער רב קומט צו דער שבועה חאַפּט ער אַ רובל פאַר׳ן וועג!

נעהמט דאָס אייגענע רב׳ל אין שיקט עס איבער קיין ירושלים, גיט איהם אַ ממשלה איבער קהל דורך דער חלוקה, גיט איהם אַ שטיקל דעה ביי׳ם טערק, וועט ער לייגען ראָטשילדען אין חרם אַריין פאַר שקאָלעס, פערשיקען אפילו יעבצ׳ן אויף טירקיש־סיביר און מעשים טהון ווי די יודישע יאַאַנאָ ד׳אַרק — די בריסקער רביצ׳ן! ער וועט אפילו שותפות מאַכען מיט׳ן טערק אין „עבודת הבורא"; דער טערק וועט שלאָגען מיט׳ן באַמבים אין דער פאָדעשוועע אַריין פון הינטען אַרויף, דאָס רב׳ל וועט קלאַפּען במקל ורצועה, מיט׳ן שופר און שוהל־קלאַפער, אין קאָפּ אַריין, פון אויבען אַראָב און אַזויערנאָך וועט זיך אָם בעסטען דערהאַלטען דאָס „פינטעלע יוד" אינ׳ם יודישען הארץ אין דער מיט!

---

און וואָס שרייט איהר? איהר האָט אייך אויף ירושלים נישט געריכט?

וואָס קענט איהר בעסער האָפען פון אַ שטאָדט, וואָס איז פון אייביגע דורות שוין אַ שפּוק־ און מיסט־קאַסטען, איין איזאָלאַציאָנס־שפּיטאָל פאַר אַלע יודישע קהלות אין דער גאַנצער וועלט געוואָרען? וואו נור אַ בטלן, איין אינטריגאַנט, אַ מאיסקייט, אַ בלינד געוואָרענער שוחט אַ אָבגעשלאָגענער פּראָצענטניק, וואו נור אַ שנאָרער, אַ נגע, אַ צרעת, אַ קילאַק — אַ רביצ׳ן, אַ משוגענער רב, אַלס וואָס „אין לו תקנה אלא קבורה"... דאָס אַלעס האָט מען אויסגעשפּיגען, אויסגעקעהרט און אַוועק געטריבען קיין ירושלים...

דאָ ביי אונז זיינען מהיול אפילו נור פּראָסטע שוטים געוועזען, נור אין ארץ ישראל מדבים, ווערען זיי

מ ו ס ר י ם . . . אַז „אַוירא דארץ ישראל מחכים״ איז נישט קיין הוילע וואַנד, נישט קיין אויסגעבלאָזען איי, האָט איהר דעם בעסטען סימן אין יעבצ׳ן, דעם יודישען טרייטשקע אָדער אילאָווייסקי . . . דאָ, האָט מען פערשיעדען גערעדט איבער זיינע פעהיגקייטען, היינט איז שוין קיינער נישט מסופק, אַז דאָרט איז ער ערשט עכט קלוג געוואָרען . . . ער וועט שוין היינט קיין איינציג פיצעלע בלאָטע פון קלענסטען נעגעלע פון דער כנסת ישראל׳ם מינדסט פינגעריל נישט לאָזען אראָב פאַלען, און — אויב דיא ירושלים־רבנים וועלען איהם אויס ל ו י ט ע ר קאָנקורענץ נ י ש ט לייגען אין חרם אַריין אָדער פערשיקען וואו דער טערקישער פעפער וואַכסט, וועט ער אַרויס וואַכסען אַ גאַנץ גרויסע קלוגע שפין, וואָס זיצט אַקוראַט אין ירושלים אין האַרץ פון ארץ ישראל, וואָס איז טאַקי די מיט (על כל פנים) פון דער יודישער וועלט, און האַפּען פליגען מהודו ועד כוש — פון איישישאָק ביז האָציפּלאָץ . . . און אַז יעבץ איז קלוג געוואָרען וואָס דאַרף נאָך ווערען פון אמת׳ע גמרא־קעפלעך?

---

אומגעריכט פון ריינעם הימעל איז נור דער דונער אין די חובבי ציון אַריין! אַח, וויפיעל דאָס האָט געקאָסט, איידער דער רבנישער הימעל האָט זיך פאַר זיי אויסגעלייטערט און איז ריין און אויסגעשטערנט געוואָרען! צו דעם צוועק האָבען די „בני משה״ אָנגענומען אַ גרויסען יעזואיטישען שלחן־ערוך מיט׳ן הויפּט־פּאַראַגראַף: פרום צו זיין, כדי צו געפעלען דעם המון עם! סלוצקי, נעביך, האָט זיך געוואַשען אין דער בלאָטע פון רבנישע פּים! עולי־רגל׳ניקעס האָבען אונטערגעשריבען די „עהרליכע חשבונות״ פון דער „חלוקה״ אין ירושלים; מיט גרויס מ״ה און אויף אייגענע הוצאות, האָט מען אַרויף געשלעפּט אויפ׳ן אייפעל־טהורם אַ קליין פערגעסען רב׳ל און געמאַכט דערפון אַ רב־הכולל, אַ „גראַן־ראַבען״ מיט משה רבינו׳ס פנים! אינ׳ם ווערטאָנטישען „המליץ״ האָט מען שוין אפילו אָנגעהויבען צו שטיסען מכה איבער געבען אַלע חדרים, די גאַנצע ערציהונג

פון נייעם דור און אַלע קהל'שע עסקים און רבנישע הענד אַריין, (חאָטש מיט'ן יעבין און רעקענדאָרף קען מען יוצא זיין לכל הדעות)! מיט איין וואָרט — מען האָט אַלעס געטהון, די רבנים זאָלען זאָגען: „באָם!" כדי די חובבי־ציון זאָלען האָבען „בים־באָם"! און די שעפּסען זאָלען זיך שערען אום געבלעקט... צו'ם סוף, נאַ!

די אַלטע יעזואיטען האָבען אַריין גענאַרט די נייע אין זאַק אַריין; בן יהודה זיצט תפוס, די פאַבריק פון לשון־קדש ווערטער איז פערמאַכט, און נעה פרעג שאלות ביי גאָט!

---

נור מיינט נישט, חס ושלום, אַז איך וויל דאָ אוכות דאָגען, אָדער נאָך אפשר גאָר מלחמה האַלטען, מיט די חובבי ציון; ערשטענס: מה אנו ומה חיינו? ווי קומט אַלץ צו שטעלען זיך מיט אַזוינע לייט, וואָס הערען דעם סולטאַן ווי די קאַץ, וואַרטען נישט אויף משיח'ן, בויען אַליין די פּאַפּיערענע בריק און זאָגען דער כנסת ישראל: בטל'ן, געה פּאַטש! און אַייל דיך, וואָרען — קיום ווערט דו אַ ישוב האָבען, ווערסט דו שוין קיינמאָל נישט פּאַטשען *)! צוויטענס בין איך אַליין אַ „חובב ציון", האָטש אויף איין אַנדערן אופן, דריטענס איז אין דער חברה, אויסער די „בני" — נאָך דאָ די „בנות" ציון, אין זיי וואָלט, נישט נור אַ בייזער־לץ, נור אפילו דער גרעסטער אַנטיסעמיט געגלעט... פירטענס — און דאָס איז דער עקר — עס איז נישט פאַר מיין קאָפּ, נישט פאַר מיין כח!

איהר האָט אודאי געהערט, אַז פערצייטענס, אין דער ראָמאַנטישער אַלטער צייט, פלעגען זיין — אייסער די גוטע זאַכען, וואָס מיר האָבען אויסגערעכענט אין אָנהייב פעליעטאָן — נאָך פערשידענע חיות ובהמות, וואָס פלעגען חרוב ונחרב מאַכען דערפער און שטעדט... פון צווייטען, פון מענשליכען צד, פלעגען ווייטער זיין אַמאַטאָרען — העלדען, אַזוינע אבת'ע

*) וואָרט־ביי־וואָרט פון „בורח" אַרויס.

גבורים, וואָס פלעגען זיך מקריב זיין לטובת הכלל, חאָטש עס איז נאָך דעמאָלט קיין ציימונג נישט געווען און עס האָט קיינער נישט נאָטירט קיין איינציגען זיפץ פאַר די אָ ר י מ ע ב ר י ד ע ר...

אַזאַ גבור פלעגט אַרוים געהן בחרבו ובקשתו, איינער אַליין, אָהן חברות, אָהן סובווענציע, אָהן איין אויסגעבעטעלטען גראָשען; ביי קיינעם זיך נישט אָנגעפרעגט, ביי קיינעם אויף הוצאות נישט גענומען און בעגעגענען זיך מיט דער חיה רעה! אַ סך גבורים זענען געפאַלען, טהייל איז דאָך געראָטהען צו בעפרייען דאָס שוואַכע דאָרף אָדער דאָס שרעקיגע שטעדטעל פון'ם כישוף!

שלעכט איז אָבער געווען דעם גבור, אַז ער האָט געהאַט צו טהון מיט אַ „דראַקאָן".

דראַקאָן, איז אַ פערבישיפּטער פיפערנאָטער, אָדער אַזאַ גיפטיגע שלאַנג, מיט — אָדער אָהן פליגעל, נור מיט עטליכע טוץ קעפּ... יעדער קאָפּ האָט אַ בעזונדערן פיסק, בעזונדערן גיפט און אַ בעזונדערע מעלה — אַז, אָבגעהאַקט, וואַכסט ער תיך כדי דבור צוריק! בייקומען אַזאַ דראַקאָן, האָט מען אַנדערש נישט געקענט, נור סיידען, אַז מען האָט איהם אַ ל ע קעפּ מיט א י י נ מ אָ ל אָבגעהאַקט!

אַזאַ מין דראַקאָן זענען די חובבי ציון, און נישט, חס ושלום, ווייל זיי זענען חובבי ציון, נור ווייל זיי זענען אַ ה ב ר ה! אַלס חברה האָבען זיי טויזענדער קעפּ, די קעפּ זענען נאָך צו שפּרייט און צו זייעט אויף אַרבע פנות העולם... און געה זוך פאַר זייערט ווענען אַ שנייד-מעסער?

איוב איהר מיינט, אַז די מעשה מיט'ן דראַקאָן איז אַ „משל כחרס הנשבר", ווייל דער דראַקאָן איז, להבדיל, גלייך מיט איוב הצדיק, עליו השלום, אַ לא היה ולא נברא, און אַז ער, דער דראַקאָן, האָט דעריבער געקענט שאָדען נור די, וואָס האָבען אינ'ם געגלויבט, בשעת ווען די חובבי ציון זענען ד אָ, זענען אַ פאַקט גלייך מיט אַנטיסעמיטיזם, רעאַליזם און אַנדערע פאַקטען? וועל איך אייך ענפערן, אַז און דעם טאַקי איז

ע־שט דאָס משל אמת! וואָרן, צווישען אונז גערעדט, איז דער „ציון" און די „חבת ציון" אויך ווי איוב הצדיק נישט געשטיינען, נישט געפלויגען, און די „חיבבי־ציון" זיינען אייך דעריבער נישט שעדליך נור פאַר די, וואָס גלויבען אין געטרויען!

אויב עס דאַ צו געפינען אַ חלוק, שטעקט ער נור אין דעם, וואָס דער דראַקאָן האָט געהאַט נור איין מאָגען, איין מאָגען הכולל פאַר אַלע קעפּ אין דעריבער האָט ער וועניגער געברויכט, בשעת ווען ביי'ן אַ מענשליכע חברה האָט יעדער קאָפּ אַ בעזונדערן מאָגען; יעדער קאָפּ מוז בעזונדער בייסען, רייסען און פרעסען אויף זיין בעזונדערן אייגענעם חשבון, און דעריבער — קאָסט אונז יעדע חברה אַזוי פיעל, אַזוי טהייער! דעריבער איז ביי „צדקה" דער רעאַליזם נישט נוהג, די חשבונות מיז מען מאַכען פון דער „וויטענס", עס העלפט קיין שלאָס און ריעגעל, און נישט אומזיסט שרייט דער דאָקטאָר סקאָמאָראָוסקי, אַז פאַר „ציון" איז דער רעאַליזם סם, אַז אויסלייזען דאַרף מען נור אידעאַליסטען, און די רעשט זאָל מען איבערלאָזען צו אַלדע שוואַרצע יאָהר אין פינסטערן גלות!

---

ניין, ברידער! איך וועל מיר שוין איינשטעלען דאָס לעבען אין אַרויסטרעטען געגען דער גרעסטער חיה ובהמה, אַזוי אין לעבען ווי אין דער ליטעראַטור, איך וועל אפילו אָנטרעטען שלאַנגען אין עגדיסען אויף די ווייזעל, לייגען אַ פינגער אפילו מוסרים אין מויל אַריין, ניר מיט אַ דראַקאָן, זייט מיר מוחל, קען איך נישט האַלטען מלחמה! ווייל אַ דראַקאָן מיט עטליכע מיין קעפּ קאָן מען אפילו ביי קיין ליגען נישט האַפּען! בפרט, ווען דער דראַקאָן פראַהלט גלאַט אַזוי הויך־אויפגעבלאָזען־ווייך, אַז עס נעמט איהם קיין מעסער נישט, און מויישט נאָך דערביי יעדע רגע, אין אַזוי געשווינד, די קעפּ, אַז עס שווינדעלט אין ד'אויגען...

פינף און דרייסיג קעפ שרייען: לויפט, פליהט, רייסט, זאָגט קיין פאַלעסטינאַ... עס רינט דאָרט פאַר אַייך האָניג און מילך, דער טערק וואַרט מיט אויסגעשפּרייטע הענד, דער אַראַבער חלשט נאָך אַייך!... און אַז עטליכע הונדערט צו אַ טייזענד בעלנים הערען און פערגעהען אין דער נויט, ווערען בלינד פון שלעכט וואַסער, אייסגעדאַרט פאַר הונגער, אויסגעזייגט פון באַקשיש; אַז ווייבער ווערען דורכגעשמיסען פון באַמבוס — אויף די נאַקיטע ברוסטען, און נערה־שנתפתתה׳ס וואַקסען פון פאַטריאָטען ווי האָלץ — הייבט זיך אויף אַ זעכס־און־דרייסיגסטער קאָפּ, און דרשינ׳ט: מיר האָבען באַלד געזאָגט: לויפט נישט! אַ בפירושער פסוק: בשובה ונחת תושעון! עמא פזיזא, רחמנא לצלן!...

זעכס און דרייסיג פערשטאָפּטע, פערפאַנצערטע פּהיליסטער־קעפּ שרייען אויס: „פאַנאַטיזם! שלחן ערוך! לאַנגע רצועות אַון בערד! רבנים!" און דערנאָך, אַז דער עולם קוקט זיך אום, און עס ווערט איהם נמאָס פאַר׳ן אַלטען רבנישע ליעדעל מיט די פערחושכטע תנועות, הייבט זיך אויף אַ זיבען־און־דרייסיגסטער קאָפּ און זאָגט: „אַדרבא איפכא! אמת, עס זענען דאָ צווישען אונז עטליכע פלעדערמייז, אָבער מיר אַליין מיר חובבי ציון באמת... אַדרבאָ, לערן האָטיש שליידען! אָט דרוקען מיר גאָר ליפערט!"

זיבען־און־דרייסיג קעפּ שרייען: אוים יפת! פאַשאָל וואָן, יפת! אוים גריכענלאַנד, אַהיים יודעלאַך! אונזערע אייגענע קולטור! און אַז מען קומט נעהנטער און פרעגט: ווער איז די קולטור, ענפערט איין אַכט־און־דרייסיגסטער אָפּענער מוח גאָר בווידעם! איז די „גמרא" מפרש, אַז די „משנה" האָט נור געמיינט — „טאַנצען מיט ווייסע האַנדשוה", אָבער מאַטעמאַטיק „מהיכי תיתא"... און תוך כדי דבור געהט אַ באַל פאַר „יהודה", הייסע חובבי ציון טאַנצען מיט — אויך נישט קאַלטע נקבות, עס גייהט צו אייראָפּעאיש מיט אַלע מפרשים, אפילו מיט קרייצען פאַר די טענצער...

נו, געה שפּאַר דיך, אַז דו ווייסט נישט מיט וועמען?

אין דערצו זענען אַלע אונטער מאַסקעס, זעכס־און־דרייסיג שטרײמליך וכנגדם ביבשה: זעכס־און־דרייסיג דזשעטאָנגען פון פערשידענע אוניווערזיטעטען! אַז אפילו רביים חלומען שוין אויך פון „ישוב", זיי „יונגשען" אויך מיט די נעז, זיי האָבען שוין אייך אַ ביין דערפיהלט!

אין אַלע האַלטען זיך אונטער איין פּאַראַזאָן, אונטער איין „אהבת־ציון"... באַ, וואָלטען זיי חאָטש ווענינער שלינגע אין די מיילער געהאַט... דערווייל האָבען זיי נאָך גאַנצע ברוגען!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

איך האָב נישט איינמאָל געזאָגט אַז איך בין בטבע נישט קיין לץ, ניר דוקא אַ בעל־בכי און אַז נור מיין פינסטערע פּרנסה האָט מיך פּאַר אַ לץ געמאַכט; איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל: איך בין בטבע אַ גרויסער בעל־בכי, און דאָך, חאָטש ביז אַ הער בין איך פון שוחד נישט בלינד געוואָרען, און האָב נאָך כמעט גאָר נישט געוויינט אויף גלות־השכינה, אפילו קיין פּאַפּיערענע טרערען נישט פערגאָסען, קען ביי מיר די שרעקליכע מסירה קיין איינציגען טראָפּען נישט אַרויס נאַרען! דער רבנים'ס כבוד אַרט מיך נישט, אויף ירושלים אַלס שטאָדט, האָב איך שוין לאַנג אַוועק געמאַכט מיט דער האַנד! און איך וויים, אַז ווען איך זאָל וועלען לאָזען האָטש איין טרער אויף יעדע יודישער מסירה, וואָלט איך אויפס נייעס אַ מבול געבערענגט, עס וואָלט מעהר וואַסער געווען ווי אין אַלע אונזערע ליטעראַטורען...

איך וואָלט געקענט ריהרען די קאָלאָניזאַציע אַליין, — נור איהר ווערט עס נישט שאַטען. איך גלייב באמונה שלמה, אַז דאָס יונגע קינד ווערט אַנדערש נישט געזונד וואַרען אין אָנהייבען וואַקסען, ביז מען ווערט עס נישט בעפרייען פינ'ם אומריינקייט אויפ'ן קעפּיל...

ביז מען ווערט נישט פערמאַכען די פאַבריקען פון קרעצינג־מיסטיגען פּאַנאַטיזם, די „זאַוואָדען" פון מלשינות־פּיליער, פּאַשקווילען־קײלען און שקרים־האַרמאַטען, ביז עס וועלען נישט

אויפהערען „ע׳גסטע ווערטער״, אין וועלכע עס קלינגען: עטליכע מטבעות, ווערמאָגטס עדות און צעדערבוימס שבל הישר... ביז מען וועט נישט פערמאַכען אפילו — די „בתי חרשת״ פון נייע בלעכינע לשון־קודש ווערטער...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

פערטראַכט אין די געדאַנקען, וואָס פאַסען גאָר נישט פאַר אַלץ, האָב איך גאָר אינ׳ם מלאָך פערגעסען, און ער איז מיר דערווייל נעלם געוואָרען!

איך רוף, איך שריי, איך ווער הייזעריג, קיינער ענפערט נישט!

צו האָט איהם זיין אַלטער בעל־הבית נישט צוריק גענומען פאַר רחמנות? צו האָט אויף איהם איין אַנדערער, נישט מאָדישער מחבר, די השגחה־פליגעל פערשפרייט? צו האָט איהם נישט עמיצער, חס ושלום! געמסרט?

דאָס ווייסט איין בורא עולם. נור איך מוז אָבהאַקען פון מיין פעליעטאָן; פליהען איבער די דעכער — האָב איך נאָך געקענט, נור צו פוס געהן צווישען דעם מיסט — לאַו!

אַדיע! צו׳ם ווידערזעהן אויף בעסערע צייטען!

# איבער שרפות

יעדען זומער מעהרען זיך די שרפות אויף דער האַלצערנער פּראָווינץ, נור דאָס יאָהר האָבען מיר געהאַט אַ מגפה פון שרפות.

מען האָט נישט גערעדט פון פערברענטע הייזער, נור פון גאַסען אין שטעדט, וואָס זענען אַוועקגעגאַנגען מיט'ן רויך!

טויזענדטער פאַמיליען זענען געבליבען אָהן אַ דאַך איבער'ן קאָפּ, טויזענדטער בעלי־מלאָכות — אָהן וואַרשטאַטען, אָהן כלים צו דער אַרבייט; בעלי־בתישע מענשען האָבען געמוזט אויסשטרעקען די הענד נאָך בעטל־ברויט.

אויך איז זיך זעלטען בעגאַנגען אָהן לעבענדיגע קרבנות.

מיר האָבען געלעזען פון מענשען, וואָס זענען אַרומגעלאָפען משוגע פאַר שרעק אין די ברענענדיגע גאַסען, און האָבען נישט געפונען דעם וועג פון דער שרפה אַרויס.

פון עלטערן, וואָס האָבען אין פייער און רויך די קינדער פערגעסען און געראַטעוועט אַ שעניק מיט שטרוי אָדער אַ שייטעל האָלץ.

פון בעלי־בתים פערברענטע, וואָס האָבען געדריקט אין פערקנוילטע הענד עטליכע רובל...

ווער איז שולדיג אין דער שרעקליכער מגפה פון שרפות?

שולדיג איז געוויס דער דלות, וואָס בויעט מיט האָלץ און שטרוי, נישט מיט שטיין און אייזען.

שולדיג איז די ברענענדיגע זון, וואָס האָט דאָס אַלץ אויסגעטריקענט ווי די קיהנדליך.

שולדיג איז דער, וואָס איז נישט געוואָרענט געוועזען און האָט דעם ערשטען פונק געלאָזט.

שולדיג איז דער ווינד, וואָס האָט געשפּיעלט זיך מיט'ן פייער און איבערגעוואָרפען די פייערדיגע צינגען מיט די רויכיגע ווילען פון איין עק שטאָדט צום צווייטען.

נור שולדיג איז אויך די פערשטעלונג פון אַ „געראָטענע

קינד״, דאָס אידעאַל פֿון גוטע, ציכטיגע יונגליך, וואָס האָט נוהג געווען אַמאָל און איז נאָך נוהג עד היום אויף דער פּראָווינץ, וואָס איז געבויט פֿון האָלץ און פֿון שטרוי...

וואָס הייסט אַ גוט ציכטיג קינד? נישט אַזוינס, וואָס וואַרפֿט אַרויף די פֿאַנטאָפֿעל אויפֿ׳ן דאַך פֿון נידריגסטען הייזעל, ער זאָל דערנאָך אַרויפֿקריכען און זיי אַראָבנעהמען; אפילו נישט אַזוינס, וואָס פֿיהלט אין זיך איין איבריג ביסעל כח און וויל עס אויסברעננגען מיט „איבערהאָצקען״ די גאַס! אפילו נישט אַזוינס, וואָס שפּרינגט איבער דער שטוב פֿון איין ענגען ווינקעל צום צווייטען!...

וועה אין וואונד איז דעם קינד, וואָס מען האָט געטראָפֿען רייטענדיג אויפֿ׳ן שטאָדט-צאַפּ, ארומשפּרינגען אויף די ברעטער, וואָס מען האָט אָנגעגרייט צו׳ן אַ בנין.

ציכטיג און שטיל הייסט — געהן זיין וועג מיט קליינע שפּרייז, ווי אַ כשרער יוד אין שבת, נישט אָבשטעלען זיך אין גאַס און איין אויג וואַרפֿען אויף דעם, וואָס טהוט זיך אַרום, בפרט נישט אַרויסחאַפּען זיך פֿון שטאָדט און זעהן, ווי די ביימער וואַקסען אָדער ווי עס שאָקלען זיך די זאַנגען אין פֿעלד.

איין איבריג מאָל באָדען איז אַ זינד; אַ הויך, פֿרייליך, קינדיש געלעכטער, אַ סימן פֿון אַ „לאָבוז״, פֿון אַ מאוסען קונדאַס! ווער שמועסט אַ פֿייף טהון אָדער לאָזען אַ פּאַפּיערנע שיף אויפֿ׳ן רינשטאָק! צו שפּיעלען אין באַל מוז מען שוין זיין אין אמת אַ „שייגעץ״...

אַ גוט, ציכטיג קינד הוירעט זיך נישט אויפֿ׳ן בענקעל, קיקט נישט אַרויס דורכ׳ן פֿענסטער, שטעהט נישט אין טהיר; די איינציגע בעוועגונג, וואָס איהם איז ערלויבט, איז צו שאָקלען זיך ביים דאַווינען און צו דרעהען מיט׳ן גראָבען פֿינגער ביים לערנען; זיצען אויף איין אָרט, נישט קענען קיין צוויי צעהלען; זיצען שטיל מען זאָל „זיין פּאַרע נישט הערען״!

אָט דאָס איז אַ וואָהל געראָטהען קינד!

אַ מאַמע פֿרייט זיך, אַז איהר קינד זעהט שוין, קיין עין־

הרע, איים, ווי איין אַלטער! על כל כנים ווי אַ מענש!

נאָך גרעסער איז די שמחה, אויב עס קרימט זיך איהם אוים דער מאַרב־ביין מיט׳ן פלייצעלע פון התמדה; ווער שמעקט, אייב דאָס קינד ליידט שוין אויף אַ געוויסער קרענק גלייך מיט׳ן ערשטען בעסטען מלמד!

אַ אידעאַל פון אַ קינד איז — אַ ווייך לייב ווי אַ קלוסקעלע, אַ געלב פנימעל ווי אַ וואַקס, און דורכזיכטיגע הויט ווי גלאָז... דערצו מוז עס נאָך זיין קרום ווי אַ שופר...

איין אמת יודיש קינד הייכט עס, אַ רינענדיג נעזעל אין טריעפענדיגע אייגעליך האָט עס, אויף לייטענע פיסאַלעך שטעהט עס, נור עס שיינט און עס האָט טויזענד חן! טאַקי אַ פיין, גרין ציבעלקעלע, וואָס האָט אַרויסגעשפּראָצט אויפ׳ן טיסט אין גשן פון מצרים...

פון די שטיל שווייגענדיגע קינדער ווערען חתן־בחורים...

אַלע אַרום האָבען געטהון זייערס בשלמות: דער פאָטער האָט אויסגעפּאַטשט, די מוטער — אויסגעקניפּען, פעטערס און מומעס — אויסגעשריען, און די מלמדים — אויסגעשמיסען אַ פיין חתן־בחור׳ל...

אומזיסט בעמיהט זיך די לעבענדיגע יוגענד אויסצובלאָזען אינ׳ם פערטריקענטען הערציל עפּיס אַ פערלאַנגען, אַ חשק צום לעבען; דער הויך פון פרישען זומער בלאָזט אויף אַש, דער מאָרגען־טהוי פאַלט אויף פויל האָלץ.

דעם חתן בחור בליצען אויף די אויגען אפשר דעמאָלט, ווען ער קריגט אַ מתנה אַ זייגערל, אַ יאַרמולקעלע; ווען ער מאַכט אַ סיום, ווען מען פערברענט דאָס חמץ, אָדער ווען אַ יוד מעג נעמען איין איבריג ביסל בראָנפען, דאָס הייסט, פורים — המן׳ען אויף פּאַהיבעל! אפשר נאָך שמחת תורה!

מיער און פערשלאָפען שטעלט ער זיך אונטער דער חופה און חאַפּט זיך אויף צום מאָרגען שוין אַלס יונגער מאַן!

עס שפּראָצט איהם נאָך קיין איינציגע האָהר איבער דער

איבערשטער ליפּ און ער איז שוין אײַנגעשריבען אין חבֿ:ה־קדישא!

איידער ער געוואהנט זיך צו צו דער נייער „תבונה“, צו זיין אייגענער שטאָדט אין קלויז, צו'ן אַ בעל־בתישע עליה — איז ער שוין אַ טאַטע פון אַ קרענקליך קינד, וואָס וועט דורכמאַכען דעם אייגענעם קראַנקען וועג, אונטער דעם אייגענעם רעגען פון צופּ, רים, קניפּ, דזיאָך און פעטש...

נור — מיר האַלטען נאָך נישט ביים קינד.

דער פאָטער ווערט דערווייל איין אמת פיין בעל־בית'ל! ער מישט זיך נישט אַריין אין קהל'ס זאַכען; ער וויל נישט וויסען, וואָס עס טהוט זיך ביי דער קלפי; זיין דאגה, ווער עס איז גבאי אין בית המדרש! ער זאָגט קיינעם קיין דעה נישט, ער האָט זיין ווייב, זיין שטוב, זיין גמרא אויף זיין שטענדער און זיצט זיך שטיל ווי אַ טויב, נור דער גאָרב ווערט גרעסער און גרעסער און אויף דער לעבער הייבט ער אָן צו ליידען...

מיר ווילען דעם שטילען ציכטיגען יונגען מאַן נישט בעגלייטען אויף זיין שטילען, ציכטיגען וועג ביז'ן קבר אַריין. מיר פערהאַלטען זיך ביי דער מינוט, ווען ער איז אין די בעסטע, בל־העדינגע יאָהרען — אַ שען יונג בעל־הבית'על, ווי געזאָגט — פון איין אייגענע שטוב, פון איין אייגענע ווייב און קינדערליך, מיט איין אייגענע שטאָדט אין בית המדרש. אַ חנו'דיגער יונגער מאַן! אויסגעווייקט ווי אַ הערינגעל.

ביי די שלעפען אונטערן דיגעם הייטעל שפרינגען אַרום בלאָהע אָדערן.

אַז ער נעהמט די קופּערנע קוואָרט מיט די צוויי אויערן צום וואַשען אין דער האַנד אַריין, ציטערן איהם די הענד.

אַז ער געהט איבער דער גאַס אויף די שטרויענע פיסליך, ווייסט מען נישט צו לאָמט ער, צו האָט איהם אַ ווינד געחאַפּט און אויסגעקרומט!

די אויגען זענען בעהעפט צו דער ערד — טאָמיר, חס ושלום, קומט איהם אַקעגען איין אשה!

דער קאָפּ איז געבויגען איבערן דאַרען ברעטיל, וואָס מען רופט „ברוסט״, ער זאָל, חס ושלום, נישט דריקען די פּיס פון דער שכינה!

מיט די הענד וואַרפט ער נישט, עס איז קיין דרך ארץ, קיין שטייגער נישט!

אָט — אַ שטיל־ציכטיג בעל הבית׳ל ווערט פון אַ שטיל־ציכטיג קינד...

און אַז דאָס שטעדטיל בעשטעהט פון אַ סך אַזוינע יונגע בעלי־בתים, און עס איז געבויט פון האָלץ, און די היצען האָבען דאָס האָלץ אויסגעטריקענט, און אַ שכור האָט פערלוירען אַ פינק, און עס מאַכט זיך דערצו אַ ווינד... פערשטעהט איהר אַליין שוין די רעשט!...

אונזער יונגער מאַן וועט קיין קאַן־וואַסער נישט טראָגען, איך קיין דאַך נישט קריכען; קיין האַק, קיין דראָנג אין האַנד אַריין נישט נעהמען...

אונזער יונגער מאַן שטעהט פאַר זיין אייגען הייזעל און ציטערט ווי אין אַ פיעבער! ער ציטערט, נור ער מישט זיך נישט... אַז דער רבונו של עולם וועט וועלען, וועט ער איבערדרעהען דעם ווינד אָדער עס וועט אַראָבפאַלען אַ שלאַגס רעגען... און אויב נישט, אויב זכות אָבות וועט נישט העלפען און דאָס פייער וועט צוקומען צו זיין אייגען הויז, דעמאָלט... אָה! דעמאָלט וועט ער ערשט משוגע ווערען פאַר שרעק און ראַטעווען אַ שייטעל האָלץ...

איך האָב די בעמערקונג געמאַכט מיינס אַ בעקאַנטען זיידענעם יונגען מאַן, בשעת מיר זענען געזעסען אויף אַ שטיין, אַ שׂריד ופליט פון איין אָבגעברענטע גאַס און האָבען בעוויינט דאָס פרישע חורבן.

— אייך איז גוט צו זאָגען — ענטפערט מיר דער יונגער מאַן — און איך וויל אייך פערצעהלען, וואָס מיין פעטער אַברהם׳ל האָט געהאַט!

איינמאָל איז ער אַרויסגעגאַנגען שפעט ביי נאַכט, שבת־

צו־נאַכט פון אַ שלש סעודות, נאָך אַ קענדיל פריש וואַסער צום פלומפּ...

ער איז אַ בעלזער חסיד, און בעלזער חסידים פיהרען לאַנג שלש סעודות...

היים איז געוועזען, האָט זיך זיי פריש וואַסער פערגלוסט.

ווער זאָל געהן צום פלומפּ? האָט מען גורל געוואָרפען!

און דער גורל איז געפאַלען אויף מיין פעטער אַברהם!

מילא, דער גורל איז געפאַלען, געהט ער.

ער געהט צו צום פלומפּ, גיעסט אָן אַ קענדיל וואַסער און געהט צוריק אין איין ציטערניש, עס זאָל איהם קיין הונד נישט אָנפאַלען; וואָרען שפּעט ביינאַכט, אַז עס ווערט שטיל אין מאַרק, הערט זיך דאָס וואָיען פון די הינד פון דער פאָר־שטאָדט, אַז עס געהט אַ שוידער דורכען לייב.

טהייל מאָל טרעפט זיך, אַז אַ הונד פאַלט איין זיך דורכצושפּאַציערן אין גאַס און אָברייסען אַ יוד אַ פּאָלע.

הכלל — ער געהט.

לויפען קען ער נישט, דאָס קענדיל מיט'ן וואַסער איז גענוג שווער; אויסגיעסען און צוריקקומען מיט אַ ליידיגע קאַן, שעמט ער זיך!

נו — טרעפט זיך איהם אַ נס!

ער דערזעהט פון ווייטענס, אַז עפּיס בלישטשעט רויטליך.

„איין אוצר" מיינט ער, און דאָס בעגייט איהם דעם כח און ער לויפט צו מ י ט' ן קענדיל וואַסער! ער האָט עס קיין צייט נישט געהאַט אוועקצושטעלען!

ער קומט צו נעהנטער, זעהט ער, אַז משה־אַהרן דעם שוחט'ס הייזעל הייבט נור וואָס אָן צו ברענען; איהר קענט דאָס הייזעל? עס וואַקסט שוין אַ יאָהר 40 אין דער ערד אַריין, ציעגען שפּרינגען אַרום אויפ'ן דאַך.

און דאָס דעכיל ברענט אין אַ זייט, אַ שפּיץ פון דער שטרויענער זוים ברענט ווי אַ ליכטל...

מיין פעטער אַברהם קלערט נישט לאַנג, גיעסט אַרויף דאָס קענדיל וואַסער און גיט אַ געשריי: „געוואַלד!"—

וואָס קלערט איהר ? אַ סוף ווי המן האָט ער געהאַט !
אַ יאָהר דורך איינאַנד האָט מען איהם געשלעפּט אין פּאָליציי און אין סאָנד אַריין פּאַר איין עדות ! איהר קענט מיין פעטער אַברהם ? אַ שענער עדות ? ערשטענס פערגעסט ער אַראָב צו נעהמען דאָס היטעל — חאַפּט מען עס איהם אַראָב מיט'ן קאָפּף צוזאַמען ; דערנאָך זעהט מען, אַז ער איז אַריין מיט בלאָטיגע שטיוועל, וואַרפט מען איהם אַרויס, ער זאָל זיי אָבווי־שען ; מיינט ער, אַז מען הייסט איהם אַהיים געהן — שלעפּט מען איהם צוריק מיט זשאַנדאַרען. און דערווייל קען ער קיין צוויי ווערטער גויש נישט רעדען, אין דאָ הייסט מען איהם דער־צעהלען, וויפיעל איילען ווייט ער האָט דאָס פייער דערזעהען, ער זאָל אָבמעסטען אויפ'ן טיש, ווי גרויס דאָס פייער איז געוועזען...
און ער הייבט נישט אָן צו וויסען, וואָס מען רעדט צו איהם ! און אַז ער פערשטעהט שוין, וואָס מען פערלאַנגט אין וויל מעסטען, דערזעהט ערשט דער בורמישטש, אַז ער האָט פערסמאָליטע הענד און וואַרפט איהם ווייטער אַרויס — ער זאָל זיך אָבוואַשען די הענד און נישט איינריכטען דאָס גרינע מישטוך !... וואָס קלערט איהר, עס האָט געדויערט אַ יאָהר ; מיין פעטער אברהם האָט נישט געהאַנדעלט, נישט געלערנט, נישט געגעסען, נישט געשלאָפען און איז אַריינגעפאַלען פּאַר צרות אין אַ קרענק !
אַמבעסטען — זאָגט מיין זיידענער יונגער מאַן — איז פּאַר אַ יוד זיך נישט אַריינצומישען ! נור פון ווייטענס !
זעהט ער — עמיץ שלאָגט זיך אין גאַס — פּלטה !
מען רעדט אַ הויך וואָרט, מאַך פּיס !
געהסט ביי נאַכט און עמיץ ברעכט שלעסער — טראָג דיך אָב !
פון נישט, האָט מען קיינמאָל קיין חרטה נישט !...
נאָך לאַנג רעדען און שפּאַרען זיך האָט ער מיר אפילו מ־רה געוועזען, אַז עס וואָלט נישט געווען קיין לאָך אין הימעל, ווען זיין פעטער אברהם'ל זאָל נישט געוועזען פערגעסען אויס־

צוטהון דאָס היטעל באַלד אויף דער שוועל פון מאַגיסטראַט, אַז עס וואָלט גאָר קיין עולה נישט געווען, ווען זיין פעטער אברהם׳ל זאָל זיך געווען פריהער אָבוואַשען די הענד און אויס־פוצען די שטיוועל (פערקעהרט מיינט ער: פריהער אויספוצען די שטיוועל און דערנאָך אָבוואַשען די הענד).

ער איז מודה, אַז „דינא דמלכותא דינא" און אויב דאָס מלכות וויל, אַז די פאָרלאָגע אין מאַגיסטראַט און דאָס גרינע טישטוך דאָרט זאָלען זיין ריין, דאַרף מען נישט דוקא טהון פערקעהרט.

נור, אַ יוד זאָל געזונד זיין „ווי אַ פויער", איינשרייבען זיך אין פאָזשאַרנע קאָמאַנדע און אַרויפשפרינגען בשעת מעשה אויף אַ ברענענדיגען דאַך, דאָס איז נישט מעגליך!

דאָס איז נישט און עס וועט נישט זיין!

„ווי הייסט"?

אַרום אונז האָט זיך דערווייל פערזאַמעלט אַ רעדעל פון „נשׂרפים" און „נשׂרפי׳טעם" (די לעצטע זענען געשטאַנען אָבגע־רוקט פון דערווייטענס) און אַלע האָבען מודה געווען, אַז אַ יוד קען נישט געזונד זיין ווי אַ טערק, למשל. ווייל אַ מענש מיט תורה, קען באין אופן נישט זיין אַזוי מגושם׳דיג!

— אַ ירא שמים — רופט זיך אָן אַ מלמד — מוז זיין אַ כשל ברך!

— אַז מען זיצט און לערנט — מאַכט אַ צווייטער — אַז מען פיהלט נור אַ טעם אין לערנען, קען מען שוין נישט אַזוי אַכטונג געבען אויפ׳ן גוף! ווער עס וויל געזונד זיין, דער מוז עסען צו דער צייט, שלאָפען צו דער צייט, שפּאַציערען געהן אַ שעה — דאָס איז אַלץ נישט פאַר קיין יוד געמאַכט געוואָרען...

— איך געה איינמאָל אין יאָהר — זאָגט אַ דריטער — צו תשליך, האָב איך די יהותר!

— אויף מיין וואָרט — שווערט זיך עמיץ — אַז שבת דאַיוינען געהן, איז מיר אויך טהייל מאָל שווער; די שוהל איז ווייט, און געה גלאַט איבער דער גאַס, גאָר נישט?! געה איבער די גאַס! וואָס? דאַווען איך טהייל מאָל ביחידות...

— רבותי, האָב איך זיי געענטפערט, לעגט נישט דען גאַנצען בייגעל אייף דער תורה! די תורה איז דאָ ווייניג וואָס שולדיג... צי טהוט נישט דאָס זעלבע דער יודישער שניידער, שוסטער, האָלץ-העקער, שטיין-קלאַפּער און אַלע יודישע בעלי-מלאכות? צי זיי, וואָס האָבען נישט צו טהון מיט סאַמע תורה און יראת שמים, וואָס פיהלען נור אַ טעם פון אַ שניט אין אַ פּאַלבאַנע — צי זיי אַרבייטען מיט אַ סדר, צי זיי עסען, שלאָפען און רוהען צו דער צייט?

— אמת — איז מיר עמיצער מודה, נור דער אָבענד איז צוגעפּאַלען און איך זעה נישט ווער —, דער יודישער דרך איז שוין אַזוי, אַלץ ביז די לעצטע כחות...

— עס איז אָבער נישט גוט אַזוי, זאָג איך און וויל זיי אויסווייזען, אַז יודען אין ארץ ישראל זענען געוועזען געזונד טאַקי „ווי די פויערן״, אַז זיי האָבען אויך מלחמות געפיהרט, גבורות געוויזען, ווי אַלע מענשען געלעבט.

איך וויל דורכגעהן די געשיכטע פון אברהם אבינו, וואָס האָט די ערשטע מלחמה געהאַלטען מיט 5 מלכים, ביז די חשמינאים וואָס האָבען די גריכען געשלאָגען... איך וויל מיך צולאָזען, דערהיצען, ציטירען ציפע דער שניידערינס רייד:

„פאַר וואָס קומט גן עדן זאָלען זיי מיר זאָגען,
נור געלעניש — זאָכעניש, נור חולה-מאָגען?
גבריאל׳טשע, איך פרעג דיך, פאַר וואָס?

צי זענען געוועזען אויך שוואַך און אָהן אָטהעם
יעקב אבינו׳ס עשׂרת השבטים?
געדענקסט? אַז אַ קול זאָל דערלאַנגען
ביז פרעה׳ן, צום פּאַלאַץ, געדענקסט דו, גבריאל?
פרעה, פאַר שרעק — אַ טאַלעץ פון דער שטוהל...
און היינט-זשע — דאָס שפּרינגען אויף זאַנגען!

און וואָס איז געוועזען, זאָג, שמשון הגבור?

. , . . . . . , . . . . . . ; . .

איך האָב געוואָלט רעדען און רעדען, פון דוד'ס דריי גבורים, וואָס האָבען זיך דורכגעשניטען דורך אַ מחנה פון שונאים און געברענגט דוד'ן פריש וואַסער! פון אהוד... פון טויזענד אַנדערע; עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען, אַז איך רעד אומזיסט.

זיי ווייסען דאָס אַלץ.

— באַ, באַ, — מאַכט איין אַלטער יוד מיט אַ וואונדער־ליכע העל־זילבערנע באָרד — באַ, באַ, גיט אונז אַ לאַנד! גיט ערד, גיט דערפער, גיט פרישע לופט...

— יודען — שרייט עמיץ דורכגעהענדיג — יודען, מעריב דאַווינען!

דער עולם איז זיך צוגאַנגען און דאָס איז מיין גליק גע־וועזען; די צונג איז מיר ווי אַ האָלץ געוואָרען, נישט איבער־צו־רעדען!

## וועגן יידישער חוצפּה

עס איז פּשוט משוגע צו ווערען!

וואָרום באמת — וואָס טהוט מען?

געלד אויף בעלער, ווערט וואָס אַמאָל וועניגער! נייע שאַנסאָנעטקעס, מען זאָל קענען האָבען איין אָבענד יצר הרע פאַר אַ רובל, קומען נישט. נייע קליינען — דער צירק זאָל אונטערסאַנטער ווערען, בעווייזען זיך נישט, און פאַר דער פּאָליטיק געהט זיך אָן די גרינע גאַל...

וואָס איז היינט פּאָליטיק? גאָר נישט!

אין פּאַריז געהט אַ סדרה — אַסימפּציאָניסטען; ווייסט דער טייוועל וואָס פאַר אַ שוואַרצע חברה דאָס איז!

דער „פּיטעגלאָנד־טינאָרניאָווי", וועלכען די „ראָלאַ" האַלט פאַר אַ יודיש בלאַט, זאָגט, אַז די אַסימפּציאָניסטען זענען אַ בעהאַלטענע חברה פון גלחים־אינטריגאַנטען, וואָס ווילען איבערקעהרען די גאַנצע פראַנצעזישע רעפּובליקאַנישע שיסעל, און אונזער „קוריער־וואַרשאַווסקי", לעווינטאַל'ס, דעם געוועזענעם אַפּיטרופּוס פון יודישען שפּיטאַל'ס בלאַט, זאָגט להיפוך: די אַסימפּציאָניסטען זענען ווייסע שטילע טויבען, וואָס האַלטען זיך אין דער הויך אויף די שפּיצען פון קלויסטער און מען הערט נישט זייער פּאַרע...

און געה ווייס!

פון אַפריקאַ הערט זיך נישט מעהר, נור ויסעו ויחנו, אַהין געראָקט, אַהער גערוקט, צוויי בורען געפאַלען, פיער ענגעלענדער געפאַנגען. — עס ווערט נמאס ומאוס!

ענגלאַנד האָט זיך פערקייכט אין מיטען אַיינשלינגען דעם בוער; נישט אַרויס צו וואַרפען, נישט אַראָב צו שלינגען!

וואָלטען האָטש די בוערן אונטערגעלעגט יאָהאַניסבערג, אין דער לופט זי אויס צושפּרינגען! וואָלט האָטש געפאַלען אַ חיסער דימאַנטענער רעגען...

פון הינא קומען אַווינע שקרים, אַווינע גוזמאות:

אַז, ווען נישט, וואָס אויף דער קראַקויער־פּאָ־שטאַדט איז פֿאַרהאַן איין אָפֿען געוועלב מיט אַ שילד מיט חינעזישע אותיות — ווען נישט, וואָס דאָרט שטעהט אַ בפירוש'ער לעבענדיגער חינעזער, מיט איין אמת חינעזישען צאָפּ, אויף וועלכען די ווייבער קוקען מיט וואַסער אין מויל און אויגען פֿאַר קנאָה, ווען נישט וואָס ער שטעהט אַ גאַנצען טאָג און פֿערקוויפֿט, ווי ער אַליין זאָגט, ריינען חינעזישען טהיי מיט אַ צולאָג, וואָלטען מענשען געזאָגט: „איוב לא היה ולא נברא!“ — עס איז קיין מלחמה נישט פֿאַרהאַן, קיין חינא נישט דאָ! עס איז אַ חלום, איין אויסגעטראַכטע מעשׂה; ווי די דריי פֿראַנצויזישע ברידער „גלייכהייט, פֿרייהייט, ברידערשאַפֿט“, מיט וועלכע מען האָט אַ לאַנגע צייט צו נאַרען געמאַכט דעם עולם.

הכלל — פּוסט, תהו ובהו!

וואָס דען טהוט מען? פֿון וואָס שרייבט מען אין צייטונגען!

האָט מען זיך טאַקי אַזוי לאַנג געבראָכען דעם קאָפּ, ביז מען האָט בעקומען פֿון וואָס צו רעדען, מיט וואָס די צייט צו פֿערברענגען; אַבי נישט פֿון זיך אַליין צו קלערען, אַבי פּטור צו ווערען פֿון נאַציאָנאַליזם, ציוניזם און אַלערליי געטאָ־געשפּענסטער, וואָס שרעקען די וואַרשויער לייט ביי טאָג און ווערגען זיי ביי נאַכט... אַ נייע עסק האָט מען געפֿונען די — יודישע חוצפּה!

עס איז אפילו נישט קיין נייע זאַך! נור אפילו, וואָרט, דער גרעסטער שניידער פֿון פּאַריז, וואָס שאָקעלט מיט גאַנץ וואַרשוי ווי מיט אַ לולב, איז אויך נישט מחויב, אפילו נישט איין מאָל אין יאָהר, אויסצוקלערען אַ נייע מאָדע; ער נעהמט איין אַלטע, און פֿרישט זי אויף. און די אַלטע מאָדע ווערט ניי, צוריק שען, און ווערט צוריק אַ מאַגנעט, וואָס ציהט אויס ביי די ווייבער דאָס האַרץ און ביי די מענער דאָס ביסל מטבעות...

די פֿראַגע וועגען יודישער חוצפּה איז זעהר אַלט; אַזוי אַלט, ווי די יודיש־פּוילישע, אָדער די פּויליש־יודישע

אַסימילאַציע, מיט איהר אַלטען פּראָגראַם, וואָס האָט זיך איינגעדריקט אין איין וואָרט: „שאַ! שאַ!" שטיל זאָל זיין! דיין קול זאָל מען נישט הערען! דיינע תנועות זאָל מען נישט זעהען! קיין פּאה, קיין פּאָלע, קיין יודיש וואָרט! בפרט אין אַ „צוקערניע".

אַזוי האָט עס געהייסען!

טראָגען אַ לולב מיט איין אתרוג אין גאַס — פוי, יודישע חוצפה! יענער מיט די אָנגעצונדענע ליכטליך און בעזעמליך, — מעג! איין איבערגעשפּאַלטען פוטער'ן טיצל, צוזאַמענגעבונדען מיט בענדליך, איז אַ מחיה; אַ „פּריוועסאָיוקע" — זאָל גאָט היטען! אַ העזה זיך צו ווייזען דערמיט אין גאַס! ווער שמועסט רעדען אַ וואָרט יודיש אין גאַס, אין טראַמוויי, אין וואַגאָן פון אייזענבאַהן, — דאָס איז שוין שפּיץ־דיי־שפּיץ חוצפה!

אַ צייט לאַנג האָט אַ יודיש־פּוילישער, אָדער אַ פּויליש־יודישער משכיל גאַנצע טעג און נעכט געשפּיגען מיט „חוצפה"...

אַלץ ווערט אָבער נמאס און די חוצפה איז אויך נמאס געוואָרען! מען האָט אָן איהר פערגעסען... אַצונד, אין דער שלעכטער צייט, האָט מען זיך אָן איהר דערמאַנט, מען האָט אַרויסגערוקט פון אַלטען אויוען אַ צובראָכען ערדערן טעפּיל מיט'ן פּערגליווערטען, פּערשימעלטען חוצפה־מאכל, מען האָט עס אויפגעפרישט, דערוואַרעמט, צוגעזאַלצען, צוגעפּעפּערט... אין, נאָט אייך, יונגליך און מיידליך אין עסט! פּערשטופּט אייך די מיילער און רעדט נישט פון געטאָ, ציוניזם, נאַציאָנאַליזם, קייט נישט און שלינגט נישט די האַרטע זאַכען, פון וועלכע אַ פּויליש־יודישער, אָדער יודיש־פּוילישער מאָגען פּערדאַרבט זיך אויף אייביג, אַז קאַרלסבאַד וועט איהם נישט העלפען.

— — — — — — — — — — — — — —

אין צוריק די אַלטע שאלה: צי איז פאַראַן יודישע חוצפה, צי ניין?

איינער זאָגט: יאָ, איין אַנדערער: ניין, אַ דריטער מיינט: אַ מאָל איז געווען און היינט איז נישט דאָ!

אין אַלע צדדים ברענגען ראיות, פּערופען זיך אויף פאַקטען.

נאַט איך עטליכע:

עס איז פאַרהאַן אין וואַרשוי אַ „צדקה גדולה". נישט קיין יודישע, נישט קיין קריסטליכע, נור בכלל אַ צדקה גדולה. הייסען הייסט זי: „וואַרשאַווסקע טאָוואַרזשיסטוואָ דאָבראָצינאָסצי", פערשרייבען דער צדקה־גדולה הייזער, קאַפּיטאַלען, מעג יעדער, אפילו דער גרעסטער חוצפה'ניק — אַ יוד! דער „סטרוזש" פון הייז, וואָס געהט פון צייט צו צייט אַרום פון טהיר צו טהיר מיט אַ רשימה אויף נדבות פאַר דער צדקה גדולה, מאַכט אויך נישט קיין חלוק, ווען ביי וועמען פסח געפאַלט! ווער עס גיט, דעם פערשרייבט ער, ביי דעם נעהמט ער.

הכלל — די חברה נעמט ביי אַלע; גיבען, זאָגט מען, גיט זי נישט אַלע... און עס איז קיין וואונדער נישט! מיר האָבען ערשטענס אונזער „קהל־שטוב", מיר האָבען אונזערע בעלער און קאָנצערטען אויף צדקה, אונזערע „שניי־קוילען" אפילו פאַר יודישע אָרימע לייט! אויף דעם גרינדען מיר אַ נייע יודישע „צדקה גדולה", וואָס די רעגירונג האָט שוין ערלויבט...

און צווייטענס, ווייזט אויס די „ראָלאַ", די „ניוואַ־פּאָלסקאָ" און דערגלייכען עהרליכע בלעטער, אַז צדקה קומט פון לויטער ליעבשאַפט, און — אויף ליעבשאַפט האָבען די קריסטען אַ מאָנאָפּאָל; על־כן, איז די צדקה גדולה, וואָס איז געבויט אויף ליעבשאַפט צו אָרימע לייט, אַ קריסטליכע חברה... אַיי וואָס? יודען געבען אויך אַ מאָל געלד? אויף וואָס געבען זיי נישט?

הכלל — עס איז פערהאַן אַ צדקה גדולה, וואָס נעהמט ביי אַלע, גיט נישט אַלע — אַ פאַקט!

דער עיקר איז, אַז וואו עס איז פערהאַן אַ חברה, מוזען זיין גבאים, און וואו עס זענען פערהאַן גבאים מוז זיין אַ קלפּי... איז דער עיקר שאלה נישט, וואָס די חברה טהוט, — צי בויעט זי הייזער, צי טהיילט זי פאַר אָרימע לייט, וכדומה, נור — ווער דאַרף אַרויס פון קלפּי?

כל זמן יודען האָבען זיך צונויפגענומען ביי דער קלפּי און געמאַכט יד־אחת מיט די ליבעראַלען, וואָס האָבען, פאַר דער

קלפי אין נאָך דער קלפי (דאָס הייסט: כמעט א גאַנץ נעהענריג יאָהר, ווייל חברות און קלפי'ס איז דאָ א סך!) צו די יורעליך געשמייכעלט און צוגעווינקען, איז גוט געווען, האָבען די ליבעראַלען געהאַט די חברה אין דער האַנד!... דאָס יאָהר אָבער זענען וועניג יודען געקומען צו דער קלפי, זענען אַרוים כמעט סאַמע ווייסע מיוחסים און שווארצע אָרטאָדאָקסען...

ווערט אַ מחלוקת:

זאָגען טהייל, אַז עס איז אַ העזה געוועזען פון יודען, נישט צו קימען קאָפּ אויף קאָפּ צו דער קלפי אין איבערלאָזען די ליבעראַלען אָהן הילף, און אַנדערע זאָגען: פאַר אַ שמייכעל, וואָס איז שוין פערגליווערט געוואָרען אויפ'ן אַלטען ליבעראַלען פנים, האָבען שוין יודען די חוצפה נישט געהאַט צו קימען צו דער קלפי... זיי ווייסען שוין, אַז די האַלב גע'פגר'טע קאַין, וועט שוין פאַר זייערט וועגען מיט'ן עק נישט ריהרען...

נומער צוויי:

עס איז פאַרהאַן אין וואַרשוי אַ חברה, וואָס גיט בעלי־בתים קרעדיט אויף הייזער...

יודישע בעלי בתים איז פערהאַן אין וואַרשוי א דריטעל; דירעקטאָרען האָט די חברה דריי, האָבען זיך די נאַלעווקעס מיט'ן גרזיבאָוו געוואונדערט, פאַר וואָס זענען אַלע דריי דירעקטאָרען נישט קיין יודען... און, אַז איינער פון די דריי דירעקטאָרען איז נפטר געוואָרען, האָבען זיי זיך מישב געוועזען, פריווען אָבצוגעבען שטימען פאַר אַ יוד...

נעראָטהען איז זיי ניט... נישט אַלע יודישע בעלי־בתים האָבען געוואָלט אַ יוד; אַ סך האָבען מורא געהאַט פאַר אַ „יודישען צינאָווניק"...

זאָגען טהייל: אַז די יודען האָבען די העזה נישט געהאַט צו מאַכען יד־אַחת, אייסצוקלויבען אַ יידישען דירעקטאָר; און אַנדערע זאָגען, אַז עס איז אַ חוצפה געוועזען, אזוינס גאָר צו וועלען!...

נומער דריי:

עס זענען פערהאַן אין וואַרשוי יודישע סקולפּטאָרען, א סך

יודישע סקולפּטאָרען. האָבען זיי זיך צוזאַמען גענומען מיט עטליכע קריסטליכע חברים, געמאַכט איין אסיפה, און מען האָט אָבגעקלערט: היות די סקולפּטאָרען האָבען עד היום נאָך קיין צעך נישט, זאָל מען מאַכען אַ צעך.

מען האָט אָנגעגעבען ווי מען דאַרף, אַ בקשה; עס איז געקומען איין ערלויבניש, און דער מאַגיסטראַט האָט פערבעטען די סקולפּטאָרען אויף אַ זיצונג, מען זאָל עפענען דעם צעך.

דאַכט זיך, אַלץ אין דער בעסטער אָרדנונג; דער בעאַמטער פון מאַגיסטראַט עפענט די פערזאַמלונג, לייגט פאָר, מען זאָל אויסקלויבען עלטסטע, אַ קאַסירער, אַ סעקרעטאַר... שפּרינגען אַרויס די עטליכע קריסטליכע סקולפּטאָרען און זענען מודיע דעם בעאַמטען פון מאַגיסטראַט, אַז זיי קענען מיט יודען צוזאַמען בשום אופן קיין צעך נישט מאַכען, אַז די יודען קענען נישט די אַרבייט, זיי זענען פושער, מאַכען און פערקויפען טאַנדייט און אַזוי ווייטער, ווי אין „ראָלא״ שטעהט, ווי אין „ניוואָפּאָלסקא״ שטעהט, און — ווי אַלע גוטע. פרומע קריסטען זאָגען...

און — די קריסטען האָבען פערלאָזט דעם זאַל...

אונזערע יודישע סקולפּטאָרען האָבען נישט געוואָלט גרינגערן דעם צעך אָהן די קריסטליכע חברים. האָבען זיי די אסיפה אָבגעלעגט... אָנגעהויבען איבעררעדען, טענה׳ען, געבען צו פערשטעהן; באשר בכן — עס איז נישט גלייך, נישט מענשליך! יודען — אַ נוצליך פאָלק, יודישע סקולפּטאָרען — נוצליכע בעלי מלאכות; אַז אַנטיסעמיטיזם איז אַ פּאַסקידנער בלבול, וכדומה... זאָן דערמיט איז דערווייל אַוועק אַ צייט...

און דיזעלבע צייט, וואָס די יודישע סקולפּטאָרען האָבען בענוצט צו פערשוואַרצען ביי די קריסטליכע חברים דעם אַנטיסעמיטיזם, האָבען די קריסטליכע סקולפּטאָרען בענוצט אַ ביסל קלוגער: זיי האָבען זיך בעמיהט און אַיינגעגעבען אַ בקשה, און בעקומען אַ ערלויבניש אויף אַ קריסטליכען צעך, און דערמיט אַליין איז אָבגעפאַלען די ערשטע אַלגעמיינע ערלויבניש...

דעמאָלט ערשט הייבען אָן אונזערע יודישע סקולפּטאָרען

צו קלערן וועגען אַ בעזונדערן יודישען צעך! זאָגען טהייל, עס איז אַ וואונדער, וואָס זיי האָבען די העזה נישט געהאַט צו בלייבען אויף דער ערשטער אסיפה, און צו גרינדען דעם צעך אָהן די קריסטליכע חברים...

אנדערע אָבער זאָגען! אַז עס איז אַ יודישע חוצפה, היינטיגע צייטען צו גרינדען אין פּ ױ ל י ש ע ן װאַרשױ אַ י ו ד י ש ע ן צעך...

וואָס דען? ווארטען דאַרף מען!... דער אַנטיסעמיטיזם װעט דאָך אַ מאָל אונטערגעהן... ער וועט מוזען אונטערגעהן!

און, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אונטערגעהן, וועט מען אַריינגעהמען יודישע בעלי מלאכות אין די קריסטליכע צעכען!

איי וואָס? די קריסטליכע צעכען האָבען קריסטליכע הייליגע פּעהנער; יעדער צעך האָט זיין קריסטליך הייליגען פּאַטראָן, זיינע קריסטליכע ימים טובים, — וועט זיך דאָך דער יודישער גאָט נישט בייזערן, אויב די יודען וועלען דאָס אַלץ מיטמאַכען! הלמאי, עס האָט נאָך קיינעם קיין דונער נישט געטראָפען ביי'ן אַ יאָלקע! און אַז נישט, וועלען די יודען נ י ש ט האַלטען די ימים טובים פון צעך, נ י ש ט טראָגען די פאָהן. מאי כולי האי? ווענינ בעגעהען מיר זיך אָהן פעהנער, אָהן ימים טובים?!

און, אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט אונטער געהן — וועט מען נישט האָבען קיין צרות מיט דער נייער סעקציע פון בעלי מלאכות, וואָס וויל זיין ריין פון יודען, וואָס פאַלט חלשות פאַר אַ ריח פון אַ קנאָבעל אָדער אַ ציבעלע...

און אַז דער אַנטיסעמיטיזם וועט בטל ווערען, וועט מען אָננעהמען יודישע דאָקטוירים צו דער „פּאָגאָטאָוויע ראַטונקאָויע" („גיכע מעדיצינישע הילף"), וועט האָטש זיין איין פוהר פאַר כשר'ע זופּ ביי דער „געזעלשאַפט געגען בעטלער", און אויף אַ סימן פון כשר וועט מען נישט טרומייטערען נור בלאָזען שופר...

זאָל נור דער אַנטיסעמיטיזם בטל ווערען! זיפצט דער עולם...

— — — — — — — — — — — — —

און, האָט מען אָנגעהויבען רעדען פון יודישער חוצפה, וועט זי שוין אַזוי געשווינד פון צינג נישט אַראָב!... דאָס

האָבען שוין אין זיך אַלע יודישע פראַגען, אַז זיי ציהען זיך ווי אַ סמאָלע, נישט אָבצורייסען! און עס איז אַ פשוטע זאַך: דאָרט, וואו מען טהוט, ווערט אַ מאָל אָבגעטהון, אָבער וואו מען רעדט און מען קען נישט מעהר נור רעדען, — איז טאַקי פון די „ניין מאָס רייד" נישט פטור צו ווערען! דערמאַנט מען זיך, אַז ערשט נישט לאַנג האָט איינער פון אינזערע יודיש־פוילישע אָדער פויליש־יודישע שרייבער, אַ געוויסער „אָהר נומר 2", געשטעלט אין אַ בראָשורע די פראַגע: פאַר וואָס האָבען מיר נישט ליעב די יודען? און האָט געענטפערט: דורך דער יודישער חוצפה!...

אין דער געזעלשאַפט דערצעהלט דערוויול עמיץ אַ מעשה:

ער האָט געקויפט אַ בילעט אויף דער אַייזענבאַהן און איז אַריין אין וואַגאָן, וואו ער האָט זיך אויסגעקליבען איין אָרט, אַנידערגעלייגט דאָס פעקיל, און איז צוגעגאַנגען צום פענסטער נאָך אַ מאָל זיך געזעגענען מיט בעקאַנטע.

אַז דער צוג האָט גערירהט, איז ער צוריקגעגאַנגען און געוואָלט זיך זעצען, נור דער פלאַץ איז שוין געווען פערנומען און דאָס פעקיל זיינס האָט זיך געוואַלגערט אויף דער ערד.

— מיין הערר, — מאַכט ער, נאַטירליך אויף פויליש, צו'ן אַ קריסט, וואָס איהם האָט דאָס אָרט פערנומען, אָבער...

הערט ער אַ קלאָרע תשובה! פאַשאָל וואָן!...

ווערט ער שון אביסל אין כעס, זאָגט ער נאָך אַ מאָל, ווי הייסט? עס איז זיין אָרט, זיין פעקיל געלעגען...

ענפערט יענער שוין מיט אַ וואָרט מעהר:

— פאַשאָל וואָן, זשידזיע!

זאָגט ער: ווי הייסט? בעצאָהלט האָב איך גלייך מיט דיר; האָב איך דאָסזעלבע רעכט, ווי דו... וכדומה...

הייבט יענער אויף אַ האַנד...

רוקט ער זיך אָב פאַר דער יד, און וואַרט אויפ'ן קאָנדוקטאָר.

אין איין וועגס קוקט ער זיך אום, און זעהט, אַז אין וואַגאָן איז דאָ אַ סך יודען און גאַנץ ווייניג קריסטען.

„פאר'ן ערגסטען פאל"... טראַכט ער...

דער קאָנדוקטאָר קימט דערווייל אַריין; הערט איהם אויס, און פרעגט דעם עילם, ווי אַזוי איז עס געוועזען? צי עס איז אמת, וואָס דער יוד זאָגט?

דער קריסט, וואָס האָט דעם אָרט פערנומען, שווייגט און שמייכעלט פיינוונגעריש.

די יודלעך אין וואַגאָן שווייגען אויך. נור די עטליכע קריסטען רופען זיך אָן, דאַכט זיך, שלא מטין הטענה:

עס איז מיט די יודען — זאָגען זיי — נישט מעגליך צו פאָהרען צוזאַמען אין איין וואַגאָן: שטענדיג אונרוהען, שטענדיג האָבען זיי טענות, ציפען זיך אָן ווי אַ סמאָלע... מען דאַרף פאַר זיי האָבען עקסטראָ וואַגאָנען ווי פאַר פיה...

דער קאָנדוקטאָר, וואָס איז גאָר נישט געוואָהר געוואָרען, געהט נאַטירליך אַרויס מיט גאָר נישט...

די קריסטען רעדען ווייטער, ווי אומעגליך עס איז צו פאָהרען מיט יודען צוזאַמען; די יודען שווייגען, איינער פון זיי האָט דאָך נישט אויסגעהאַלטען! עס איז געוועזען אַ יוד לויט דער נאָז, נור אַ קריסט לויט די וואָנסען!

— אמת יודישע חוצפה! האָט ער אויסגערופען אויף איין עכט יודיש-פוילישׁ לשון! אַ לאַרע וואָס מאַכט מען אַ געשריי!

אין איין אַנדערער האָט דערצעהלט איין אַנדערע מעשה:

איך געה, — זאָגט ער אין גאַס, — טרעף איך אַ בע-קאַנטען פון פראָווינץ, אַ מאָל ביי מיר געוועזען! איך האָב'ן גע-קענט אַלץ סוחר, אַלץ אַ גרויסער סוחר; גרויס קרעדיט גע-האַט!... ביי מיר טאַקי געקויפט... געהאַנדעלט — נישט קשה... נעדרונגען זיך, נור געצאָהלט צו דער צייט.

פלוצים האָט ער אויפגעהערט צו קויפען... רעכען איך, ער איז איבערגעגאַנגען צום קאָנקורענט... וויל איך איהם שרייבען... הייות... עס פאַסט נישט... איך וועל איהם העכערן דעם קרעדיט... קלענערן די פרייזען... וכדומה... האָב איך אָבער פערגעסען... פערנומען, ווי איהר ווייסט...

אַז איך טרעף איהם אָבער אין איין גאַס, דערמאַן איך מיך,

אַ זכרון, ברוך השם, האָב איך! געה איך צו, שלום עליכם!...
ווי אַזוי רעדט מען מיט אַ יוד פון פּראָווינץ?

שלום עליכם... געשעפט איז געשעפט!...

איך זעה, ער איז אָבגעריסען! ביי מיר איז ער געווען אין בעל־בתישע קליידער; רעכען איך, אַז דאָס איז ער צו מיר געקומען אין גאַנצע קליידער, אָבער אין גאַס, — אַ פּראָווינץ יודיל, — טראָגט ער זיך ווי אין דער היים!... פּראָווינץ־גבירים, ווייסט מען שוין, געהען אָבגעריסען, נעכטיגען אין אָרימע נאַכטהייזער, עסען אין די ביליגע קיכען... אַזאַ טבע האָבען זיי. הכלל — „שלום עליכם!" — „עליכם שלום!"...

קלער איך מיר אַזוי: אַ היים פיהרען איז אַ בושה פאַר'ן לאָקיי; פערבעט איך איהם אויף שוואַרצע קאַווע... מן הסתם אויף די נאַלעווקעס, צו קאַנאַריקען...

פאָהרען מיט איהם אויף אַ דראָשקע, פּאַסט נישט; געה'ן מיר צו פוס, חאָטש, איהר ווייסט, אַז די פיס ציטערן מיר... נור — איבערגעקומען!

מיר זיצען שוין ביי דער קאַווע... זאָגט ער מיר, ער איז הונגעריג!

היים איך עפּיס דערלאַנגען... זעה איך, — ער פרעסט!

טראַכט איך — אַ פּראָווינץ יודיל, פרעמד געלד, שלינגט ער!... נור, — ער וועט שוין בעצאָהלען דערפאַר!

איך שפּרינג שיער נישט אויס דער הויט, נור אויסהאַלטען מוז מען... ענדליך, איך עטהעם אָב! ער האָט, מיט גאָטס הילף אָבגעגעסען, אָבגעווישט זיך די וואָנסען מיט דער פאָלע...

פרעג איך איהם: וואָס הערט זיך? און וויל צושלאָגען צום געשעפט.

זיפצט ער!

פרעג איך: „וואָס זיפצט איהר?"

ענטפערט ער, אַז ער האָט שוין דריי יאָהר באַנקראָטיערט, זיצט אָהן פרנסה... וואַלגערט זיך אַרום אין וואַרשוי, זוכט אַ שטעל...

אַ העזה פון אַ קבצן!... ענטפערט ער מיר „שלום עליכם!", געהט ער מיט מיר אויף שוואַרצע קאַווע! איהר הערט אַ חוצפה! ער פרעגט מיך נאָך, וואו איך וואָהן! ער וויל נאָך צו מיר קומען!...

און, נאָך, און נאָך אַזוינע מעשיות דערצעהלט מען וועגען **יודישער חוצפה**!

---

# ע ר ו ב

„אין די פיערטע מכה פון מצרים — זאָגט דאָס דייטש־חומש — איז געוועזן ערוב”. און דאָס דייטש־חומש פערטייטשט: ערוב איז אַ פערמישונג פון אַלערליי קליינע און גרעסערע חיות און פון שקצים ורמשים, הן פון איבער דער ערד, הן פון אונטער דער ערד און אפילו פון ימים ומדבריות... אַלע זענען געקומען קיין מצרים, און עס איז נעגאַנגען אַ טחויר מיט אַ מויל־וואָרף, און אַ פוקס מיט אַ קיניגיל און אַ שטעכעדיג־חזיר׳ל מיט אַ גליטשיגער פראָש וכדומה אַלערליי פרעסער, בייסער און ציפער און האָבען זיך צולאָזט אין גאַנץ מצרים. און אַז אַ מצרי האָט זיך אָבגעשטעלט אין גאַס און געוואָלט עפּיס נעהמען אין מויל אַריין, אָדער אַ מצרי׳טע האָט געוואָלט עפּיס פערבייסען די נשמה צו דערחאַפּען, אָדער עס איז דורכגעגאַנגען אַ בעלפער מיט „פּאָדוואַרימים” פאַר דעם מצרי׳ס מיט דער מצרי׳טעס קינדער אין חדר אַריין, איז אונטערגעשפּרונגען אַ חיה׳לע און האָט אויסגעריסען דאָס עסענוואַרג פון די הענד, אפילו דעם ביסען פון מויל... אַנדערע קלענערע חיה׳ליך האָבען זיך געהאַלטען אין די לעכער און אין די שפּאַלטען פון די שטיבער, און אַז זיי האָבען דערפיהלט אַ ריח פון מאכלים, זענען זיי אַרויס פון זייערע בעהעלטענישען און געחאַפּט פון די טישען, פון די שיסלען און פון די טעפּ... און גאָר קליינע חיה׳ליך האָבען זיך אַרונטערגעחאַפּט די מצריים אונטער די מלבושים און אָבגעביסען פון זיי די הויט... און עס האָט געהונגערט דער מצרי מיט דער מצרי׳טע אין שטוב און אין גאַס און די קליינע קינדער אין די חדרים, און די חיות מיט די חיה׳ליך זענען אַלץ פעטער און דיקער געוואָרען... און פון אַ ווערמיל איז אַרויסגעוואַקסען אַ פוקס, פון אַ היישעריק אַ לייב...

דער רבינו בחיי שרייבט: אַז דער נס פון ערוב איז געווען על פי דרך הטבע, אַז עס איז געקומען די צייט

איסציליזען ישראל, האָט דער רבונו של עולם געשיקט אַ הונגער אויף די חיות אין די לעכער, אין די היילען, אין די וואַסערן און אין די געמויזעכצער, און דער הונגער האָט זיי געטריבען פון זייערע ערטער צום ישוב צו, און די נייע מחנות האָבען געטריבען די אַלטע מחנית, פון דערפער אין שטעדטליך, פון שטעדטליך אין שטעדט, פון שטעדט אין גרעסערע שטעדט אַריין ביז צו פרעה׳ס פאַלאַץ...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דאָס אַלץ איז אַמאָל געווען!

היינט איז אפשר אייך שוין צייט אויסצוליזען ישראל, נאָר די מכות פאַלען נ י ש ט אויף מצריים...

אין אַ הונגער איז, און טרייבט די חיות, די היה׳ליך פון דערפער אין שטעדטליך, פון שטעדטליך אין שטעדט, פון שטעדט אין גרעסערע ביז אין גאָר גרויסע שטעדט אַריין, און זיי זענען הונגעריג און חאַפּען פון די הענד און פון די מיילער, און נישט דער מצרי הונגערט, נאָר די „כ נ ס ת  י ש ר א ל", היינט האָט זי ערוב...

און דער היינטיגער ערוב פון כנסת ישראל איז ערגער פאַר יענעם ערוב פון די מצריים... יענע חיה׳ליך האָבען נור געהאַפּט עסען־וואַרג און נישט קיין מלבושים, ווייל די חיה׳ליך זענען געגאַנגען נאַקיט, און די היינטיגע חיות און חיה׳ליך טראָגען ראַצעמאָרינע קאַפּטאַנעס מיט סטראָקעס, זילבער־האָהריגע שטריימליך און זיידענע זאָקען... און די נקבות פון די היה׳ליך טראָגען סאַמיטענע און זיידענע מלבושים מיט טהייערע בראַבאַנטער־שפּיצען, און היטען פון יענער זייט גרעניץ מיט פעדערן פון פייגעל פון יענער זייט ים, און זילבערנע און גאָלדענע פאַנטעפאַליך, אַ חוץ אַזוי תכשיטין... און די היה׳ליך ווערען אויך פעט און דיק און וואַקסען אין דער לענג און אין דער ברייט, און מעהרען זיך ווי פיש אין וואַסער, און ווי די פרעש אין מצרים און ציהען אונז אָב די העמדער פון די לייבער און דערנאָך ערשט ריבען זיי דעם ביסען פון מויל...

. . . . . . . . . . . . . . .

און די חוצפה פון די חיה׳ליך וואַקסט פון טאָג צו טאָג, און דער אַפּעטיט ווייערער פון שעה צו שעה.

און אַז איין אַלמנה פון ערגיץ איין עפּוש לעבט אין דחקות פון אַ ציעג, הערט זי דעם גבאי׳ס איין עצה, פערקויפט די ציעג, קויפט זיך אַ צעטיל אויף דער לאָטעריע און די רעשט גיט זי אַוועק דעם חיה׳לע פאַר אַ צוזאָג — אַ זכה בגורל... געווינען, פערשטעהט זיך, געווינט ערגיץ איין אָנגעגעסענער עושר, און זי מיט די קינדער שטרעקען אויס די צונג פאַר אַ טראָפּען מילך...

און אַז איין אָרימער בעל־הבית לעבט צעהן יאָהר מיט אַ ווייב און האָט, נשט פאַר אייך געדאַכט, קיין קינדער נישט, און ער זאָגט: „אָהבתי את אשתי״ און וויל מיך מיט איהר נישט גט׳ען, גיט איהם עמיץ איין עצה טובה, און ער נעמט דאָס הייזיל און פערשרייבט אויפ׳ן הייליגען רבינ׳ס נאָמען פאַר אַ בן זכר... קיין בן זכר, פערשטעהט זיך, בעקומט ער נישט, נאָר דער הייליגער רבי פערמאַכט איין אויג, דערנאָך דאָס צווייטע, און זיין יורש טרייבט דעם אָרימען בעל־הבית פון דירה אַרויס און ער וואַלגערט זיך אַרום מיט דער עקרה אין גאַס...

און ווער עס טרענקט האַפּט זיך אָן ביי אַ שטרוי... און אַז אַ קלוג און קאַרג געוואָרענער פריץ נעמט צו ביי׳ם יוד די פאַכט און גיט זי אַוועק זיין אייגענער טאָכטער פאַר נדן, פאָהרט דער יוד מיט ווייב און קינד און צובראָכענע זיבען זאַכען אין שטאָדט אַריין... און איידער ער דינגט נאָך אַ דירה, די פוהר מיט די זאַכען שטעהט נאָך אין מיטען מאַרק, דאָס ווייב מיט די קינדער דרעהען זיך אַרום דער פוהר אָדער זיצען און קרעכצען — זוכט ער שוין פרנסה, לויפט ער אַריין צום הייליגען רבי׳ן, וואָס האָט זיך צו זיין מזל. נאָך אויף אַ טאָג פערהאַלטען אין שטאָדט, און קויפט פאַר׳ן לעצטען גראָשען אַ ברכה... די ברכה, פערשטעהט זיך, ווערט נישט מקוים, דער דאָרפס־ יוד האָט זיך נישט צו וואָס צו נעהמען, פון געזונטען ווייב איז איין „עפּוש״ געוואָרען אַ „לא עליכם״, אַ „לא־יצלח״, די

קינדערליך פֿאַלען אויך גאַנץ אָפּט אַוועק... אָבער אַ גלאָז מילך פֿאַר אַ קראַנקען, אַ רעצעפּט צו ח"י גדולים פֿאַר איין אַנדער חיה'לע איז שוין נישט דאָ!

און אַז אַ יונגער מאַן פֿון „עפּוש", צי נישט פֿון „עפּוש", האָט זוכה געווען אַראָבצוגעהן פֿון קעסט מיט ווייב און קינדער און דעם נדן האָט דער שווער צוגענומען, צי אַ שותּף, צי דער פּריץ, צי ער איז אַזוי געגאַנגען לאבוד, און דאָ רופֿט מען: יעמוד! — זיי מוחל שטעל זיך צום „פּריזיוו", און אַצונד דיענען קען ער נישט, טאָר ער נישט, וואו ווענט זיך דאָס קליינוואַרג אַהין טהון? בעוואָרענט ער זיך טאָפּיל: קויפֿט ער ביים רופֿא זיך אַ פֿעהלער און ביים חיה'לע פֿאַר'ן לעצטען רובעל אַ גרויסען לאָז... און ציהען ציהט דער שלימזל אַרויס אַ קליינעם לאָז און דער פֿעהלער האָט דערווייל אויך נישט געהאָלפֿען — ער געהט אין, ווייב־און־קינד געהען אויס פֿאַר הונגער...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און פֿון ערגיץ איין „עפּוש" ווערט אַ חיה'לע געטריבען און געטריבען ביז עס קומט קיין ווארשוי, און שטעלט זיך אָב אין דער און אין דער גאַס. און ימים נוראים איז עס, דאָס הייסט: פֿאַר'ן „פּריזיוו", אין דאָס חיה'לע בענוצט זיך מיט דער צייט אין שרייבט נח מיט זיבען גרייזען אַ מידעה, און צו־וואַרפֿט זי אין אַלע „יודישע" גאַסען און הייף, באשר בכן ער איז אַ כפּעציאַליסט צו „פּריזיוון", הויכע נומערן האָט ער... אייך, אַז מען דאַרף, פֿערקלענערט ער די מאָס, און פֿערגרעסערט וואָס עס איז פֿאַר אַ „פֿעהלער"... און פּריזיוו'ניקעס קומען פֿון אַלע גאַסען, און גלויבט נישט דער „פּריזיוו'ניק אַליין" האָט ער, ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אַ טאַטען, וואָס גלויבט, אַ מאַמען, וואָס גלויבט. און מוהמעס עטליכע וואָס גלויבען, און מען פֿערזעצט די קישען פֿון אונטער די קעפּ, די מלבושים פֿון לייב, און מען פֿערשולדיגט זיך, אייך גאָטס בעראָט, גמילות חסדים, און מען איז זיך משיח כמנין „פּטיר", און מען שאָקעלט אויס פֿאַר'ן חיה'לע די קעשענעס ווי צו תשליך, אַז מען האָט

נישט מעהר און מען גיט האנד־געלד און אַ חרם־קוויטעל אויף די רעשט...

און דערנאָך אַז דער „פריזיווו'ניק" געהט דיענען, האָט מען איהם קיין לייביל, קיין העמד נישט מיטצוגעבען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

און, אַז עס מאַכען זיך שלעכטע צייטען אין „גרר", די פרנסה פאַלט, און סמאָלע טרייבען אין וואַלד לאָזט מען נישט, קיישליך פלעכטען קען מען נישט, און דער פויער האָט נישט מיט וואָס אין שטאָדט אַריינצוקומען און פאַר וואָס עפּיס צו קויפען, און עס פוילט דאָס לעצטע ביסיל סחורה אין געוועלב, און דאָס ביסיל געבעקץ שימעלט ביים בעקער... און דער יוד פון גרר האָט בטחון און ריהרט זיך נישט פון גרר, און האָט אפילו אויף „הוצאות־הדרך" נישט, ער זאָל זיך קענען ריהרען פון גרר; קוקט ער מיט הוילע אויגען אויפ'ן טעלעריל פון הימעל, אין עס געהט די סדרה: „ויהי רעב בארץ" — ווערט קלייען־ברויט אַ מאכל, מיט קאַרטאָפלים־שאָלעכטס צוגעביסען... און מען הונגערט, און מען קרענקט, און איין אונטערגאַנג פערשלעפּט זיך, און „גרר" הויבט אָן זוכען חטאים, תשובה־טהון, האַלב גרר לויפט אויף קבר אבות שרייען, די צווייטע העלפט רייסט איין די שוהל מיט קולות, און דערהערען דערהערט אַ „חיה'לע" אין עפוש, עטליכע מייל פון גרר, און עס קומט צופאָהרען...

אין עס קומט צו פאָהרען, און עס שטעלט זיך אָב אין פאַר־שטעדטיל, אין ערשטען הייזיל באַלד, און דינגט דאָס הייזיל אָב ביים פויער, און רייניגט עס מיט קרייטעכצער, און שלאָגט מזוזות אָן ביי די טהירען, און קמיעות פאַר די קימען און לעגט הייליגע ספרים אויף די פענסטער און עפענט דערנאָך אַ קליין לופטציקיל איף גרר און נעמט, און נעמט — ווי אַ בייז פערד נעמט ער... ער נעמט, און די מגפה נעמט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין דער גראָדזיסקער רבי פאָהרט נישט אַרויס, ער איז אַ מושל בכפּה איפ'ן אָרט, און וואָלט געהאַט אַ גן עדן אין

גראָדזיסק, ווען נישט דער משולח פון לאָמזשער ישיבה, וואָס קומט פון צייט צו צייט צו פאָהרען, האַלט אַ דרשה און נעמט ביי אַ גראָדזיסקער יוד צו אַ דרייער, טאַקי דעם דרייער, וואָס דער רבונו של עולם האָט איבערגעגעבן דעם גראָדזיסקער צדיק, טאַקי דעם דרייער, אויף וועלכען דער גראָדזיסקער צדיק רעכענט, און קען זיך פון איהם באין אופן נישט מתיאש זיין...

און עס ווערט אַ מלחמה צווישען גראָדזיסקער צדיק און דעם משולח פון לאָמזשער ישיבה... צווישען דעם גראָדזיסקער צדיק'ס „תורה" און לאָמזשער משולח'ס דרשות, ווענען דעם האַרטען דרייער, ווענען דעם גראָדזיסקער יוד'ס האַרטען דרייער...

און עס האָט זיך געדאַכט: דער גראָדזיסקער האָט מנצח געווען, חסידים האָבען זיך אַריינגעלעגט אין סאַמע מיט, און מען האָט געאַסרט דעם לאָמזשער משולח'ס דרשות! און נישט פון הימעל האָט מען געאַסרט, נישט קיין בת־קול האָט אויס־גערופען אַ גזרה, נאָר די „מעשענע קנעפ", וואָס האָבען צו זאָגען און צו שאַפען!

דער כח פון דער לאָמזשער ישיבה איז אָבער גרויס, און נאָך גרעסער דעם משולח'ס יצר־הרע צום גראָדזיסקער יוד'ס דרייער, און אַ יוד אַ למדן האָט זיך איין עצה געגעבן, און איז אַראָבגעקומען קיין גראָדזיסק ווי אַלע מאָל, קיין דרשה זאָגען וועט ער נישט, אָבער תורה לערנען מעג ער! תורה פון חומש אַרויס!

אין שבת פרשת „איך זאָל אַזוי וויסען פון בייז'ע", האָט זיך דער משולח אַנידערגעזעצט ביים גרויסען לומדים־טיש אין גראָדזיסקער בית־המדרש. און אַרום טיש האָבען זיך געזעצט די גרויסע בעלי־בתים, אין דער משולח און די גרויסע בעלי בתים האַלטען אָפענע חומשים פאַר זיך, און אַרום דעם עולם מיט די אָפענע חומשים שטעהט אַ ראָד קלענערע בעלי־בתים, און אַרום די קלענערע נאָך קליינע בעלי־בתים, דערנאָך ערשט אַ ראָד פון בעלי־מלאכות און אַזוי יודען... און דער משולח הויבט אָן אַ פסוק און פערטייטשט ע"פ פשט, און פרעגט אַ קשיא און פערענטפערט זי, און ווי פון אונטער דער ערד וואַקסען אַרויס

אַנדערע צוויי קשיות, דערנאָך פיער, דערנאָך אַכט, און זיי פערוויקלען און פערקניפּען זיך, און פערבינדען זיך און עס ווערט אַ דרשה, אַ קינסטליכע דרשה ווי אַ שפּינוועבס אַרום תורה'לע, און עס קנאַקט און עס רוישט, און דער עולם טראַכט: עס איז זיסער ווי האָניג, און דער משולח טראַכט: דעם גראָדזיסקער יוד'ס האַרטער דרייער איז מיין...

און עס האָט זיך געדאַכט, ער האָט מנצח געווען, נאָר נישט אַזוי געשווינד איז מען אַ חיה'לע פון „ערוב" מנצח...

דאָס חיה'לע זעצט זיך צום טיש, און קיינער קומט נישט צו געהן! עס טראָגען זיך די ריחות פון שבת'דיגע טיש־בשמים. — וואו זענען די נעז? עס וועט אַריין אַ קוגעל — ווער וועט חאַפּען שירים? און ווער וועט שטעלען וויין? מיט וועמען וועט ער בענשען?

— וואָס איז געשעהען? פרעגט דער רבי זיין רוח־הקודש, דעם גבאי, און דער גבאי ענטפערט:

— דער משולח פון לאָמזשער ישיבה דרש'ענט!

און דער רבי זאָגט:

— געה און זאָג, וואו מען דאַרף!

און דער גבאי ענטפערט: ער שטעהט נישט אויף דער בימה און זאָגט נישט אויסענווענינג, ביים טיש זיצט ער און לערנט, און זאָגט פון דער סדרא...

ווערט דער רבי גרין! די הענד ציטערן, די אויגען פלאַמען.

— געה — זאָגט ער מיט אַ הייזעריג קול פאַר כעס — געה אין בית המדרש אַריין צום עולם און זאָג זיי מיט די דריי אותיות, אַז איך הייס נישט לערנען!

און דער גבאי איז געגאַנגען און האָט געזאָגט, און דער

עולם האָט זיך דערמאַנט, אַז מען דאַרף, אַז מען מוז מורא האָבען פאַר אַ רבי'ן, און דער משולח האָט אפשר קיין פאַס נישט געהאַט, און אויפגעהויבען האָט זיך דער משולח, צולאָפען זענען זיך די בעלי־בתים, דער גבאי האָט די היכשים פערמאַכט...

מנצח געוועזן האָט סוף כל סוף דער רבי, דער **דריטער** איז **זיין**!

---

# ו י כ ו ח

אין קראשינסקים גאָרטען, צוויי יונגע לייט. ביידע רעדען יודיש. נאָר איינער ליטוויש — דער צווייטער פויליש יודיש, דער ערשטער פרעגט, דער צווייטער ענטפערט.

— נו, איהר זייט נאָך אַלץ נישט קיין ציוניסט?

— ניין.

— אַנטי?

— חלילה, פאַר וואָס אַנטי? מורא האָבען פאַר דער „גאוועטאַ פּאָלסקאַ"?

— וואָס דען?

— איך וויים צו וועניג!

— דהיינו?

— אָט... איך פלעג אַמאָל ערנסט דאַווינען... און דאָס דאַווינען איז — ירושלים און ירושלים! ארץ ישראל און ארץ ישראל!

ווייס איך אָבער נישט, צו האָט מען ירושלים און ארץ ישראל דעריבער נישט פערגעסען ווייל מען דאַווינט אַזוי פיעל; צי מען האָט נור דעריבער נישט אויפגעהערט צו דאַווינען, ווייל מען קען אָן ירושלים און ארץ ישראל נישט פערגעסען?!

אין חדר פלעג איך לערנען: „ארץ זבת חלב ודבש" — אַ לאַנד — האָט מיר דער מלמד געטייטשט — וואָס פליעסט מיט האָניג און מיט מילך — האָניג און מילך האָט אַ קינד ליעב ווי דאָס לעבען! ווייס איך? אפשר האָב איך מיך דעריבער דער־פרעהט, אַז איך האָב געהערט פון חבת ציון?

איך געדענק מיך גאַנץ גוט יונגיל־וויז... די שפּעטערע צייטען בעמיה איך מיר צו פערגעסען... קיין גרויסע האָפנונ־גען אויף שפעטער האָט מען אויך נישט... און, אַז עס ווערט נישט גוט אויפ'ן האַרץ, אַנטלויפט די נשמה צו די קינדער־יאָהרען, ווי אַ טויב אין טויבענשלאַג אַריין... איך ווייס נישט, אויב אַלע טהוען אַזוי, איך טהו עס, און עס העלפט אַמאָל און

פּערטרייבט די מרה־שחורה... געדענק איך, ווי אַלע מיינע
חברים פלעגן מיט שמחה וששון נאָכלויפן דער פּאָלקאָווע
מוזיק, בכלל דעם מיליטער. אין וואַרשוי זעהט מען עס זעלטע־
נער, איז עס מעהר אינטערעסאַנט — קינדער לויפן... מען
קען זיך נישט זאַט אָנקוקן, ווי עס בליצט דורך די „שטיקעס"
פון די ביקסען; זאַט אָנהערען די שטאַרקע, פעסטע מעשענע
קולות, וואָס געהען ווי איינעהמען אַ וועלט. איך איינער, גע־
דענק מיך, פלעג מיך נישט פרעהען. עס האָט זיך מיר
געדאַכט, אַז ווען עמיץ בעפאַלט מיך, מיין טאַטע־מאַמע,
מיינע ברידער און שוועסטער, וועט דאָס חיל נישט
זעהען, נישט הערען, און ווייטער מאַרשירען און ווייטער
שפּילען, און ווייטער נעהען איינעהמען די וועלט... און
דערביי פלעגן זיך מיר בעוויזען טרעהרען אין די אויגען...
פּשוט פאַר קנאה: וואו איז מיין מיליטער, מיין מוזיק?
אַז יענער האָט...

איך פלעג, מיט פערמאַכטע אויגען און אַ צורודערטער
נשמה, אויסהערען מעשיות פון משיח'ס צייטען. דער „רבי" אין
חדר פלעגט דערצעהלען, די באָבע אין דער היים, צי אין בית־
המדרש — עלטערע יונגליך. ווי ליעב האָב איך נעהאַט דעם
„מלך המשיח"! מיט אַלעם גוטען און טהייערן האָב איך איהם
בעקליידט און בעהאָנגען! ביי אַ רייכער מוהמען (ז'אי' שוין
אויפ'ן עולם אמת) האָב איך אָבגעריסען די פערל פון האַלז. ביי'ם
גענעראַל, וואָס האָט געוואָהנט נעבענאַנדער — די ווייסע פעדערן
פון איבערן קאַסק... ביי'ם כהן־גדול — דעם חושן ואפוד צוגע־
נומען! איך ווייס? נאַקעט און באָרוויס וואָלט איך אַ וועלט גע־
לאָזט! אָבער נישט שטענדיג. טהייל מאָל האָט מיך מעהר
גענומען משיח בן יוסף, וואָס דאַרף אומקומען, געהרג'ט ווערען...
און איך האָב אויפגעהויבען די אייגען צום הימעל: פאַר וואָס?
פאַר ווען? און נאָך וואָס זאָל איינפאַלען די אייזערנע בריק?
און איך פלעג טראַכטען: ביי יציאת מצרים האָט ער די מלאכים
נישט געלאָזט זינגען: מעשה ידי — זאָגט ער — טיבעים בים... און
לעתיד לבא... אַזוי אָהן רחמנות? וואָס זענען זיי ערגער פאַר די מצרים?

— קינדער־געדאַנקען!

— עהרליכער ווי מענשען־געדאַנקען, און אמת'ער אויך! דאָס זענען די גאָלדענע פּערעס, פון וועלכע עס שטיקט זיך ערשט אויס אַ נשמה פון אַ מענש, אַ פרישע ריינע נשמה...

נאָך געדענק איך: אין דער מערת המכפלה, געקויפט בײַ די בני חת, וואָס האָבען מיט נוטע ריידיליך אויסגעשווינדעלט ארבע מאות כסף.. אין דער מערת המכפלה זיצט אברהם אבינו, אָנגעלעהנט מיט'ן אַ קאָפּ אויף דער מוטער שרה'ס שויס... די הגדה דערצעהלט אַזוי... און איך זעה בחוש ווי די מוטער שרה, מיט אַ קעפּיל ווי בײַ'ן אַ ציטער־נאָדעל, זיצט און פיהרט מיט לאַנגע, נור דינע און דוכזיכטיגע פינגער, צווישען אברהם אבינו'ס זילבערנע לאָקען... אַזוי זיצען זיי און ביידע האָבען פערמאַכטע אויגען, און עפענען די אויגען וועלען זיי ערשט בײַ'ם שופר של משיח, ווען די טערקישע ווארטע וועט פערשטיינערט ווערען פאַר שרעק...

און עס פלעגט מיך ציהען צו דער מערת המכפלה... צום ויידען, צו דער באָבען...

נאָר אויך נישט שטענדיג!

טהייל מאָל פלעגט מיך וואונדערן: פאַר וואָס טראָגט עס אברהם אבינו האָהר אַ חוץ באָרד און פאות?

טהייל מאָל פלעג איך נאָר זיין פון הגר'ס צד, און וועלען דער מוטער שרה'ן אָבטהון אַ שפיציל! און איך פאַנטאַזיער הויך צווישען די הברים: איך וועל מיך אויסלערנען טערקיש, אַנטלויפען קיין ארץ ישראל, שטעלען מיך דאָרט פאַר אַ זעלנער. און, אַז עס וועט מיר אָנקומען צו שטעהן אויף דער וואַכט פאַר דער מערת המכפלה, וועל איך בײַ נאַכט, אַז קיינער וועט נישט זעהן, שטילערהייט אַוועקשטעלען דעם ביקס, אַריינקריכען זיך אין דער הייל, אויף די נעגיל צוגעהן און נעבען דער מוטער שרה אין נעזיל אַריין — — —

נאָר אַרויסזאָגען: „אַ שנעל", האָב איך די העזה נישט געהאַט.

— בעסער אַ שמעק טאַבאַק! האָט דאָך עמיץ אונטער־געכאַפּט...

— קונדייסים!

— גוטע צייטען געווען!... און וואָס נאָך האָב איך געוואוסט פון ארץ ישראל?

צו כותל מערבי, האָב איך געהערט, קומט מען צוזאַמען מארבע פנות העולם ווײנען, די וואַנד איז גליטשיק פין טרערען...

און איך האָב געגליסט צו דער כותל מערבי... דאָרט אַ תשעה־באב! צווישען איין עולם מארבע פנות העולם וואַרפען בערעליך!

טהייל מאָל איז מיר בעסער געפעלען די אילומינאַציע איף רבי שמעון בן יוחאי'ס קבר! ווייבער וואַרפען פון די אַקסעל אַראָב די טהייערסטע פערשיעדענפאַרבינע טערקישע שאַלען, טינקען אַיין אין פעסער שמן־זית און צינדען אָן! — — אַ חוץ אַזוי הבדלות, ליכט אין קאָליערטע פאַפּירענע לאַמטערן! אַה!

נאָך. ביי אונז אויפ'ן הויף — מיר האָבען דעמאָלט איף דער פראַנציסקאַנער גאַס געוואָהנט — האָט געוואָהנט איך אַ שוחט, אברהם מאַניס האָט ער געהייסען. אַ שם־דבר איז ער געווען דער אברהם מאַניס. ווען ער פלעגט מיך טרעפען, פלעגט ער מיך קנייפּען אין בעקיל — איך בין אַ שטיקיל עלוי געווען און ער—איין אַלטער מתמיד! דער נאָמען „אברהם מאניס" געדענק איך. נאָר פאָרשטעלען קען איך מיר איהם שוין נישט. פערמאַך איך די אויגען, זעה איך נישט מעהר, ווי אַ ווייסע, לאַנגע, זעהר לאַנגע באָרד; זי איז געווען די לענגסטע איף דער פראַנציסקאַנער גאַס, די לענגסטע אין גרויסען מנין. טהייל מאָל זעה איך נאָך אַ רויטען האַלז־און־נאַקען פין הינטען, מיט אַ שטיק בעוואַקסען האַרץ פין פאָרינט — ער איינער פלעגט נאָך טראָגען איין אָפען העמד מיט נאָכגעלאָזטע בענדליך... מעהר זעה איך שוין נישט... אָט דער אברהם מאַניס איז מיט דער צייט שוואַך געוואָרען איף די אויגען, אַוועקגעלייגט דעם חלף און געקליבען זיך קיין ארץ ישראל —

אין מנין איז געווען אַ רעש. לומדים האָבן געקלערט, צי מעג מען אויסמיידען משיח'ן, מען האָט אויפגעמישט הונדער־טער גמרות און ספרים, אַהין און אַהער, — מען האָט זיך צושוויצט, צואַמפּערט... נאָר אַזוינע וויכוחים פלעגן זיין וועגן איין על חטא ביום כפּור שחל להיות בשבת, און פלעגן אַזוי לאַנג דויערן, ביז איין אַלטער מנין־ייִד האָט זיך אויפ־געשטעלט און פאַר'ן עולם עדות געזאָגט, ווי אַזוי מען האָט זיך נוהג געווען פאַר־יאָהרען! און אַזוי איז געבליבן. דאָ אויך, דער מנהג איז, אַז ווער עס וויל פערשפּאָרען גלגול מחלות, פאָהרט קיין ארץ ישראל...

צווישען אונז יונגליך איז אויך געווען איין אַנדער מין וויכוח... מען האָט זיך אָנגעשמעקט מיט השכלה... איינער פון מיינע חברים האָט געלאַכט: „וואו מען מעג ווערען יעדנעראַל דאָרט איז ארץ ישראל" — דאָ! איהם פלעגט זיך שטענדיג חלום'ען אַ רייט־פערד מיט עפּאָלעטען!

און אין דער היים ביים וואַרימים האָט מען געקלערט: ווי אַזוי וועט אברהם מאַניס, דער אַלטער בטלן, מיט די האַלב בלינדע אויגען, טרעפען קיין ארץ ישראל? די מאַמע פרעגט: ווי אַרום פאָהרט מען קיין ארץ־ישראל... דער טאַטע זאָגט, מן הסתם איבער קאָנסטאַנטינאָפּאָל... און וואו ליגט קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל? ווייט, ווייט! און מען האָט געשפּינען אַ מאָדנע גע־אָגראַפיע איבער טהאָל און בערג, נאָר די אַלטע מירל האָט זי איבערגריסען. די אַלטע מירל איז געווען אונזער דיענסט און האָט געזאָגט, אַריינברעננענדיג דאָס ציבעלע פלייש, אַז אויפ'ן הויף זאָגט מען אויף זיכער, אַז „ראָני" די אברהם־מאַניס'עכע פאָהרט מיט... „ראָני" וועט טרעפען! זאָגט די מאַמע. אַלע זענען מודה, אַז „ראָני" וועט אויפ'ן פייער נישט פערברענט ווערען!

דעם נאָמען „ראָני" געדענק איך דורך אברהם מאַניסעס אַ גלייכוועדטיל, אַז ער פלעגט פון שחט'הויז אַהיים קומען שפּעט, פלעגט ער אָנקלאַפּען: קומי רוני בלילה!

און ליעב האָט זיך דאָס אַלטע פּאָר פּאָלק געהאַט, נאָך ווי ליעב!

אברהם מאנים איז אונזער בעל־תקיעה געווען — —

און דאָס אָנטהון פלעגען זיי, אַ פּנים, האַלטען אויף איין בענקיל... און איינמאָל ראש השנה איז אברהם מאנים געקומען צו די תקיעות אין ראָנים אַ העמד במקום אַ קיטעל! און האָט נאָך געשמייכעלט: „נישט קשה אַזאַ טעות, ראָני איז אַ צרקת!“ נאָר פאָרשטעלען ראָניען קען איך מיר אויך נישט: איך געדענק ניר: אַ קליינע, אַ פרעהליכע, אַ דורכזיכטיג פאַפּירען נעזיל מיט אַ קיל פון אַ פייגעלע. נאָר „ראניע איז אַ לייט, מיט איהר וועט ער זיך שוין דורכשלאָגען!“

גענגען וואָס דערצעהל איך עס?

יאָ... ראָניע איז צוריק נעקומען פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל...

זי איז קראַנק געוואָרען פאַר בענקעניש, און פּלוצים פּחד בעקימען פאַר'ן ים... אברהם מאנים איז ווייטער געפאָהרען...

ראָני האָט איהם פערלאָזט!

אַז זי האָט צוריק צו וועגס דערזעהן די ווייקסעל, האָט זי געוויינט פאַר פרייד! און נאָס האָט זי ממש געטאַנצט — דערנאָך איז זי געלאָפען אויף בית עולם ארוים און געפאַטש אין די הענטליך: מיינע ליעבע קברים, מיינע טהייערע קברים!... און עליה השלום, דער באָבען מיינער, האָט זי מיט גרויס נחת און מיט טרעהרען אין די אויגען דערצעהלט, אַז, געליובט איז זיין ליעבער נאָמען, וואָס זי האָט זוכה געווען מיט איהרע אייגענע הענד אָנצוריהרען די שיף, וואָס איז אַוועקגעשוואומען גלייך קיין ארץ ישראל...

זי האָט אָנגעריהרט די וואַנד פון שיף און די האַנד געקושט, ווי ביי אַ מזוזה!

— ווייבערישע זאַכען...

— ניין, דו ביסט צו טרוקען, דו פערשטעהסט עס נישט: אַ ווייבערישע צו אַ מענישע, נאָר אַ האַלבע נשמה דאָ, אַ האַלבע דאָרטען.

— מען רעדט דאָך אָבער נישט פון אַלטע יורען און

יודענעס, וואָס אַנטלויפען פאַר גלגול מחלות... נישט פון שטאַרבען, פון לעבען רעדט מען!

— איך ווייס? דאָס איז געווען נירסא דינקותא... חדר־זאַכען... און היינט וואָס ווייס איך? וואָס גיבען מיר די „בלעטער״?

איך לעז, וואָס עס לאָזט זיך לעזען... איך אליין אויף פּאָליטיק פערשטעה מיך נישט... נאָר אַזוי, וואָס הערט זיך דאָרט?

איינער זאָגט: יק״א און ראָטשילד הרג׳נען די קאָלאָניעס מיט זייערע שווערע פליגעל, וואָס זיי האָבען איבער זיי פערשפּרייט... דאָס אַפּטרופּסות איז סם המות! עס וואָלט שוין לאַנג דאָרט פּתום ורעמבס — טפו! ווי דאָס גלות האָט זיך איינגעגעסען, איך מיין „איש תחת גפנו״ געווען, און ווי ווייטער שטעהט... קומט אַ צווייטער און זאָגט: ניין, דער חסרון איז, וואָס מען וויל איבער נאַכט מאַכען פון אַ סוחר אַ פויער... אימגעלערנט מאַכען... איין אַגראָנאָם־שולע דאַרף מען. עפּענט איין אַגראָנאָם־שולע וועט זיין ששון ושמחה... קומט דערנאָך אַ דריטער, אַ כתוב השלישי און זאָגט: וואָס ווילט איהר? פייגעלמילך? עס געהט על צד היותר טוב! אַ מחיה! און באותו הרגע, ווי איך לייען עס, קומט אַריין איין אָרימאַן... ווער ביסט דו? אַ געוועזענער קאָלאָניסט אין ארץ ישראל...

ער האָט דעם „חלב ודבש״ אַ פּנים, נישט פערדרייעט!

זיי שווייגען אַ ווײַלע, און דער ליטוויש־רעדער זאָגט:

— עס האָט זיך געמאַכט אַ נייע חברה צו שטודירען, אויסצופאָרשען ארץ ישראל...

— באַ! וואָלט געווען איין עסק... קלאָרע דבורים...

וואָרום נאָך אַמאָל דאָס זעלבע: אויף פּאָליטיק פערשטעה איך מיך נישט... אַריע!

— אַריע!

# די לויה

אין אַזאַ גרויסער שטאָדט ווי וואַרשוי, מוזען זיין גרויסע לייט; און אַז גרויסע לייט שטאַרבען, זענען גרויסע לוויות.

אין יענע וואָך זענען דאָנערשטאָג און פרייטאָג גרויסע לוויות געוועזען!

לעער זענען געוועזען די גאַסען, די רעסטאָראַנען, קאָנדיטאָרייען, קאָפּעען; אין די גערטען האָט מען געקאָנט עובר זיין אויפ'ן גאַנצען שלחן-ערוך, אונזערן צו זייערן, אָהן עדות; פאַר דאָס איז פול געוועזען דאָס בית-עלמין, עס האָט געווימעלט אויפ'ן בית-החיים.

און ווער האָט זיך דאָרט דאָנערשטאָג און פרייטאָג נישט געטראָפּען?

דער ווירטה מיט'ן לאָקאַטאָר, דער מלוה מיט'ן לוה, דער ברויט-נעמער מיט'ן ברויט-געבער — אַלע האָבען זיך אָנגעקוקט און אָבגעקרעכצט:

— וואָס איז ווערט — האָבען זיי געטראַכט — אונזער פריינדשאַפט און אונזער האַס, אונזער קאָנקורענץ און אונזער הילף, אונזערע טענות, סכסוכים, קאָנטראַקטען און וועקסלען?

פלוצלינג האָבען זיך אַלע אַלס מענשען דערפיהלט! נאַטירליך נישט אויף לאַנג! נישט אויף לאַנג „נעמט זיך אַ לעבענדיגער צום האַרץ"! דאָס לעבען איז אייזען און שטאָהל, די מאָראַל „הויך — ווייך און אָנגעבלאָזען!" אין טויער פון קברות קימט אַמאָל אַריין אַ מענש, נאָר אַרויס געהען שוין צוריק חיות-רעות...

גוט איז דאָך אַ ליכטיגע מינוט ביי ווילדע משוגעים! אַ לויה, אַ יום-כפּור, אפילו אַ יום-כפּור-קטן!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

דאַרף איך אייך זאָגען וועמעס די גרויסע לוויות זענען געוועזען? „קינד-און-קייט" ווייסט, אַז „נתבקש בישיבה של מעלה" איז געוואָרען ר' זיינווילע, דער עלטסטער וואַרשויער

דיין, כמעט וואַרשויער רב, און איז געקומען צו קבר-ישׂראל דאָנערשטאָג ! . . .

צורודערט זענען געוואָרען די מתים :

— ווער פערטרייבט אונז — קלאָגען זיי זיך — דעם זיסען שלאָף אָהן חלומות, און הרהורים-רעים, פון די אויס-געגעסענע אויגען-לעכער ?

— צי האָט זיך עמיץ פון אויבען בעוויזען און אונטער זיינע טריט ציטערט אַזוי די ערד ?

— וואָס טאַנצען, ווי שכור, די מצבות ?

— און וואָס טרעט צווישען די קברים, צי געהט מיליטער אויף ערגיץ אַ מלחמה ?

אַזוי פרעגען די מתים, און דער הספד ענטפערט זיי :

— ר' זיינוויילע געהט צו'ן אייך, ר' זיינוויילע !

. . . . . . . . . . . . . . . .

— מען מוז איהם גוט אויפנעמען — טראַכטען די מתים ! אַ קלייניגקייט 40 יאָהר „כמעט מרא-דאתרא" אין וואַרשוי !

וויפיעל קדושין האָט ער מסדר געווען ?

וויפיעל גט'ן, עכטע כשר'ע גט'ן האָט ער אין קהל-שטוב און ביי זיך אין דער היים אויסגעריכט !

וויפיעל מאָל איז ער אויף כסא-של-אליהו געזעסען ! וויפיעל חליצות האָבען פאַר איהם נעשפיגען !

און וויפיעל דין-תורה'ס האָט ער געפסק'ענט, וויפיעל פשרות געמאַכט, און וויפיעל נולדים ונפטרים אויס — און איינגעשריבען !

און ווער וועט איבערצעהלען, וויפיעל הכשרים ער האָט ארויסגעגעבען ! פאַר פסח — אויף מיהלען, אויף בעקער-אייווען, אויף מצה-מעהל, אויף מצה-געוועלבער, אויף פאַפירענע מצה-טעצליך וכדומה און אַ גאַנץ יאָהר — אויף וויינען, פליישען און אַפילו אויף פוטער פון פערשיעדענע קרייטעכצער !

און וויפיעל נשים, און וויפיעל טעפיל-לעפיל ד׳אַט ער געאסר'ט און מתיר געווען !

ניִשט קיין לעבעדיגער, ניִשט קיין טויטער, ווערען עס
בערעכענט, צעהל איבער די שטערן אין הימעל!

. . . . . . . . . . . . . . . .

און דער מספיד קלאָגט:
„די שחיטה האָט ער געהאַלטען ביד רמה!"
„ניִשט געלאָזט, אַז ווער עס איז, פון וואַנען עס איז, זאָל
קומען מיט אַ סמיכה אַפילו פון מאה־רבנים און אויסציהען אַ חלף!"
„כל־זמן ער האָט געלעבט, האָט אַ וואָרש־ייער יוד
געוואוסט, וואָס ער עסט, וועמים פלייש ער עסט!"
און —
„יודישע קינדער האָט ער מיט מלמדים פערזאָרגט...
אַ סך מלמדים! אַ סך תורה, ווענינ תורה! אַבי ניִשט קיין
ליטווישע עברי — ווער מלמד! און מלמדים האָבען זיך געמעהרט
כחול־הים, קינדער האָבען זיך אויסגעלערנט דאַווענען און חומש
לערנען און יורען האָבען פרנסה געהאַט!"
„און אַ מרוצה־לקהל איז ער געוועזען!"
אַ לב־טוב, איין עין־טוב — פאַר אַלע גוט!
פאַר אַלע האָט ער געהאַט אַ פריינדליכען בליק אין די
ליכטינע אויגען, אַ זיסען שמייכעל אויפ'ן גלאַנצענדינען פנים,
אַ גוט וואָרט איף דער גלאַטער צונג און איין אייסגעצויגענע,
ווייכע, וואַרימע האַנד — פאַר אויסגעקיהלטע דייטשען, ברענענ־
דיגע חסידים, אויסגעטריקענטע מתנגדים, — דעריבער זענען
אַלע צו דער לויה געקומען, און ווען אַלע טרערען זאָלען
אַריינשווימען אין קבר, וואָלט דער אָרון, וואָס מען וועט אַריינ־
לאָזען, אַרומגעשווימען! — — — — —
און די מתים, פון עולם־אמת, זיפצען: אמת, אמת!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

צווישען איין הספד און דעם צווייטען האָט זיך איבער־
געדרעהט אַ מת מיט נאָך גאַנצע זייטען צו זיינע חברים
און געפרעגט:
— אַלערליי קולות הער איך, פאַר וואָס הער איך ניִשט
די קולות פון תנוקות של בית־רבן, פון תלמוד־תורה־קינדער?

און נאָך אַ פרישער מת, כמעט נאָך נישט איין אָנגע־ריהרטער, ענטפערט:

— די קונדייסים נעהמען צו אַ לויה!

זיי וואָלטען זיך אָבגעשטעלט אין גאַס און געשפּיעלט אין „ציגעל־מיגעל", זיי וואָלטען זיך גע׳ממית׳ש, מיט שטיינער געוואָרפען און אין מטה אריין, צו דעם הייליגען מת געטראָפען!

און פון בית־הקברות וואָלטען זיי אַ תל געמאַכט! זיי וואָלטען אויף די קברים אַרומגעטאַנצט, איבער די מצבות „קאָזיאָלקעס" געמאַכט...

און, וואָס דער עיקר איז, עס איז אַ חרפה און אַ בושה פאַר דער פּאָליציי — אָבגעריסען, אָבגעשליסען, אויסגעהונגערט...

אַזוי האָט געזאָגט דער פרישער מת!

---

און ווער וויים, וואָס נאָך פאַר אַ בלבולים דער מת וואָלט אויסגעטראַכט אויף די אָרימע תלמוד־תורה־קינדער, ווען נישט וואָס דער צווייטער הספד האָט זיך אָנגעהויבען.

„כשמת אחד מן החבורה, ידאגו כל בני החבורה" — אויף דעם האָט זיך דער מספיד געשטעלט.

עס איז אַ גמרא, אַ בפירוש׳ע גמרא, און אַ בפירוש׳ע גמרא איז הפקר; אויף איהר מעגען זיך אַלע שטעלען, איבער־דרעהען, איבערניציעווען, אויסטייטשען מיט׳ן קאָפּ אַראָב און מיט די פיס אַרויף, בפרט פאַר וואַרשויער קהל...

און דער הספד־מאַכער טייטשט:

— אַז עמיץ געהט אַוועק פון דער חברה, מוז די גאַנצע חברה זיינע געשעפטען פערזאָרגען...

— אמת! אמת! שאָקלען ווייטער די מתים מיט די ביינערנע קעפּ: מען מוז זיך צוטהיילען מיט די נולדים ונפטרים, מיט די שוחטים, מיט׳ן סנדקאות מיט אַלערליי הכשרים — —

אמת! אמת!

דאָס אַלץ איז געוועזען דאָנערשטאָג.

---

פרייטאָג האָבען די מתים כמעט גאָר נישט געהערט.

עס איז צו קבורה געקומען אַ יודישער גביר, אַ בערימהמטער בעל־צדקה — וואַוועלבערג!

נאָר די הספדים זענען געזאָגט געוואָרען אויף פּויליש, און אַ יוד, אַז מען לעגט איהם ווי עס דאַרף צו זיין אין דער ערד אַריין, הערט ער אויף פּויליש צורעדען, און צו פערשטעהן!

האָבען זיך די מתים, נעביך, פערטראַכט און אַזוי געטראַכט:

— דער מענש איז אַ גרויסער, נאָר אַ אומגליקליכער מענש געוועזען; ער האָט אַ סך געזייט, נאָר וויפיל וועט אויפגעהן און וויפיל וועט אָוועקטראָגען דער ווינד?!

דער מענש האָט געהאַט געלד, נאָר גאָלדענער ווי געלד איז געוועזען זיין האַרץ און האַרטער ווי אַ שטיין זיין מזל:

שלום האָט ער געוואָלט, און איז אין דער סאַמע רעכטער מלחמה געשטאָרבען! און איז אַוועקגעגאַנגען פון דער וועלט אָהן האָפנונג, אַז עס וועט אַמאָל זיין אַ שטילשטאַנד, אויב שוין נישט קיין שלום!

און ווייטער קלערען די מתים:

— וויפיעל יודען וואָהנען אין וואַוועלבערגס בילינע הייזער?

— וויפיעל פּראָצענט יודישע קינדער וועלען לערנען אין זיינע שוהלען?

— וויפיעל יודען, און וויפיעל נישט־יודען, פרעמדע און היימישע, געהען נאָך זיין מטה?

— וויפיעל פון זיינע מיליאָנען וועלען בלייבען אויף דער זייט און וויפיעל וועלען אַריבער אויף יענער זייט?

— אין ויער — קלערען ווייטער די מתים — וועט זיינע געשעפטען פערזאָרגען?

רבנים וועלען נישט פעהלען; פון אַלע זייטען וועלען זיי אָנקומען, מיט גרויסע און קליינע בערד, מיט פּראָטעקציע פון הכ־די־אומות־העולם, דורך די שפּאַרעס וועלען זיי זיך אַריינדרייען, דורך פענסטער און קיימען קומען — און מען וועט זיי אויפ־

געהמען, מען וועט זיי מוזען איינפנעהמען, נאָר אַזוינע וואַוועל־בערגס, מיט זייערע גרויסע מעלות, און גרויסע טעותים, אַזוינע וואו נעממ מען?

אַזוינע גאָלדענע הערצער דאַרפען וואַקסען אויף שטיינער, לײדער וואַקסען שטיינער אויף גאָלדענע הערצער!

---

צוויי גרויסע, גרויסע לויות געווען!

און גרויסע לייט פערנעמען אַ סך אָרט, אי ביים לעבען, אי ביים טויט! 4 אָרימע לויות האָט מען דעריבער געמוזט אָבּ־לעגען אויף מוצאי־שבת נאָך הבדלה; די גרויסע האָבען פערלעגט דעם וועג צום עולם־האמת!

צי איז דערויף קיין עצה נישט פאַרהאַן?

די וואָהנונגען פאַר לעבעדיגע גרויסע האָבען צווייערליי גענג:

אַ פאַראַדנעס, אַ ליכטיגען גאַנג — אין גרויסע הייזער אויסגעלעגט מיט פערסישע און טערקישע דיוואַנען, רעכטס און לינקס אויסגעשטעלט מיט די פיינסטע געוויקסען; דאָ אַרום קומען פיינע געסט, רייכע געסט; געסט, פאַר וועלכע דער גרויסער האָט וויין און אַלערליי לעקער־ביסען און אמת'ע האַוואַנאַ־ציגאַרען —

און אַ טונקעלען גאַנג, אַ גאַנג אַ שוואַרצען דורך דער קיך, פאַר קרובים, גלאַט פאַר אָרימע לייט, פאַר וועלכע מען האָט אַמאָל אַ האַרטען דרייער, גאַנץ אָפט איין אָנווייזונג אין הימעל אַריין: דער, וואָס שפייזט ווערים, וועט דיך אויך שפייזען, מעגסט עסען ערד; אָדער אַמאָל אַגוט וואָרט: געה גלאַט צו אַל־די־שוואַרצע־יאָהר!

פאַר וואָס זאָל דאָס בית־הקברות קיין צוויי גענג נישט האָבען? אָרימע לייט איילען זיך אַזוי אין זייער רוה אַריין, פאַר וואָס זאָל מען זיי פערהאַלטען, איבער שבת לאָזען?

מאַכט צוויי גענג!

איינעם איין אויסגעפלאַסטערטען, אַ ברייטען פאַר רבנים,

ראשי־קהל, בעלי־צדקה און גלאַטע גבירים און פאַר האַלב וו:רשיי (אַלס בעגלייטער, מיין איך!), מיט אַ גרויסען, גרויסען טויער און דערנאָך מיט גאָלדען־זאַמד איין אויסגעשאָטען וועג גלייך צו די אויבען־אָן־שטערט און פאַמיליען־גרעבער!

און אַ צווייטען וועג, אַ בלאָטיגען, אַ שמאָלען (אין גאַנצען פאַר איין אלמנה צי איין אַלמן, מיט עטליכע יתומים, צוויי־דריי שכנים!), מיט אַ קליינעם טויער, מען קען יוצא זיין מיט אַ לאָך אין צוים — פאַר אָרימע לייט!

און ווילט איהר, די לוויות זאָלען זיך נישט אויסמישען אייפ'ן קברות, האָט איהר דאָך אויף יעדען ווינק אַ „קאָרדאָן" פון „העלע קנעפּ" — מאַכט אַ מחיצה! דיזעלבע, וואָס היטען אייך שמחת תורה צו הקפות און יום־כפור, צו כל־נדרי אין דער „דייטשער שוהל", וועלען אייך היטען די קברים אויך!

---

און צינד הערט אַ מעשׂה:

מה בין בני לבן חמי? — בשעת ווען דער יודישער גביר וואַוועלבערג, האָט פאַר יידישע ליטעראַטור, כמעט גאָר נישט געזאָרגט האָט, זכרונו לברכה, ר' זיינווילע קלעפּפיש אַ סך פאַר איהר געטהון!

וכך הוה:

אַמאָל איז געווען אַ רב אין אַ שטאָדט, אויב איך בין מיך נישט טועה — אין פלאָצק. איז דער רב אַ מחבר געוועזען און דערצו איין אָרימאַן און, פערשטעהט זיך, אַ דאָפּעלטער — אַלס רב און אַלס מחבר. און האָט זיינע חדושי־תורה, אויב נישט מוסרי־זאַכען, נישט געקענט דרוקען...

מילא, כל־זמן אַ מענש לעבט, לעבט ער מיט האָפנונג; פאַר דער פטירה אָבער האָט זיך דער רב נעהייסען אויפשרייבען אויף דער מצבה אַ צוזאָג, אַז ער וועט אַ מליץ־יושר זיין, דאָס הייסט, אַז ער וועט זיך מיהען אין הימעל פאַר די, וואָס וועלען זיך פאַר איהם מיהען דאָ אויף דער ערד און וועלען אָבדרוקען זיינע חבורים...

אין דאָס האָט ר' זיינוווילע געטהון ; ער האָט געלד גע־
זאַמעלט און געדרוקט !

ביי ר' זיינוווילעס אלמנה זענען אפילו פון דעם געלד גע־
בליבען 60 רובל, און זי זוכט צו געפונען נאָך מאַניסקריפּטען
(כתבי־יד, מיין איך פון פלאָצקער רב'ס מאַניסקריפּטען) און וויל
זיי ברענגען לבית־הדפוס . . .

*      *

*

ר' זיינוווילע, זעהט אויס, האָט שוין זיכער עולם־הבא !

דריי מאָל אין טאָג „אשרי" האָט ער געזאָגט ; פאַר מאכלות־
אסורות און שחיטת־חוץ פערציג יאָהר דורכאַנאַנד — גאַנץ
וואַרשוי בעהיט ; דוחק־הקץ, צוזאַמען מיט די ציוניסטען, איז
ער נישט געווען, און דער פלאָצקער רב, זיין מליץ־יושר, איז
אויך עפּיס ווערט ; און דעריבער, אז איך מאַך די אויגען צו,
זעה איך בחוש, ווי ר' זיינוווילעס ווייסע נשמה פליהט אויף
תפלין'דיגע כנפי־יונה גלייך אין הימעל אַריין, אין גן־עדן אריין,
צום כסא־הכבוד צו !

נאָר וואָס וועט זיין מיט וואָוועלבערגס נשמה ?

זיין צדקה האָט אַזוי פיעל פעהלער געהאַט !

און גלאַט, ווער ווייסט צי מען קען זיך קויפען עולם־
הבא פאַר געלד, און ווען אפילו פון צדקה־געלד ?

## דער פּאַקט און די פּרעסע

**געשעהן איז דער פּאַקט אין וואַרשוי, אויף דער קראַקויער־פאָרשטאָדט, אין אַ יוריש באַנק־געשעפט.**

די געשיכטע א׳ : געוועזן איין איינפאַכע, נור ווי פערשידענאַרטיג און פערשידענפאַרביג האָט זי זיך אָבגעשלאָגען אין דער פרעסע.

געשעהן איז די סצענע אין אַ שענעם העלען פאַר מיטאָג, אין באַנק־גישעפט זיצט פליגעלמאַן, קלערט הוריות און וואַרט אויף אַ קונה. אין צווייטען צימער זיצט דער בוכהאַלטער זומער־שפּרענקעלע און קלערט, מיט דער פעדער אונטערן אויער, ווי אַזוי צו פערשרייבען עפּיס איין שפּעקולאַציע אויף אַ ווערט־פאַפּיר. אין דרויסען ביי׳ם שויפענסטער, ווי עס ליגען אויסגעלעגט אַלערליי גאָלדענע זילבערנע מטבעית, באַנקצעטלעך, בילעטען, און ווערט־פאַפּירען פון גאַנץ אייראָפּאַ, האָט זיך אָבגעשטעלט וואַשלאַפּסקי, ער בעטראַכט דאָס פערשידענע געלד און נעמט זיך רעכט און עפענט די טהיר פון געשעפט. ער גריסט שטאָלץ ווי אַ „שלאַכציץ״, פליגעלמאַן בויגט זיך דאָפּעלט אונטערטהעניג אַלס יוד און אַלס סוחר. וואַשלאַפּסקי פערלאַנגט אַ ווערט־פּאַפּיר פון אַ געוויסען פּרייז, זומערשפּרענקעלע דערהערט אין צווייטען צימער די בעשטעלונג און בעוויזט זיך אויף דער שוועל, טאָמיר וועט זיין פאַר איהם אַ שליחות אין אַ צווייט געשעפט אַריין; אין דער אייגענער קאַסע, ווייסט ער, ליגט נישט פיעל מעהר ווי אין שוי־פענסטער און גאַנץ אָפט מוז מען אַריינברענגען פון ערגיץ אַנדערש. וואַשלאַפּסקי בעמערקט נישט דאָס זומערשפּרענקעלע. סוחרים געהען שטיל, בוכהאַלטער — נאָך שטילער. דאָס פּאַפּיר פאַר דעם פּרייז, וואָס וואַשלאַפּסקי האָט פערלאַנגט, איז גראַד געוועזען, פליגעלמאַן דערלאַנגט עס און וואַשלאַפּסקי בעט, מען זאָל איהם אַרויסשטעלען אַ רעכנונג. פליגעלמאַן בויגט זיך איבערן טיש און וויל שרייבען, נור אין דער זעלבער סעקונדע האַפּט וואַשלאַפּסקי אַרויס פון בוזעם־טאַש אַ פּיסטאָלעט, אינסטינקטיוו לאָזט זיך פליגעלמאַן אַראָב אונטערן

טיש, וואַשלאַפּסקי שיסט דערוויל און טרעפט, אויפ'ן אָרט פון דער ברוסט, צו וועלכער ער האָט געציעלט, פיעל העכער, נישט ווייט פון גע'ענק פון דער האַנד, אויפ'ן אָרט, וואו עס ליגט די שעלקע. די קויל האָט זיך אַריינגעטריבען, פערוויקעלט אין דער שעלקע, נישט זעהר טיעף אין לייב. אין דער זעלבער סעקונדע לויפט אונטער זומערשפּרענקעלע, חאַפּט אָן פערטומעלט וואַשלאַפּסקין ביי דער לינקער האַנד און שטאַמעלט: וואָס טהוט איהר? (נאַטירליך אויף פּויליש) און וואַשלאַפּסקי ענפערט איהם, שוויינענדיג, מיט אַ קויל אין שטערן אַריין... וואַשלאַפּסקי אַנטלויפט מיט'ן ווערט-פּאַפּיר, זומערשפּרענקעלע רוקט זיך צו צום שווי-פענסטער מיט'ן בלוטיגען קאָפּ. און בלייבט שטעקען אין פענסטער — און פליגעלמאַן, וואָס האָט דאָס אַלץ אונטערן טיש נישט געזעהען, האַפּט זיך פלוצלונג אויף, שפּרינגט אַריבער איבער'ן טיש, און לויפט פון געשעפט אַרויס, נאָכיאָגען וואַשלאַפּסקין. וואַשלאַפּסקי לויפט איבער דער גאַס, פליגעלמאַן נאָך; וואַשלאַפּסקי שפּרינגט אַריין אין אַ דראָשקע, פליגעלמאַן נאָך; וואַשלאַפּסקי שפּרינגט אַרויס, לויפט ווייטער, שטרויכעלט איבער אַ שטיין און פאַלט, פליגעלמאַן לויפט צו, ווי אויך פּאָליציי, וואָס האָט זיך דערוויל געפונען, און ליגענדיג, אויף דער ערד, דערלאַנגט זיך וואַשלאַפּסקי די דריטע קויל אין מויל אַריין...

עס איז אָנגעקומען די „געשווינדע רעטונג" און האָט אַוועק געפיהרט אַזוי וואַשלאַפּסקי ווי זומערשפּרענקלע אין אַ שפּיטאָל אַריין, דעם בילעט אויף אַ פּאָר טויזענד האָט פליגעלמאַן אָבגענומען און האָט נור געהאַט אַ היזק אין שווי-פענסטער, וואו פערשידענע ווערט-פּאַפּירען זענען איבערגעוואַשען געוואָרען אין בלוט פון זומערשפּרענקעלען.

פליגעלמאַנען האָט מען לייכט און ביי איהם אין דערהיים אַפּעריערט, דאָס שטיקעל שעלקע מיט'ן קיילעכיל האָט די פאַמיליע בעהאַלטען לזכרון. שבת האָט פליגעלמאַן „הגומל" געבענשט, און דאָס ווייב אין דער היים אויפ'ן ווייבערשען באַלקאָן האָט זיך צעוויינט אויף אַ קול, וואָס מען האָט שוין לאַנג

אין דער דייטשער שוהל נישט געהאַט, דערנאָך האָט זי בע־
קומען מיגרען — —

די רעשט וועט איהר געוואָהר ווערען פון דער פרעסע,
מיר מיזען נאָך צוגעבען, אַז אין שפיטאָל, אַז מען האָט
איהם אויסגעטהון, איז פון וואשלאַפּסקין אראָבגעפאַלען אַ פּאַריק
מיט אַ פאַלשער באָרד!

דער „שטראָסען־לייפער” איז געווען דער ערשטער, וואָס
האָט דעריבער געשריבען, נישט אומזיסט איז ער „גאַסענלייפער”;
ער חאַפּט, זאָגט מען, נייעס ווי פליגען.

„וואַשלאַפּסקי — האָט ער מודיע געווען, — איז קיין געבוירענער
מעדער נישט, ער שטאַמט פון איין אַלט־שטעדטישער עהרליכער פאַמיליע
און האָט בעקומען איין אָרענטליכע ערציהונג. נאָכ'ן ענדיגען פון 4 קלאַסען,
האָט מען איהם אַריינגעגעבען אין אַ געשעפט, פון וואַנען ער איז איבער־
געגאַנגען צו דער באַהן־ביורא, וואו ער האָט זיך לעצטענס פערדיענט
ביז 100 רובל אַ מאָנאַט. געהייראַטעט האָט ער די טאָכטער פון זיין
פאָרגעזעצטען, וועלכען ער איז געפעלען מיט זיין כאַראַקטער, ווי אויך
מיט זיין עהרליכער און געטרייע אַרבייט, געלעבט מיט'ן ווייב האָט ער
די גאַנצע צייט פון דריי פיערטעל יאהר זעהר גליקליך. זי איז איינע פון
די שענסטע דאַמען אין ווארשוי. אַ בלאָנדינע, מיט העלשיינע האָאר און
הימעל־בלאָהע אויגען, אַ ביסעל מאָגערליך, אַ דורכזיכטיגער הויט. פון די
אויגען אָבער פאַלען אויף דער הויט אַ לייטזעליג קינדיש, גליקליך ליכטיגער
שמייכעל. עס זענען געווען אַלע שאַנסען, וואַשלאַפּסקי זאָל גליקליך זיין,
נור די וועגען פון דער השגחה פרטית זענען וואונדערליך און טיעף אין
וואַשלאַפּסקיס נשמה איז אַ שרעקליכע קרענק, וואָס ער, ווי אַלע אזוינע
קראַנקע, האָט זיך בעמיהט צו בעהאַלטען פאַר דער פאַמיליע, בפרט פאַר
די חברים, צו פערטומלען זיך און צו בעטויבען האָט ער אָנגעהויבען
טרינקען צום הייס געליעבטען ווייב האָט ער אָנגעהויבען רעדען מיט
אַראָבגעלאָזטע אויגען און גאַנץ אָפט נאָך מיט אַ ביטערקייט אין דער
שטימע, אין ביורא פלעגט ער זיצען שטונדען לאַנג פערטראַכט, בייסענדיג
די פעדער אָדער פוצענדיג זיך, סכלומר'שט, די נעגעל, אָפט פלעגט ער
פערפאַלען ווערען און בעוויזען זיך אין אַ צייט אַרום פערשטימט,
צערשטערט מיט ברוינע בלאָה אַרומגערענדערטע אויגען. דעם לעצטען

טאָג איז ער גאָר אין ביורא ניט אַריינגעקומען. עטליכע קאָלעגען האָבען זיך מיט איהם געטראָפען אין גאַס און האָבען איהם געגריסט, נור ער האָט זיי נישט געענטפערט... ווער עס איז אַזוי לייכט=זיניג געווען און אַזאַ פערשטערטען מענש געבאָרגט פון דער האַנד אַרויס אַיין אָנגעלאָדענעם פיסטאָלעט, איז נאָך נישט בעקאַנט...

די „אַייזערנע שער" האָט אַריבערגעדרוקט פון „גאַסעלייפער" דעם בעריכט מיט די בעמערקונגען און נאָך צוגעגעבען:

לויט מען דערצעהלט, האָט הער וו. (די „אַייזערנע=שער" שרייבט דעם נאָמען נישט אַרויס) נישט גלייך געשאָסען צו פליגעלמאַן. ווען ער ציעלט צו איהם, וואָלט ער געטראָפען. ווי ער איז בעריהמט צווישען זיינע קאָלעגען אַלס דער בעסטער שיסער. פאַר=יאָהרען אין אַ סילוועסטער אָוועגד האָט ער נאָך אַ שאַרף אָוועגדברויט מיט להייס'ס אָהן אַ צאָהל, געשאָסען ציהען מאָל און ניין מאָל געטראָפען אין אַם פיק. געשאָסען האָט ער פערוווירט אויף אַלע זייטען, דער פיסטאָלעט האָט 8 קוילען געהאַט. איינע האָט געלעכערט משה=מאָנטיפיאָרעס פאָרטרעט, וואָס הענגט אויף אַלע יודישע וועגד. אַזנ פונקט אין דעם אַלטענס נאָז אריין, 2 קוילען האָבען געלעכערט צוויי שויבען אין פענסטער אין צווייטען צימער אַריין, איינע האָט בעקומען פליגעלמאַן, איינע וומערשפרענקעלע, איינע ער אַליין, און די רעשט צוויי קוילען האָט ערשט אויסגעשאָסען דער פעלדשער אין שפיטאָל. אַז וו. איז צו זיך געקומען און האָט בעמערקט, וואָס ער האָט אין שגעון געטהון, איז ער אַנטלאָפען און אין טעות מיט געכאַפט אַ באַנק=בילעט, אין וועלכען ער האָט איינגעהילט דעם פיסטאָלעט; אַז מען האָט איהם געכאַפט, האָט ער פריהער אָבגעגעבען דעם בילעט און דערנאָך זיך געשאָסען. ואָך=פערשטענדיגע זאָגען, אַז דאָס געשעהנע זומגליק וואָלט נישט אַזוי גרויס געווען, ווען נישט, וואָס ביידע יודעלעך פליגעלמאַן און וומערשפרענקעלע, זענען אַזוינע פחדנים! צו קראַנק לאַבען איז, אַז אַזוי ווי מען האָט אַרויסגענומען דעם פיסטאָלעט, זענען ביידע זוי שטום געוואָרען און נישט געשריען „געוואַלט!" וואָס אַ יוד טהוט ביי דער קלענסטער קלייניגקייט. נור פליגעלמאַן איז אַרונטער אונטער'ן טיש און זיין הינטיש=געטרייער בובהאַלטער איז געלאָפען ראַטיווען דאָס געלד אין שוי=פענסטער, (דאָס ערשטע איז ביי אונזערע יודעלעך=געלד!) און איז שוין דאָרט געבליבען!"

אַלס צולאָג :

„פליגעלמאַן אַלס רייכער מאַן האָט זיך קורירט אין דער היים ביז ויך. דער געוויסער ד״ר . . . האָט איהם באַלד אַרויסגענומען די קוילען, געוויס אין פליגעלמאַן פערזיכערט פאַר איין אומגליקליכען צופאַל אין וועט נאָך פון עסק עפּעס פאַרדינען. וו. געבעק, און זומערשפּרענקעלע ליגען אין שפּיטאָל און די דאָקטוירים זוכען אין זיי טרום די קוילען און קענען זיי נישט געפינען״.

דער „טעלער-לעקער״ דערצעהלט נאָך די מעשה און לויבט די בעמערקינגען פון „גאַסען-לייפער״ מיט דער „אייזערנער שער״ און האָט זיין אייגען שטיקעל מוסר אויך.

„מערדעריי — זאָגט ער — ליגט נישט אין דער סלאַווישער נאַטור. מיר וועגען פון דער נאַטור צו ווייך, צו גוטמוטהיג אין אונזערע נשמות ועגען צו לייטזעליג בלוט צו פערגיסען, כפרט וועגען געלד. דאָס שמעקט מיט סעמיטיזם, מיט אויען! און דעריבער אויב וואַשלאַפּסקי איז נישט קראַנק אויף די געהירן, ווי די צייטונגען שרייבען, און דער שפּיטאָל-דאָקטאָר, ווי מיר האָבען געהערט, לייקענט אָב, און אויב, ווי וואַשלאַפּסקי׳ס קרובים פערזיכערן, עס שטעקט אין זיין בלוט קיין איינציגער פרעמדער טראָפּען, האָט די געשיכטע פאַר אונז גאָר איין אַנדערע געשטאַלט. מיר וועגען זיכער: אַז פליגעלמאַן האָט וואַשלאַפּסקען בעליידיגט. אונזערע געשעפטס-לייט בעהאַנדלען אַלע גראָב, קוקען פון אויבען אַראָב אויפ׳ן קונד, בפרט פליגעלמאַן מיט זיין יודישער אָראַגאַנץ (חוצפה). מיר האָפען, אַז קיינער וועט אונז נישט פאַלש פערשטעהען און נישט רעכענען אונז פאַר אַנטיסעמיטען. נור פאַקט בלייבט פאַקט, אָראַגאַנט וועגען זיי די יודען. זיי וועגען מענשען אין האָבען מעלות און הסרונות ווי אַלע מענשען, נור חוצפה האָבען זיי מעהר פאַר אַלע פעלקער. די שפּאַנער מעגען זיך ביי זיי לערנען חוצפה. אפילו דער וואַרשויער איוראַעליט לייקענט עס נישט אָב. וואַשלאַפּסקי איז סן הכתם אַ שלאַבציג און קען קיין פלעק אַנדערש ווי מיט בלוט נישט וואַשען. די אידיאָטישע פראַגע זומערשפּרענקעלים: „וואָס טהוסט דו, פריץ?״ האָט איהם נאָך מעהר צורייצט, בפרט נאָך ווען זומערשפּרענקעל האָט איהם אָנגעהאַפּט, ווי מען זאָגט, פאַר׳ן לאַץ — און ער האָט נאָך אַמאָל געשאָסען! דעם צווייטען שאָס קען מען שוין אויף

זיין חשבון נישט שטעלען ! פאַר גריטצאָרן האָט ער שוין נישט געוואוסט וואָס צו טהון !

דאָס אַלץ איז ביי אונז זיכער, דאָס אַלץ וועט שפּעטער בעשטעטיגען דאָס געריכט. די פראַגע איז נור צו האָט ריכטיג געטהון פליגעלמאַן, וואָס האָט אויסגעריסען פון וואַשלאַפּסקי נאָכ'ן שיעסען זיך פון דער האַלב=פערשטאַרטער האַנד דעם בילעט . . . ווער ווייסט, ווען וואַשלאַפּסקי איז בעליידיגט געוואָרען : פ אַ ר אָדער נאָכ'ן בעצאָהלען פאַר'ן בילעט ? און אפשר איז וואַשלאַפּסקי געקומען אין געשעפט אריין פ ע ר ק ו י פ ע ן, נישט קויפען קיין בילעט ?

פליגעלמאַן, הגם אַ יוד, קען זיין איין עהרליכער מאַן; עהרליכקייט ווענדט זיך נישט אין דער רעליגיאָן, נור אינ'ם כאַראַקטער פון מענש, נור ערשטענס ביי אַזאַ צופאַל ! אפשר פיהלט ער זיך גערעכטיג צו צונעהמען דעם בילעט פאַר די קאָסטען פון דער אָפּעראַציע, וואָס ער האָט זיך געמאַכט, פאַר'ן פאַפּירענעם געלד, וואָס איז פערבלוטיגט געוואָרען אין פענסטער, און אפשר פאַר די עטליכע חדשים, וואָס ער וועט צאָהלען זומערשפרענקל'ן אומזיסט געהאַלט ? אין דעם פאַל וואָלטען מיר דעם געעהרטען פליגעלמאַן אויפ'ן וואָרט נישט געגלויבט, בפרט היינטיגע צייטען, ווען דער יודישער האַס געגען קריסטען האָט זיך אַזוי געשטאַרקט דאַנק הערצל'ען עט קאָמפּאַניע, וואָס פערשפרייטען דעם ציוניזם . . .

סיי ווי סיי, די פּאָליציי האָט נישט געדאַרפט דערצו דערלאָזען".

די „הייטישע גרין" גיט איבער וואָרט ביי וואָרט דעם טעלער-לעקערס ספקות וועגען בילעט און בעמערקט דערצו:

„סיי ווי סיי איז אַ וואונדערליכע זאַך, ווי די יודישע ממשלה וואַקסט אין אונזער ווארשוי פון טאָג צו טאָג. דער ערליכער „טעלער=לעקער" פיהלט אויף זיכער, אַז דעם בילעט האָט פליגעלמאַן גע'גזלת כמעט פון אַ טויטער האַנד, און האָט די העזה נישט אַרויסצוזאָגען עס בפירוש און קאָקעטירט מיט יודען און זייער רעליגיאָן אפילו. נישט אין דער רעליגיאָן און נישט אינ'בלוט, זאָגט ער, שטעקט עהרליכקייט, נור אין כאַראַקטער. אָבער, הונדערט=טייוועל=מענש, פון וואַנען נעמט זיך כאַראַקטער, אַז נישט פון דער הייליגער רעליגיאָן און אויך נישט פון עלטערן בירושה? נור דער „טעליער=לעקער" האָט עטליכע הונדערט יודישע אַבאָנענטען און זיי האָט ער מורא צו פערלירען: דער יוד איז טרפה. אָבער זיין גראָשען

איז כשר. און אפשר שטעקט אַ סך אמת דערינען, ווייל עס איז דאָך באמת אונזער גראָשען... וואָרום ווען מיר גראָשין האָט אַ יוד?

אָבער מיר אַלס פריי און ערליך בלאַט, זאָגען אַרויס בפירוש: פליגעלמאַן האָט דעריבער איבערגעלאָזט זיין בוכהאַלטער בעגאָסען אין בלוט, ווייל ער האָט געפיהלט, אַז מען קען חאַפּען אַ בילעט! וואָס? פרעגט איהר – פליגעלמאַן, דער הויפּט=ערליכער מאַן פליגעלמאַן וועגען געלד? אוי נאַרען, נאַרען, קריסטליכע נאַרען! צו ווייסט איהר נישט, אַז דאָס גאָלדענע קאַלב פאַר אַ גאָט האָט געמאַכט אהרן, אהרן הכהן, אהרן דער כהן גדול, און אַז פון דעמאָלט אָן האָט דאָס גאָלדענע קאַלב צו שאַפען איבער זייערע אַלע נשמות. אַז עס ברענט, ראַטיווועט אַ יוד נישט דאָס ווייב, נישט די קינדער, אפילו נישט זיין הייליגע גמרא, נור דעם בייטעל מיט געלד!

און אפשר וועט אונזער „טעלער=לעקער“ זיך בערוהיגען, ווען פליגעלמאַן זאָל שווערען אין קיטעל און טלית, אַז דער בילעט איז זיין? מוזען מיר איהם דערמאַנען, אַז אין 17=טען און גאָר אין 18=טען יאָהרהונדערט, האָט דער ביסקופּ אין סאַנדאָמירזש פאַרברענט 18 יודען מיט אַמאָל פאַר אַ פאַלשער שבועה!

ווייסט איהר ווען מיר וואָלטען געגלייבט? טאַקי דעם אָרימען זעמערשפּרענקעלע און אָהן אַ שבועה! נור ווען? ווען ער לייקענט אָב דעם טעות און נעמט אָן אונזער הייליגע קאַטוילישע רעליגיאָן. און זייט די קויל האָט איהם געריהרט די געהירן, ווייל ער עס; בענקט ער צום אמת, חלישט ער צום אמת! די באַרמהערציגע שוועסטער אַנטאַנינאַ האָט ער אַלע מאָל אָן ביי דער האַנד און קושט זי מיט ברענענדיגע ליפּען אין מיט'ן גאַנצען האַר'; „ביי אינז – זאָגט ער – זענען אַזוינע פיינע, הערליבע און באַרמהערציגע מלאכים נישט פערהאַן!“ „ביין אייך – זאָגט ער – איז בעסער, אַלין בעסער!“ און ער וואָלט שוין אפשר לאַנג די זכיה געהאַט אויסגעלייזט צו ווערען פון בלייערנעם יודישקייט, און די נשמה זיינע וואָלט זיך אויסגעהויבען אויף הייליגע פליגעל צו גאָט'ס ליעבשאַפט און לייטזעליגקייט, ווען נישט דער יודישער פאַנאַטיזם, וואָס טרעט איהם נישט אָב אַ רגע! אָדער פליגעלמאַן קומט, אָדער אַ מוטער, אָדער אַ שוועסטער, מען לאָזט איהם מיט דער הייליגער שוועסטער קיין רגע נישט אַליין...

וועט שוין אויפהערען די יודישע ממשלה אין שטאָדט און זייער ווירטשאַפט אין אונזערע שפּיטעלער ?.

גאָר פון איין אַנדערען שטאַנדפּונקט פּרעדיגט די אַלטע „פלעדערמויז״ :

– „וויטער אַ רויב נאָך אַ מערדעריי, נאָך אַ קאַטוילישע נשמה האָט זיך פערפלעקט אין בלוט און אין הימעל ווייגען די מלאכים פאַר זייןּ ליעבען־נאָמענס שטוהל : ווען וועט זיין אַ סוף ?

און וועגען וואָס איז עס געגאַנגען ? וועגען געלד !

וועגען געלד האָט אַ קריסט וואָס דאַרף ליעב האָבען און אַלע מוחל זיין, געשאָסען יענעם און זיך... און דער זעלבסט־מערדער ליגט אין שפּיטאָל אין די הענד מיט די שאַרפע נעגעל פון אַשמדאי, און די קויל האָט זיך איהם פערשטעקט אין די געהירן, ווי אַ ווינד אין אַ נשמה, און ער קען אפילו אויף קיין רגע צו זיך נישט קומען, אַ קרעכץ טהון, אין געדאַנק וועניגסטענס תשובה טהון... און דער יצר־הרע לאַכט, און דער יצר טוב שטעהט אָבגערוקט פון וויטען און פערשטעלט זיך די אויגען... און דער טייוועל פון גיהנם שטעהט גרייט אויסצורייסען די זינדיגע נשמה פון זינדיגען גוף און צו שלעפּען זי אין גיהנם אַריין אויף אייביגען צער, אויף אייביגע יסורים, אופ׳ן אייביגען פייער !

און מען וועט איהם אפילו נישט קריסטליך בעגראָבען, און מען וועט נישט בעשפּריצען מיט הייליג שפּרענג וואַסער זיין קבר, ווי אַ חיה וועט מען איהם אַריינוואַרפען אין אַ זאַק ביי דער צוים..

און ווער איז שולדיג ?

מיינט נישט, אַז זיינע חברים, צו וועלכע ער האָט זיין נדן אין קאָרטען פערשפּיעלט, צו די „עופות טמאים״, צוליעב וועלכע ער האָט זיין פרום און כשר ווייב פערלאָזט, אָדער טאַטע־מאַמע, וואָס האָבען איהם אַרבייטען און שפּאָרען נישט געלערענט, אין אפילו נישט ער אַליין מיט זיין אויסברענגעריי. שולדיג איז דאַרווין ! שולדיג זענען זיינע איבער־זעצער ! שולדיג זענען די אַלע, וואָס האָבען גילערנט, אַז אַ מענש קומט אַרויס פון איין אַף, און האָט נור אַזוי פיעל נשמה, וויפיעל עס האָט אַ חזיר צו איין אַנדער אומריין טהיר. שולדיג זענען די, וואָס האָבען אויסגעלעהרט דען הימעל פון גן־עדן, פון מלאכים און אפילו פון גאָט, און געהייסען אפילו דעם רעגען, ער זאָל פאַלען נישט פון הימעל, נור פון וואָלקען !

שולדיג זענען די וואָס האָבען אָבגעריסען דעם געוויסען, די עהרליכקייט, דעם מוסר אין גאַנצען פון דער רעליגיאָן, און געהייסען זיי זוכען ביי זיך אין האַרץ, אין מענשליכען האַרץ, וואו דער טייוועל שטעקט. שולדיג זענען די, וואָס האָבען געזאָגט, אַז דער מענש איז נישט בעשאַפען געוואָרען אויף הכנעה, אויף אונטערטהעניגקייט, אויף צער און יסורים, אבי גליקליך צו זיין אויף יענער וועלט נור האָבין איהם געהייסען זוכען זיין גליק דאָ, דאָ אויף דער וועלט, אין רינשטאָק פון אַלע תאוות, פון קאָרטענשפּיעלען און פרעכע ווייבער! שולדיג זענען די, וואָס האָבען געלערנט, אַז אַלע מענשען זענען גלייך, אַז אַלע דאַרפען טרינקען פון בעכער מיט וויין, אַז אַלע הענד מעגען גראַבלען אין שיסעל מיט קרעפּלעך — —

זיי זענען שולדיג און אויף זייער נשמה פאַלט דאָס בלוט, וואָס ווערט פערגאָסען, די זינדיגע שאָטען, וואָס פערשטעלען די הייליגע זון פון דער אמת'ער רעליגיאָן...

דאָ אויף דער וועלט, אויב וואַשלאַפּסקי וועט געזונד ווערען, וועט זיער פּראָקוראָר רעדען וועגען איהם; אויף יענער וועלט וועט דער קטיגור רעדען פון דאַרווין, העקעל, באָקל און אַנדערע הינד, וואָס האָבען אויסגעביסען די קריסטליכע נשמות"...

און די „טויבע-גלאָק" ציטירט די אַלטע „פלעדערמייז" אין צייטונג-שטימען און בעמערקט מיט גרעסערע אותיות פון איהר זייט:

„גאָלדענע און בריליאַנטענע ווערטער! נור ווייל פליגעלמאַן איז אַרויס פון געפאַהר, ווייל שפּרענקלע איז נישט געפאַלען טויט אויפ'ן אָרט, זאָגט אין אונזער קריסטליך האַרץ, אַז דער באַרמהערציגער גאָט, וועט זיין פאַר וואַשלאַפּסקין פול מיט חסד, און דער טויט וואַשלאַפּסקי'ס (לאַנג לעבען וועט ער שוין נישט) וועט מכפּר זיין אויף ויינע זינד.

אייביג ליידען וועלען נור די, וואָס האָבען די וועלט מיט זייער פאַלשער פילאָסאָפיע פערסמט, און אין מדבר אַריין פערטריבען".

פעך און שוועבעל גיסט דערפאַר דער „סעמיטען-פרעסער":

„מיר זענען — זאָגט ער — נישט אָבהענגיג פון קיינעם. אויף אונזער געוויסען ליגט נישט קיין איינציגער יודישע פעניג, מיר ווילען און דאַרפען, גאָט זיי דאַנק, קיינעם נישט שמייכלען און קענען אַרויסזאָגען דעם גאַנצען

אמת. מיר ווייסען נישט און ווילען נישט וויסען, ווער וואשלאפסקי איז, ווי ווייט ער איז געווען פון הייליגען ריינעם גלויבען, ווי אזוי ער האט געלעבט אין דער פאמיליע און וויפיל חובות ער האט געהאט אויף זיך. וואשלאפסקי איז שטערבליך קראנק, און מיר ווינשען איהם „א גוטען שליטסוועג" און גלויבען נישט, אז גאט זאל פון ווינעט ווענען נסים טהון און איהם געזונד מאכען, כדי דאס געריכט זאל האבען ארבייט און כדי דער סקאנדאל, אז א „סקי" האט געשאסען א יוד און אפשר נאך צוגעהאפט ביי איהם א פאר רובל, זאל נאך אמאל דורכלויפען די וועלט! דאס פער־לאנגט אודאי דער ווארשויער איזראעליט, וואס וויל דערוועקען רחמנות אויף זיין סטאדע... און אויב דער בילעט איז וואשלאפסקים, איז ער פערפאלען, א יוד וועט אויך זיין קריסטליכע אלמנה מיט'ן קריסטליכען יתום, וואס דארף געבוירען ווערען און בעקומען בירושה א פיינעם נאמען, ווי א קין־צייכען אויפ'ן שטערן קיין רחמנות נישט האבען! אבער נישט אין דעם געהט עס. די זאך איז וויכטיגער, ווי איין פערלאסעטעס אלמנה מיט איין יתום אדער יתומה... און עס איז נישט דער ערשטער און נישט דער לעצטער קריסטליכער גראשען אין יודישע הענד! וויכטיגער איז דאס, וואס די יודישע באנקירען פיהרען איבער כמעט אלע אונזערע מענער, אלע אונזערע טעכטער און וייבער! דער יודישער באנקיר פיהרט זיי אראב פון עהרליכען פרומען וועג, בערויבט זיי פון אלע מדות ומעלות טובות, וואס זיי האבען מיט דער מוטערס מילך אויסגעזויגט, פון עלטערן און בלוט בעקומען, און דאס טהוט דער יודישער באנקיער נישט מיט זיין ליחווע, נישט מיט זיין שווינדעל, דאס געהט בעזונדער! טהון טהוט ער עס מיט זיין שווי־פענסטער, וואו ער ׳עגט אוים דעם יצר הרע אין געשטאלט פון זילבער, גאלד, באנקאצעטעל און אלערליי ווערט־פאפיערען. אזא שווי־פענסטער אין א ארימער פערהונגערטער, אויסגעמאטערטער קריסטליכער שטאדט, איז ערגער, ווי א געצענדיענער־מזבח אין גאט'ס הייליגען הויז! און וואו עפענט ער זיין שווי־פענסטער אין די אומרוהיגסטע גאסען, וואו עס ווימעלט פון ארבייטער, וואס געהען אין פאבריק אריין און קומען צוריק: פון פרויען, וואס שפאציערען, אדער קומען צוריק פון געבעט: פון ,ונגליך און מיידלעך, וואס איילען זיך אין שולע אדער צוריק צו וועגס... דאס אלין פערהאלט זיך ביים יודישען באנקירס שווי־פענסטער און בלייבט שטעהען און ווערט בלאס פאר תאוה, און די אויגען פלאמען אויף, און

די ערגסטע געדאַנקען, וואָס ווענען יאָהרען לאַנג געשראָפּען, וועקען זיך אויף צום געוועלטיגען, צום הערשען, צום פערפיהרען... דער פרומער אַרבייטער געהט אין פאַבריק אַריין אַרבייטען, און דאָס שווי=פענסטער רוימט איהם איין: מאַך שבת! און ער געהט און רעדט אָן זיינע חברים צו אַלעס ביין! איין אָרים מיידיל מיט איין צעריסען שאַליכיל איבער'ן קאָפּ געהט אין אַפּטייק אַריין פאַר איין אַלטער קראַנקער שכנה נאָך אַ רעצעפּט, און דאָס שווי=פענסטער שטעלט זי אָב, און רוימט איהר איין: געה צוריק, ווערג די קראַנקע און נעם אַרויס דיין ירושה פון אונטער'ן קישען. אַ ווייבעל געהט דורך, אַך! וויפיל בריליאַנטען וואָלט זי פאַר דעם געלד געקויפט! און אין די אויגען פלאַמט איהר אויף די זינד! זי ווייסט שוין, זיער עס וועט איהר אַזאַ געלד געבען, דער מאַן מיט די קינדער וואַרטען אויף מיטאָג און זי מאַכט איין אומוועג, פערשפּעטיגט זיך און קומט אַהיים מיט אַ פערברענטער נשמה צום פערברענטען מיטאָג... און אונזערע מיידליך מיט מוזיק=טעשליך אונטער'ן אָרים, דערהערען דאָ איין אַנדער מוזיק, אַ גיהנם מוזיק... און אונזערע בעאַמטע לערנען זיך דאָ צו האַסען זייער אַרבייט פאַר ווייניג געלד און אויסצושטעלען די הענד אויף מעהר...

דאָס איז דאָס גיהנם, וואָס יודאַ האָט אונז געעפענט אין אַ קריסטליכער שטאָדט און גענייט נאָך אונזערע קריסטליכע באַנקירען זיי זאָלען איהם נאָכטהון! מאַנכע קריסטליכע שווי=פענסטער געהען נאָך איבער די יודישע! מען קען דאָך נישט איבערלאָזען דעם גאַנצען געלד=האַנדעל אין יודישע הענד, די זאָלען אונז איבערלעזען און אוועקשיקען אונזער געלד און זילבער צו זייער נייעם משיח, צום ד״ר הערצל און זיין קאָלאָניאַל=באַנק אַריין!"

אים שאַרפסטען אפשר איז אַרויסגעטרעטען די „צוואַנ־יאַקע":

— „ווען וועט מען שוין אַראָבטרייבען די יודישע הענדלער פון קריסטליכען מאַרק? זאָלען זיי צוריק אין גהעטאָ אַריין און דאָרט איינס דאָס אַנדערע ווערגען!

אַוועק מיט די יודישע קהל'שע שווי=פענסטער! וואָרים מיינט נישט, אַז דאָס איז פליגעלמאַן צו קוגעלמאַן! מאָרגען וועט איהר זיי טרעפען בעטלען אונטער אַ טויער. קהל'ס קאָמיסיאָנערען וועלען זיי, פון אַליאַנס־

איזרעאליט, פון יודישען פאָנד, פון קאָלאָניאַל־באַנק! נישט אומזיסט איז אין די לעצטע צייטען אזא מאַנגעל אין געלד; ד״ר הערציל האָט צוריק געצויגען דעם קרעדיט און זאמעלט 25 מיליאָן דאָלאַר אָבצוקויפען ארץ ישראל ביים סולטאַן! און ארץ ישראל איז נור איין אויסרייד, מיינען מיינט מען דאָס הייליגע קבר, וואָס מען וויל שענדען, אָדער בעלייגען מיט אַ יודישען שטייער, ווי פּאַרציימענס זיי האָבען געמאַכט מיט די קלויסטער אין מאַלאַ ראָסיען!

דער טאָג איז נישט ווייט! דאָס פיהלען מיר, דאָס פיהלען אַנדערע, דאָס פיהלען אַלע עהרליכע, נישט פערשטעלטע קריסטען! און נישט ווייט איז דער טאָג ווען דאָס אַלץ וועט ענטפּלעקט ווערען, און דעמעלט — וועה צום קהל'שען הויז (גרושיבאָווסקאַ 26), וועה צו אַלע ציוניסטען, צו די גאַטאַנזאָנס, צו די גראָסגליקס!

מיר ריידען, חס ושלום, נישט אָן צו געוואַלט, נור די פערביטערטע הערצער פלאַצען און צו קיין גוטס קען נישט קומען״. —

אין אַ פּאָר טאָג אַרום האָט געשריבען דער גאַסען־ליפּער: „וואַשלאַפּסקי לעבט נישט מעהר!

דער באַרמהערציגער גאָט האָט איהם אויסגעלייזט פון ווילדען שגעון!

דער שגעון איז שוין אַצונד זיבער ווי דער טאָג. דער בעסטער בעוויין — די קירבע האָט ערלויבט אויף אַ קאַטוילישע קבורה!...

מיר האָבען ריכטיג געטראָפען!

זומערשפּרענקעלס קויל איז נאָך נישט געפונען געוואָרען!״ —

# די באָבע יאַכנע

אַ קלונג אָן טהיר, ווי אויף אַ שרפה; אַ פּראַל אויף, ווי פאַר אַ מענש מיט זעכס דבוקים אין לייב.

וואָס איז? די באָבע יאַחנע פון „שטערט און שטעדטליך" איז געקומען!

— ס'קאָציל־קומט באָבעניו! — זעץ דיך!

איך וויז איהר אָן אויף אַ שטוהל, זי זיכט אָבער מיט די אייגען אַ קאַנאַפּע...

— איך האָב נישט, באָבעניו!

זי שמייכעלט, זעצט זיך אין דער שטוהל, קנאַקט אונטער איהר, מן הסתם פאַר נחת...

אַ ווײַלע זיצען מיר אַזוי שטילערהייט איינס געגען צווייטען און קוקען זיך אָן.

די באָבע יאַחנע האָט זיך נישט געענדערט: אַ יורענע, קיין עין־הרע, אַ הויכע, נאָר איין איבערגעבויגענע. אַביסיל צו־ליעב די פיס פון דער שבינה, אביסיל גלאַט — ווי האַלט זיך עס אַ מענש אַזוי הויך ווי ער איז? אַ חוץ דעם: דאגת פּרנסה, צער גדול בנים — אייניקליך, איראייניקליך: אַ סך גע־בוירען, אַ סך פערלוירען, אַ סך צוזייט און צושפּרייט און אַ סך העננען נאָך אויפ'ן האַלז... קיין יונג מענש איז זי אויך נישט!

וואָס זי זעהט אין מיר, ווייס איך נישט! נאָר איך קען מיר, איהר פּנים זאַט נישט אָנקוקען! עס איז פלאַך, אַיינגע־שרומפּען, געל אין מיט אַ ביינעריג־געשפּיצטע נאָז, די אויגען זענען נאָך גראָה, נאָר צופיעל וואַסעריג. גנעה ווייס, וויפיעל טרעהרען זיי האָבען פערגאָסען, וויפיעל נעכט נישט געשלאָפען... זיי קוקען ערנסט, אָבער נישט האַרט, אפילו נישט שטרענג, און אין די איינענע אויסגעמוטשעטע אייגען, ווי יאָהרען אין צער להבעים, ויעקען זיך אָפּט מאַנכע וואונדערליכע פינקען; צווישען די שרימפען אויפ'ן פּנים הויבט אָן ארומטאַנ־

צען אַ שטילער גלאַנץ; פערשפרייט זיך אַ פיין, דין שמייכעלע...
אַ כך ליעבשאַפט, אַ קליין ביסיל חוזק — נאָר דעמאָלט לאָזט
די באָבע יאַחנע די אויגען אַראָב און ווישט אָב די פונקען מיט'ן
שמייכעל פון פנים מיט אַ ביינינגער האַנד.

געקליידט איז די באָבע יאַחנע ווי אין די אַמאָליגע
יאָהרען: אַ שטערנטיכיל מיט שטיינדליך אויסגעזעצט, אַ ברוסט-
טוך מיט איין אויסגעהאָפטען גאָלדענעם אָדלער און אַלערליי
בלימעליך און רייזעליך אַרום. אויפ'ן האַלז אַ שניריל דינע פעריל,
אויסגעמישט מיט בורשטינדליך און קרעלען; פון דער שנור
הענגט אַראָב, איבערן ברוסט-טוך איין אויבעל, וואָס גיט, ביי
יעדער שטאַרקערער בעוועגונג פון דער באָבע יאַחנע, דעם אויס-
געהאָפטענעם אָדלער פון ברוסט-טוך אַ שנעל אין דער נאָז.
פון אונטערן שטערנטיכעל קוקען קוים אַרויס די נישט
געלעכערטע אויערן-לעפליך; די אויערינגליך, אייגענטליך: די
אויררינגער, וואו גרויס און שווער זענען זיי, הענגען פון ביידע
זייטען שטערנטיכעל אויף שנירליך, וויעגען זיך פריי און, וואָס
די באָבע זאָגט, שאָקלען זיי צו: יאָ-יאָ, יאָ-יאָ!

— וואָס מאַכסט דו באָבעניו! פרעג איך נאָבען בע-
טראַכטען און טאַקי מיט גרויס ליעבשאַפט.

— אַזוי — ענטפערט זי מיט אַ שמייכעל — דער גאָט
פון היינט, איז דער אייגענער גאָט וואָס פון נעכטען און פון
מאָרגען — — מען לעבט!

— און געקומען ביסטו, באָבעניו, מיר מעשיות דער-
צעהלען?

— ניין, כשר-קעצעלי! — אַ לט ע מעשות האָב איך שוין,
ברוך השם, אויך פערגעסען! נייע טראַכסט דו אַליין
אויס!

— נישט איך, באָבעניו! נישט איך. ווי איך קויף,
פערקויף איך! אַזוי ווי לעדער, אַזוי די שיך! מען שרייבט
מיר!

— און דיר אַליין, פוטער פעסילע, פּאַסט נישט אַמאָל

אַראָבצוקומען ? פֿערגעסען שוין מיינע מאָן־קיכליך, האָניג־טייגליך, קאַנדיל־צוקער ! . . .

— נישט פֿערגעסען, באָבעניו ! אפילו דיינע המן־טאַשען קומען מיר גאַנץ אָפֿט צו חלום ! אפילו די שבועות'דיגע ווייסע ציקאָריע ! אין אַלע מיינע גלגולים, באָבעניו, בפֿרט זייט איך בין אַ ביהן, לעבן איך, בענג איך צו דיר ! איך וואָלט דיר נאָכגעגאַנגען טריט ביי טריט, אין פּוילען, ליטאַ, בעסעראַביען, גאַליציען, רומעניען — — איבער די הרי חושך אפילו, — איך קען נישט !

— אַ מען וויל, קען מען !

— ניין, באָבעניו ! געדענקסט די חיות, וואָס אַלכּסנדר מוקדון האָט געטראָפֿען אויפֿ'ן וועג ? די חיות זענען צוגעבונדען ניט אַ שטריק צו דער ערד . . . מען ריהרט זיך אויף איין אָרט . וייט אַוועק קען מען נישט ; אַז מען רייסט איבער דעם שטריק — פֿאַלט מען אויף טויט !

די באָבע יאַחנע דערפֿרעהט זיך :

— דו גלויבסט ? ! אין אַלכּסנדר מוקדון'ס חיות גלויבסט דו ? געזאָגט האָט מען מיר . . .

— עס זאָגט זיך נור אַזוי באָבעניו ! געמיינט האָב איך אַ פֿערד אין דער רייטשול : אין ראָד אַליין איז מען אויך נישט פֿריי ; די בייטש פֿייפֿט און דערמאַנט . נאָר אַרוים קען מען בשום אופֿן נישט . . . אַ שטאַרקע האַנד האַלט דעם שטריק ! פּרנסה, באָבעניו !

— נעביך . . . דו אויך פּרנסה . וואו, אומעטום איין וועלט אַ פּנים ! פֿאַר וואָס שרייבען דיר מיינע אייניקליך קיין אמת נישט ?

— איך ווייס ? און איך האָב באָבעניו, גרוים צער דערפֿון . . . אפילו אין דער היים נאַרט מען מיך ! אָט האָב איך געשריבען וועגען „לינת הצדק" אין וואַרשוי : אַ ויכוח מיט אַ מגיד ; מען נעמט נישט אויף קיין קראַנקע ציוניסטען ! געדענקסט ? ! וואָס ווייזט זיך אָבער אוים ? די לינת־הצדק האָט קיין מגיד נישט, עס איז קיין ויכוח נישט געווען, קראַנקע ציוניסטען

בעקימען לינות ווי אַלע קראַנקע... עס הויבט זיך נישט אָן, עס לאָזט זיך נישט אויס! אפילו דער שעדלעצער רב זאָגט מען, באָבעניו, איז אויך נישט אַזוי שוואַרץ, ווי איך האָב איהם געמאָלט! צי אַנדערע רבנים!

— נאַרישקייט, — שמייכעלט די באָבע — אויב די מיינסט עס ערנסט!

— אויף נאמנות, באָבעניו!

זי פערטראַכט זיך, און קוקענדיג אויף איהר שטערענטיכיל, פאַלט מיר איין צו פרעגען:

— זאָג נור באָבעניו, אמת'ע פעריל?

— ווער? די רבנים?

— פון שטערנטיכיל, מיין איך...

זי זיפצט אָב:

— ניין, ביהנאַלע... די אמת'ע האָב איך לאַנג פער־קויפט — זיי האָט אַמאָל מיין אַלטער פערקרענקט...

— וואָס מאַכט ער, דער אַלטער?

— עבר ובטל נעביך!

— און דיין געזונד, באָבעניו... ביזט אפשר געקומען צו אַ דאָקטאָר?

— איך בין געקומען דיך עטליכע שאלות צו פרעגען!

— פרעג באָבעניו!

---

זי בויגט אַביסיל אַרונטער דעם קאָפּ, קוקט מיך ערנסטער אָן און זאָגט:

— האָסט דערמאַנט דעם שעדלעצער רב!... זאָג מיר איך בעט דיך, וואָס האָסט דו דיך עפּיס גענומען דוקא צו רבנים, צוגעקלעפּט זיך ווי אַ שוסטער־סמאָלע! איך לייען דיינע זאַכען! וואָס זאָל איך טהון? דאָס טייטש־חומש מיט אַלע תחינות קען איך שוין אויסענווענדיג! — זעהען זעה איך, אַז עס איז אין דיר אַריין אַ גלגול, און אפשר אַ דבוק, פון נאָר נישט קיין שלעכטען מגיד! שטראָף־רייד זאָגען קאָנסט דו! — נאָר צי אַנדערע מענשען זינדיגען נישט? צי זענען די רבנים ערגער פאַר אַלע?

— ניין, באָבעניו, ערגער נישט! פון זיי אָבער איז דער שאָדען גרעסער, דער חלול־השם גרעסער!

— האָסט דיר איינגערעדט!

— ניין, באָבעניו! עס איז אמת און עס זענען דאָ אַ סך טעמים דערביי!

הער, באָבעניו! אַז עמיצער איז נישט געוואָרינט מיט פייער, צאָהלט ער, למשל, קנס; ווי איז אָבער אַז דער נאַכט־וועכטער אַליין ציהט אויס פייער פון ליולקע און מיטען נאַס ביי שטרויענע דעכער...

— נו, אודאי!

— אָדער אַזוי אַ שאָף בלאָנדזעט! ס'איז טאַקי אַ שאָף אַ שאָף! פאַרט אָבער נור איין שאָף! אָדער זי וועט צוריק קומען, אָדער האַפּט זי דער וואָלף! אָבער, אַז דער פּאַסטוך געהט אַראָב פון וועג?

— אַודאי — איז די באָבע מודה, פערפיהרט ער אַלע.

— און דער חלול־השם, באָבעניו, איז אויך גרעסער! אַז אַ פּראָסטער יוד זינדיגט. ער טהוט תשובה צי ניין, זינדיגט ער אַליין, אָבער, אַז אַ רב טהוט עס, דער שומר, וואָס די תורה האָט געשטעלט ביי דער טהיר, זאָגט מען: די תורה הייסט אַזוי. על כל פנים אַז זי איז מסכים! וואָס טהוט ער ניט אַליין! אַ ספר שרייבט ער און פערענטפערט זיך! כל זמן ער לעבט און זיין דור לעבט, שמייכעלט דער עולם... נאָך יאָהרען, דער דזר איז טויט, דער רב איז אַ קדוש געוואָרען. זיין ספר קריכט אַריין אין בית־המדרש־שאַנק און שטעלט זיך צווישען די הייליגע ספרים!

— דאָס איז אמת?

— אַודאי! אַז אַ פּראָסטער יוד זינדיגט, קריגט ער, לויט דער זינד אויף דער נשמה אַ זומער־שפּרענקאַלע, איין קראַץ! און — ווען אפילו אַ הויקער? אין אַ משפחה טרעפט זיך אַ הויקער אויך!

— נעביך! זיפצט די באָבע־יאַחנע און לאָזט די אויגען אַראָב און פערטראַכט זיך.

פלוצים הייבט זי די אויגען אויף און ווערט אַ מליץ־יושר.

— הערסט, ביהנאַלע. ביי זיי איז אויך נישט גוט! ביי אונז אין מסחר, וואָס ווייניגער סחורה, מעהר קרעמער! ביי זיי: וואָס ווייניגער תורה, מעהר רבנים! נישט אַלע קענען האַנדלען מיט סאָדאָ־וואַסער! קומט טאַקי אַרויס דריי רבנים אויף אַ שטאָדט...

— קויפט מען זי אויף ליציטאַציע, פערברענט מען זי מיט מחלוקת...

— דלות מאַכט פסלות, ביהנעניו! דער הונגער איז גאָר קיין יצר־טוב נישט!

זי פערטראַכט זיך טיעפער; די גראָהע אויגען פערציהען זיך מיט אַ נעפיל... איך וויל זי פעררעדען און גיב אַ פרעג:

— וואָס זענען, באָבעניו, די ברילאַנטען אין דיינע אויערינגליך אַזוי טויט... זיי עטהעמען גאָר מיט קיין ליכט און פאַרבען נישט!

— קיין אמת'ע שטיינער, קעצאַלע! פאַר די אמת'ע האָט מען זיהן אויסגעלעזט...

---

די באָבע יאַחנע ציהט אַרויס פון איין אונטער־טאַש אַ גרויס פולאַרען טיכיל און ווישט זיך אָב דעם שטערן...

— פון גוטע ידען, מאַכט זי, וויל איך שוין גאָר נישט רעדען, דו גלויבסט דאָך אָן גאָר נישט!

— באָבעניו, דאָס האָט דיר אַ שונא געזאָגט! איך גלויב! און וואָס, קעצילע? אין דעם, וואָס דיינע אויגען זעהען? קען איך אַ גרעסערן פלוסוף — דיר נישט צו גלייכען אַ רופא יונג! אפילו אַז ער זעהט שוין אַ קערביל גלויבט ער זיינע אויגען נישט; ערשט, אַז ער בעקומט דאָס קערביל אין האַנד אַריין! גלויבט ער, אַלע זייט איהר אַזוי!

— נישט אַלע... אַנדערע, באָבעניו, גלויבען!

— און וואָס, האַרץ־דעקיל מיינס!... רעד דבורים!

— און וואָס? עס וועט מיר שווער זיין דיר אויסצו־

טייטשען, באָבעניו! נאָר פריווען וועל איך! הער, איך גלויב אין יענער זייט פון דער זאַך!

— וואָס איז דאָס עפּיס פאַר אַ משניות? עפּיס אין אונטערשלאַג גלויבסט דו?

איך קריג מורא, אַז איך בין אַריינגעפאַלען!

— אדרבה, — זאָגט זי אומגעדולדיג — טייטש מיר אויס... איין אַלטע יודענע איז דאָך אויך אַ מענש!

— איך וועל פּריווען, באָבעניו, נור מיט אַ משל!

— אדרבה, טאַקי מיט אַ משל! משלים געראָטען דיר אַמאָל!

און עס מאַכט זיך אַזאַ שמועס:

— צי ווייסט דו באָבעניו — פרעג איך — ווי אַ הונד איז זיך נוהג מיט אַ שפּיגעל?

— פרעג מיך עפּיס גרינגערס!

— וועל איך דיר זאָגען, באָבעניו! — אַז אַ הונד דערזעהט זיך דאָס ערשטע מאָל אין שפּיגעל, ווערט ער אָנגעצונדען. ער גיט אַ שרעקליכען זביל, אַ שפּרינג צו! לאָז'ען, מאַכט ער דיר אַ חורבה פון שפּיגעל. האָסט אַ שפּיגעל, באָבעניו?

— אַ שפּיגעל ווי אַ שפּיגעל, קיין הינד האַלט איך נישט!

— זכר לטיט! מען האָט פון הינד אַ סך געליטען! נאָר פאַר וואָס כעס'ט זיך דער הונד? ער מיינט, עס איז איין אַנדערער!

אַ הונד זאָגט אויך: איין הונד דאַרף זיין אין אַ שטוב! אַ ניט ווערט די פּאָרציע קלענער!

איז דאָך אָבער אַ הונד בטבע אַ חכם, שפּרינגט ער אַזוי און קראַצט אַזוי לאַנג מיט די ציינער, ביז ער ווערט געוואָהר, אַז דער הונד און יענער הונד זענען איין הינד! ער בערוהיגט זיך, נאָר פון דעמאָלט אָן פערגעסט ער אָן שפּיגעל!

— זעהר רעכט — זאָגט די באָבע יאַחנע — הלואי וואָלטען מיינע שניר אָן שפּיגעל פערגעס'ען...

— דאָס איז, באָבעניו, שוין גאָר עפּיס אַנדערש! דו

האָסט אָבער באָבעניו, בעמערקט ווי דיינע קליינע אייניקליך זענען זיך נוהג מיט'ן שפיגעל?
די באָבע יאַחנע רייטעלט זיך פאַר נחת.
— איין אייניקל — זאָגט זי — וואָלט ער פאַר אַ שפיגעל קרעפליך אַוועקגעשטעלט! ער מעג האַלטען אין מיטען געוויין, אַז מען נעמט איהם נור צום שפיגעל — אַ זון אין אַ רעגען! די אייגעליך נאָך פול טרעהרען און גלאַנצען שוין פול פרייד: און זאָלסט זעהן ווי ער פאַטשט מיט די הענטליך, שמייכעלט, לאַכט! ווי ער רייסט זיך צום שפיגעל, שטעלט אויס שפיציג דאָס קליינע פיסקאַלע און וויל קישען דאָס „דזידזיאַלע" אין שפיגעל!
מיך בעפאַלט אַ טרויער...
— האָב איהם ליעב, בּאָבעניו! זאָג איך. ער וועט זיין אַ גוטער, דיין אייניקל! ער שמייכעלט, ער האָט ליעב, ער רייסט זיך צו זיינם גלייכען! צי גליקליך? וויים איך נישט, גאָר אַ גוטער וועט ער זיין! — און אַנדערע?
— איין אַנדער אייניקל ווייטער האָב איך, האָט ער גאָר איין אַנדער טבע! ער שמייכעלט נישט, פאַטשט נישט מיט די הענטליך, נאָר ער וויל שוין וויסען וואָס אויף יענער זייט שפיגעל טהוט זיך! ער חאַפּט זיך מיט די הענטאַליך צו דער רעם, וויל זי ריהרען, אויפהויבען... רייסט זיך אָן אַ זייט, וויל אַרונטער־קוקען! אַז מען לאָזט איהם נישט, ווי ער וויל, וויינט ער — אַ שיף מיט זויער־מילך איז איהם אונטערגעגאַנגען. און עס ווערט איהם גאָר נישט נמאָס!
— פון דעם וועט אַרויס אַ מענש, באָבעניו! אַ מענש, וואָס וויל זעהען יענע זייט, די עקר זייט פון דער זאַך!
— דאָס שפינוועבס פון מיין שפיגעל? צולאַכט זיך די באָבע יאַחנע.
— לאַך נישט, באָבעניו! אין משל מעג זיין שפינוועבס! אָבער אַ מענש וועט דיין אייניקל זיין! זיך אַליין דערקענט ער נאָך נישט, און וויל שוין נישט וויסען, פון וואַנען יענער קומט אַרויס... אפשר בייסט ער נאָך זיין אייגען פיסיל?

— דאָס נישט... און צינגיל אַריין — טרעפט זיך! שמייכעלט זי.

— ער בייסט נאָך אין אייגען צינגיל, און עס לאָזט איהם קיין רוה נישט; פון וואַנען נעמט זיך יענער?

— אַ „ציעקאַוואָשטש"!

— אַ „ציעקאַוואָשטש" נור פון אַ מ ע נ ש! אַ הונד טהוט עס ניט, אפשר נישט דער קלוגסטער! דער ג ע ל ע ר נ ט ס ט ע ר הינד, אַפילו נישט אַ הונד אַ קינצען־מאַכערן! יענע זייט אַט חלומ'ט זיך זיי אַפילו נישט!... און מיר אַלע, „באָבעניו" זענען געגליכען צו קינדער; די וועלט, באָבעניו איז אַ שפּיגעל — —

— לאָ־מיך געהן, לעבען מיינס, מאַכט די באָבע אַייעק מיט דער האַנד; דאָס איז נ י ש ט פאַר מיר... צו אַלט דערצו!

די באָבע יאַחנע פערטראַכט זיך. איך וויל זי פערווייילען און פרעג:

— אין דער אָדלער דיינער, באָבעניו, איז טאַקי זהב־טהור?

— געווען — חאַפּט זי זיך אויף — אין די ג ו ט ע צייט, ווען מיין אַלטענס עטרות זענען אויך געווען אי כסף־טהור, אי זהב־טהור... היינט — —

— וואו איז אַלץ אַהין געקומען?

— אַ זוהן אויסגעלעזט! אַפילו דאָס זילבער פערקייפט! און גאָלד און זילבער אויסגעטרענט און מיט שיך (מישירא) פערהעפט...

אין מיטען ווערט זי אונגעדולדיג:

— וואָס טויגען אָבער די נאַרישקייטען... משל אַ הין, משל אַ הער — ווי קומט עס צו גוטע יורען?

— נאָר דאָס, באָבעניו, קימט אויך פון משל אַרויס! האָסט עפּיס אַ שוואַך אייניקיל, באָבעניו?

— וואָ'ט איך אַזוי נ י ש ט געהאַט... פיסליך נעביך אויסגעקרימט...

— ווי וואָלט־זשע געווען, באָבעניו, ווען אַזאַ אייניקיל זעצט זיך אַ מאָל אויף אין דער פריה אין בעט און דערצעהלט די אַנדערע קינדער אַזאַ מעשה:

באשר בכן — דערצעהלט ער — ביי נאַכט האָט איהם
עפּים, זאָל זיין, ער מאָלט אויס אַ מלאך מיט פליגעל! האָט
איהם עפּים געוועקט (און דו, האָסט אַ גאַנצע נאַכט קיין אויג
נישט צוגעטהון, און ווייסט, מען האָט קיין שאָרך נישט געהערט)
און ער האָט איהם אויפגעוועקט (דו ווייסט, ער איז אַ גאַנצע
נאַכט געשלאָפען!) ער איז (מיט די קרומע פיסליך!) אַראָבגע-
שפּרינגען פון בעט, צוגעלאָפען צום שפּיגעל (דו ווייסט, אַז ער
האָט זיך נישט גערירט פון אָרט!) דערלאַנגט (און דו ווייסט,
ווי קליין ער — און ווי הויך דער שפּיגעל איז) און האָט איהם
איבערגעדרעהט (און דו ווייסט, אַז ער האָט דערצו קיין כח
נישט, און וועט אפשר קיינמאָל נישט האָבען)... אַז אויף יענער
זייט איז אָנגעשריבען מיט מלאָכים-כתב (און דו ווייסט, אַז ער
קען נישט קיין פּראָסטע עברי נישט!) מיט שוואַרץ פייער
אויף ווייס פייער.

— רבונו-של-עולם שרייט אויס די באָבע יאַחנע, האַלב
געלאַכט האַלב דערשראָקען — די האָהר שטעלען זיך מיר קאַפּויר, —
וואָס קען דאָס זיין?

— עס איז נאָך נישט געענדיגט, באָבעניו! ער דערצעהלט
וואָס דאָרטען שטעהט אויף מלאָכים-כתב!

„דאָרטען שטעהט — זאָגט ער — אַז ער איז דאָס בעסטע
קינד פון אַלע קינדער... אַז אַלע קינדער זענען מחויב פאַר
איהם צו בעהאַלטען און איהם אָוועקצוגעבען — אַלע האָניג-טייגליך,
ס'גאַנצע קאַנדיל-צוקער, אַפילו די בייגעל פון אָנבייסען!..."

— אַזוי! — זאָגט די באָבע — איז ער דאָך גלאַט
אַ געבוירענער שווינדלער! אַזוינס וואָלט איך דאָך — זאָגט
זי — געקיילט.

— אייל דיך נישט, באָבעניו! נישט אַזוי געשווינד מעג
מען קיילען! עס קען זיין אַ קרענק!... אַ קראַנק קינד, האָט עס
קראַנקע חלומות... מען דאַרף אַ דאָקטאָר רופען, אפשר מוז
מען עס גאָר אין הקדש אַריין-פיהרען... עס קען זיין אַזאַ קרענק,
דאָקטוירים ווייסען דערפון!

— אַזוי?!

— און דאָס, באָבעניו, זאָג איך טאַקי; גוטע יורען דאַרפען אַ דאָקטאָר. קראַנקע — אין שפּיטאָל, שווינדלער זאָל מען קיילען, און אַ סוף! „כּלחוך־השור וועלען זיי פון דיינ׳ן שטערט און שטערטליך מאַכען!״

---

און ווייטער פערטראַכט זיך די באָבע יאַחנע, און איך פרעג:

— און דער אייבעל דיינער, באָבעניו?!

— עס, איין אַלטע פאַלשע מטבע! מיט דער אמת׳ער, בצירוף כּלי־בית און אַ ביסיל בגדים, האָט מען פאַר איינִיקליך צו 300 רובעל קנס געצאָהלט... נאָך מיט חסד, וואָס מען האָט געלאָזט אויכצאָלען...

איך האָב שוין מורא צו רעדען פון צירונג און פרעג:

— און דו האָסט צייט, באָבעניו, אַזוינע שאלות צו ליעב אַמישנע אַ העָר צו קומען?

— צייט? איך האָב דען מעהר ווי צייט? וואָס האָב איך דען צו טהון, קעצאַלי?!

— און דיין שניט־קראָם? האָסט דאָך, באָבעניו, אַמאָל אַ גרויסע שניט־קראָם געהאַט!

— געהאַט!... אַ קראָם איז ווי איין אָם... זויגט אַזוי לאַנג ביז זי ווערט אַיינגעשרימפּען... קינדער אויסגעזייגט, אויס־געגעבען... קנס בעצאָהלט — אַלץ פון איין קראָם איז זי טאַקי אַיינגעשרימפּען געוואָרען! פון אַ גרויסער איז געוואָרען אַ קליינע, אַ קלענערע... דערנאָך אַ שטעלעכיל, אַ טישיל, אַ קיישיל נור, ביז — עס איז געקומען צו גאָר נישט!

— און אַ „קניפּל״ האָסטו דיר, באָבעניו, געלאָזט?

— הלוואי וואָלט איך שכל געהאַט!... די קינדער אפילו געהט עס אויך נישט גוט... די אייניקליך דערפאַר וועלען אפשר זיין לייט... נייע מענשען... נישט געשטעלט — און געמעקט, אָהן קאָפּ־פערדרעהעניש נור מעז אַרבייט! ווער ביי אַ בעל־

מלאכה, ווער אין פאַבריק... נישט אַלע, נור ס'רוב אַזוינע...
אַ סך מעשה אבות ירשו בנים, אַ סך זענען אַוועק...

— געבענשט זאָלען זיין זייערע הענד, און דו, וואָס טהוסט, באָבעניו?

— אַביסיל קוק איך צום אַלטען... אַביסיל שטריק איך זאָקען... באַק מאָנקיכליך פאַר אוראייניקליך... אויף יום-טוב — ווי אַמאָל האָניגטייגליך... מען לעבט — — אַבי ווייטער! אַצינד בין איך דאָ...

— נאָר, אַז איך בין שוין דאָ, וואָלט איך געוואָלט פרעגען, שוין נישט דיך, ווענען ר ע מ אַ ט ע ן... נאָר דו גלויבסט דאָך אָבער אין קיין דאָקטוירים נישט!

— איך גלויב, באָבעניו — אַ סך עהרליכע לייט! איך וועל דיר אויסזוכען איינעם!

— ס'האָט צייט, מיר וועלען זיך נאָך זעהען.
דערווייל געזעגענט זי זיך.

איך בעגלייט זי, וויל שוין פערמאַכען די טהיר, נאָר אויף דער שוועל מאַכט זי:

— ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגען? מקנא בין איך דיך נ י ש ט... שטענדיג מיט'ן בעזעם!

— וואָס זאָל מען טהון, באָבעניו? וואו דאָס מזל שטעלט אַ מענש, דאָרט איז ציאַכאָוואָי!

— אפילו אַ „ביהן" — שמייכעלט זי.

— הרבה שלוחים למקום — אפילו אַ ביהן!

# אלהי עד שלא נוצרתי

נישט איך אַליין בין פרום און דאַוויען, נאָר אפילו מעשי־ידי — מיין „שטעדטל־און־שטערטליך"־פעליעטאָן!

עס איז אַפילו אַ יודיש קינד, אַ גלות קינד... אַזוינס אַז עס גיבערדט אַ בייזע לשון־קודש קאַין, בייסט זי איהם באַלד דאָס ווייכע קעפיל אָב און עס דערלעבט נישט צו זעהן די ליכטיגע שיין! און דאָך, קיים שפּרינגט עס מיר פון האַרץ אַרויס, נאָך דער נאָפּיל נישט אָבגעשניטען, פערלעגט עס שיין די פרומע הענטליך און עפענט דאָס קליינע מיילעכיל און זאָגט אויף לשון קודש:

— „אלהי,

„עד שלא נוצרתי אינני כדאי!

„ועכשיו, שנוצרתי —

„כאלו לא נוצרתי?"

עס האָט אַביסל „גראַם" אין זיך, נאָר אַ סך אמת!

אויף וועמען ווירקט מען? ווער הערט און פערבעסערט זיך?

דער געטראָפענער זאָגט: אַ בלבול; דער נישט־געמיינטער — אָ, אַ גלייך ווערטיל!

אַ פיין־געבילדעטער, פיין דערצויגענער ציהט צוזאַמען די פוילע־ליפען: פוי!

אַ פיין געבילדעטער, כיין דערצויגענער מענש דאַרף קיין מגיד נישט! ער האָט זיין אייגען געוויסען, אַ פיין וויים דערצויגען שויס־קעציל מיט שטענדיג אָבגעשניטענע נעגאַליך. וואָס בייסט נישט, קראַצט נישט, נאָר גלעט איבער דער נשמה!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אַ מענש בעשטעהט פון אַ גוף מיט אַ נשמה. דאַכט זיך, אַז די נשמה איז דער עיקר, דאָך קומט אַרויס פערקעהרט. אַז דעם גוף איז עפּיס, דערפיהלט באַלד די נשמה און מען לויפט צו וועמען מען דאַרף, אַ צאָהן אַרויסרייסען, אָבשניידען איין איבערוואוקס, אויסברענען אַ ווילד־פליישׁ, אַ פּאָליפּ... פרעגען

אין וועלכען באָד אַריין מען דאַרף פאָהרען. און אין גאַס וועט
איהר נישט קיינמאָל זעהען, ווענינגסטענס זעהר זעלטען, עס זאָל
אַרומגעהן אַ מענש מיט אַ פולען גוף!

אָבער פערפוילטע, איבערגעוואַקסענע נשמות? אויף יעדען
שריט און טריט. נור אַז די נשמה ווערט קראַנק, האָט נישט
ווער צו פיהלען.

אַז דו זאָגסט עמיצען אין גאַס: וואָס זעהסט דו עס אַזוי
שלעכט אויס? נעמט ער עס אָן פאַר אַ גוטע מטבע, אַ
קאָמפּלימענט פאַר חבר'קייט! פּרווו אָבער און זאָג עמיצען:
„וואָס איז דיין נשמה אַזוי בלאַס, אַזוי אַש־גראָה אָדער פויל־גרין
ווי אַ סוף־זומער־בלאַט?" שילט ער דיך אין טאַטענס טאַטען אַריין!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און מיט אַ אָנגעשוואָלען קול פון רחמנות זאָג איך אַ פיין־
געבילדעטען מענש: „הער, דו ביזט אַ צייט געשלאָפען... מיט
אַ פרעמד ליעדעל האָט מען דיך איינגעשלעפערט, און דו האָסט
עס אין שלאָף ווייטער געזונגען, דאָס נאַרישע פרעמדע ליעדעל...
אין בשעת דו ביזט געשלאָפען און דאָס נאַרישע פרעמדע ליעדעל
געזונגען, איז דיר אַ היישערעק מיט אַ קופערן פּיסקעל אין דער
נאָז אַריין, פון דער נאָז אין קאָפּ אַריין, און האָט דיר פון מח
אַ שטיק געהירן אויפגעגעסען און דו ביסט ווייטער געשלאָפען
און דאָס נאַרישע פרעמד־ע ליעדעל געזונגען, ביז עס האָט דיך
אויפגעוועקט אַ געשריי, אַ ליאַרם: דיין הויז ברענט! און דו
האָסט דיך אויפגעכאַפּט האַלב מענש, מיט האַלב געהירן, גע־
עפענט אַ פּאָר נאַרישע אויגען, איין אויסגעפוילט מויל (אין
שלאָף האָסט דו די ציינער פערלוירען) און זינגסט ווייטער דיין
שלאָף־ליעדעל, און ציטערסט פאַר שרעק און דרעהסט דיך אַרום
ווי אַ פערלוירענע שאָף אויפ'ן אָרט, אַרום און אַרום אַרום און
אַרום" — —

און מיט אַ קול אָנגעשוואָלען פון רחמנות זאָג איך ווייטער
דעם געבילדעטען מענש מיט דעם האַלב אויסגעגעסענעם גע־
הירן: „הער אויף צו זינגען, די זינג־צייט איז שוין לאַנג
פאָריבער... נאַ! נעם אַ שמעק־טאַביק, ניס אָב, ניס [illegible]

שטאַרק, וועט דיר דער הײשערעק, וואָס עסט דיר אויף די געהירן פון קאָפּ, פון נאָז אַרויס און ווער געגעזען!"

בײזערט ער זיך!

אַ נאָ:על, אַז ער פערײסט זיך, לאָזט ער זיך אָפּעריערען, אין אַז מען עסט איהם דעם מח, די נשמה אויס, פיהלט ער נישט און זינגט, און בײזערט זיך!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אין טרעף איך אַ פּראָסטען גלות־ייד, און געה צו אין זאָג איהם: אַרויס פון בורע! עפּענט ער אויף מיר אַפּאָר אויגען! זאָג איך איהם: הער, דו האָסט געשלאָפען... דו האָסט אַזוי לאַנג געליטען ביז דו האָסט אײנגעשלאָפען... און אין שלאָף האָסטו געקרעכצט, נישט געזונגען... אײגענע ליעדער האָסט דו לאַנג אין צרות פערגעסען און פרעמדע נישט אויסגעלערנט... נאָר בשעת דו האָסט געשלאָפען, איז די שענע נור שרעקליכע לילית געקומען און האָט אויף דיר אַ כשוף געוואָרפען. זי האָט דיר איין אײזערנע קייט אויפ'ן האַלז געלעגט און שלאָפענדיגער־הייט צו אַ פינסטערער בורע געשלעפּט און געזאָגט: זיי אַ הונד! אין פערכשופט, האָסט דו געענטפערט: איך בין אַ הונד! און די צונג אַרויסגעשטעלט, און פליגען געחאַפּט אָדער אין קלאָרע נעכט, געגען דער לבנה געבילט...

נאָר ווייל דו האָסט קיין פרעמדע ליעדער געזונגען, האָט אויף דיין נשמה דער כשוף קיין שליטה נישט געהאַט. זי האָט זיך נור אײנגעקנײלט, אײנגעשרימפּען און ערגיץ טיעף, טיעף אין מח צי אין האַרץ בעהאַלטען, זי זאָל דיך מיט די הינטישע געראַנקען נישט טרעפען, קיין פליגען נישט חאַפּען!...

ער עפּענט נאָך גרעסערע אויגען און איך זאָג ווייטער:

הער, פון פליגען־חאַפּען לעבט מען נישט —

פרעמדע טעלער־לעקען איז קיין כבוד נישט —

אַ פינסטערע בורע איז קיין הייז נישט — און דו ביסט קיין הונד נישט! וועק דיך נור אויף, וועט זיך אויפוועקען דיין נשמה, זי וועט זיך פערשפּרייטען אין דיין גאַנצען גוף, און וועט פערטרייבען די הינטישע געראַנקען — און אַ מענש וועסטו ווערען — —

ענטפערט ער מיר:

— דו וועסט מיך אָבטריניג נישט מאַכען, איך בין אַ הונד און בלייב געטריי!

און ער ווייזט מיר — די צייהנער!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

באַרג אַראָב צו זיין אָרימען ברודער אין טהאָל לויפט גוט־מאַן. איך האָב איהם קוים אין נאַכט־שאָטען דערקענט; ביי טאָג האָט ער מורא פאַר'ן ווייב, די ארורה איז אַ מיוחסת, איהם ליידט זי קוים, קוים; זיינע אָרימע קרובים לאָזט זי אפילו נישט דערמאַנען. און אָנגעלאָדען איז ער גוטמאַן מיט פעקליך און שקאָרמוצין. אַ פעקאַלע צוקער, אַ ביסילע קאַווע, איין אַלטע פאָר פלודערן, איין אויסגעבויגענער צילינדער — פון די קעשענעס שטאַרען נאָך אַרוים פ׳עשליך — אַ ביסיל מעדיצין, עס קען צו נוטץ קומען, אַ ביסיל איינגעמאַכטס. עקסטראַ פאַר די קינדער — אַ ביסיל קאַנדיל־צוקער...

אין דער בוזעם־קעשענע, בין איך זיכער, טראָגט ער נאָך עטליכע בילעטען אויף קוילען, עס געהט צו ווינטער, אַ האַלב טוץ בילעטען אויף מיטאָגען און ברויט אין דער ביליגער קיך... אַ גאַנץ טוץ בילעטען פאַר דער גאַנצער משפחה אין בעדיל אַריין!

— נעביך — פערוואָרלעסיגט געוואָרען...

און אַ זיסער רחמנות שמייכעל בלאָנזעט איהם אַרום די וואָנגען; וואַרפט אַלע מאָל אַ בליק אין היטעל אַריין, גלייך ער נעמט די שטערן פאַר עדות, אַז ער טהוט, וואָס ער קען — — —

— גוטמאַן, — חאַפּ איך איהם אָן ביי דער האַנד — פאַר וואָס קען דיין ברודער זיך אַליין נישט פערזאָרגען?

— מיין ברודער? פאַר וואָס? — שטאַמעלט ער — פאַר וואָס?

— יאָ פאַר וואָס?

— ווייל ער האָט שוין יאָהרען־לאַנג — ענטפערט גוט־מאַן — קיין פענסטער נישט געעפענט און קיין פרישע לופט נישט איינגעעטעמט... און ער וואָהנט אין טהאָל, אין נאַסען,

פּיכּמען מהאָל . . . אויפ'ן באַרג אַרויף האָט ער מורא , דער קאָפּ דרעהט זיך איהם , זאָגט ער , — און אין שטוב איז פול שפּינוועבס — און עס פליהען אַרום פלעדערמייז , וואָס רייסען זיך אין די האָהר . . .

— ד'וויים — ענטפער איך איהם — דיין אָרימער ברודער איז קראַנק אויף דער נשמה . איפ'ן באַרג אַרויף וויל ער נישט , צו פרישער לופט בענקט ער נישט . . . דאָס שפּינוועבס , מיינט ער , איז פון דיקע שטריק , און ער מיט זיינע שוואַכע הענד וועט זיי נישט איבעררייסען . . . די פּלעדערמייז , מיינט ער , זענען אָדלער , און ער ציטערט , זיי זאָלען איהם נישט דעם מח שפּאַלטען און די געהירן פרעסען . . .

— ד'וויים — זאָג איך ווייטער — נאָר דו ביסט דאָך אויך אין שפּינוועבס געבוירען , צווישען פלעדערמייז געוואַקסען — ווער האָט דיך פריי געמאַכט ?

— ווער ? איך האָב אַביסיל שׂכל געהאַט . . .

— הער גוטמאַן , אפשר וועסט דו געבען דיין ברודער נישט קיין צדקה , נור שכל ?

עס וועט דיר געזונטער זיין ! צדקה מוז אָנשיטען אַ געלעבערטען זאַק . . . שכל-געבען , דעם אמת אויסזאָגען , לערנען — איז א־לישע'ם קריגעלע בוימעל , מען גיסט און מען גיסט , און דאָס קריגעל בוימעל בלייבט קריגעלע בוימעל ! . . . זאָג איהם , ווי אַזוי דו ביזט אַרויס און פריי געוואָרען ! . . .

— ער וויל מיך נישט הערען . . . ער איז מיך , זאָגט ער , מיט מיין ארורה נישט מקנא . . .

— און שוועבעליך — פרעג איך — האָסט דו ?

— נאָך וואָס ?

— נעם — זאָג איך — צינד אונטער די בודע . . . פערברען דיין אָרימען ברודערס קריינק . . .

— פוי ! אונטערצינדערס ! — בייזערט זיך גוטמאַן און לויפט אַוועק .

זיין גוט האַרץ דאַרף צדקה געבען , ער מוז האָבען אַן אָרימען ברודער ! אַ ניט , וואו וועט ער נעמען עולם-הבא ?

און דער אָרימער ברודער ווייסט נישט, אַז זיין נשמה איז קראַנק!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

„איין שבת יודען זאָלען האַלטען, וואָלט משיח געקומען!"
ווייטער אַ גמרא אין ווייטער איין אמת!
איין שבת ווי עס דאַרף צו זיין, איין אמת'ע נשמה יתירה!
אַ נשמה יתירה וואָס זאָל פיהלען, וואָס זאָל וויסען, ווי יענע די טאָגטעגליכע, די וואָכענדיגע איז קראַנק!
וואו נעמט מען זי?

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אלהי,
עד שלא נוצרתי אינני כדאי
ועכשיו שנוצרתי
כאלו לא נוצרתי — — — —
וואָרים באמת וואָס איז —

---

# די קראַנקע נערוון

עס טהוט זיך טעשים! עס זעצט אין קנאַקט; עס קאָכט,
עס שוימט, עס זיערט און פלאַקערט!

וואָס איז געשעהען אַזוינס! רבונו של עולם! ווער האָט
אויפגעוועקט אינזער טויטען ים? ווער האָט אַרויסגעלאָזט דעם
ווילדען שטורם? וואָס לויפען די לייט אַזוי אַרום ווי משוגע?

עס איז, דאַכט זיך, קיין וויכטיג נייעס נישט געשעהען!
סאַמע דראָבנע פאַקטען!

וואָרען וואָס? אויסער „אחיאָסף“ האָט זיך נאָך איינער
ערלויבט צו שרייבען און צו דרוקען העברעאיש! אמת, ער דרוקט
זיי אינטער דער נאָז — בק״ק וואַרשוי; נו, דעריבער? דאַרף
דעריבער די וועלט נישט שלאָפען?

אַ נייַ געבאַקענער ד״ר דע פילאָזאָפיע האָט די „רויז“ אין
„לכבוד פסח“ נישט פערשטאַנען... נו, על כן? דאַרף דערמיט
וואַרשוי קלינגען?

„פלוני“, אַ געוויסער „פלוני“, האָט אַריינגעשלעפט דעם
ירושלים-בער — יעבצ׳ן צום „הויז-פריינד“ אין באָד אַריין, און
האָט איהם, כמעט אָהנם בעדר׳ס וויסען, אַריינגעוואָרפען
עטליכע באָזימלעך — הכלל? איז אַ לאָך אין הימעל?

דאַרף דעריבער רודערן, ברענען, שטורמען, קנאַקען?
אַח, ווי דענערוויערט עס זענען אונזערע לייט!

---

דריי-פערטעל נייע געשיכטע שרייבען אונז די קראַנקע
נערוועַן!

קראַפט-עבינג — אַ בעריהמטער וויענער פראָפעסאָר — איז
דער מיינונג, אַז דער גאַנצער אַנטיסעמיטיזם, וועלכען מיר
האָבען אַזוי פיעל „גוטס“ צו פערדאַנקען, וואָס האָט אונז גע-
געבען: אַרגענטינאַ, פאַלעסטינאַ, פאַטריאָטען, נאַציאָנאַליסטען
און,, „אַחיאָסף“ — וואָס האָט אונז אַזוי נמאס ומאוס געמאַכט

גאַנץ אייראָפּאַ מיט איהר ציוויליזאַציע, וואָס האָט אויפגעוועקט אין אונז אַזאַ הייסע ליעבע צו אַראַבער און טערקען און אַפילו צו די אַרגענטינישע קצבים — אַז דער גאַנצער אַנטיסעמיטיזמוס איז נישט מעהר נור אַ נערווען־קראַנקהייט וואָס גרעניצט, פּראַוודע, מיט שגעון.

מיר יודען, חאָטש מיר זענען איין „עם סגולה", איין אויסדערוועהלט פאָלק פון אַלע אומות, מיר ליידען פון דעסטוועגען אויך אויף די אייגענע קרענק, וואָס הערשען אין אייראָפּע. עס האָט אונז נאָך קיין איין מגפה פריי נישט דורכגעלאָזט און דאָס גראַסירענדע נערווען־פיעבער אודאי נישט...

מיר זאָלען נישט זיין אַזוי נערוועז, וואָלטען מיר פאַר שרעק די קעפ נישט פערלוירען און נישט געלאָזט שאַרלאַטאַנען זאָלען אונז מיט איין האַנד פיהרען ביי דער נאָז און מיט צווייטער גראַבלען אין קעשענע... מיר זאָלען נישט זיין אַזוי נערוועז, וואָלטען מיר נישט געזוכט שוץ און הילף ביים קאָנסערוואַטיזם, ביי אונזער אייביגען בלוט־פיינד, וואָס שטאַרקט זיך אויף אונזער פּאָהיבעל... ווען מיר זאָלען נישט זיין נערוועז, וואָלטען מיר נישט געלאָזט גנבים זאָלען אונז ראַטעווען בשעת שרפה, און נישט געוואָלט אַרויסשפּרינגען פון דאַכשטיבער דורכ'ן פענסטער... ווען מיר זאָלען נישט זיין נערוועז, וואָלט דער מאָרגענדיגער טאָג אויף אונז געוויזען: אָט דאָס זענען די, וואָס האָבען ביינאַכט די לאָמפּ נישט אַרויסגעלאָזט פון האַנד! נור מיר זענען אָבער נערוועזער אַלס אונזערע פעטערן־קינדער, מיר אַליין העלפען צו דער פינסטערניש, זי זאָל אונז איינשלינגען; מיר אַליין דרעהען זיך אַ שטריק אַרום האַלז, מיר אַליין זאָגען זיך אָב אַפילו פון די רעכטע, וואָס קיינער וויל ביי אונז נישט נעמען!

מיר זענען אַזוי נערוועז, אַז עס איז אַ חרפה און אַ שאַנד פאַר לייט, איין אונגליק פאַר אונז און איין אויסגעצייכענט געשעפט פאַר די, וואָס זענען שטענדיג גרייט אונטער צו צינדען אַ הויז, אַבי זיך אָנצו־וואַרימען, פאַר די — וואָס יעדעס פאָלק'סאומגליק איז פאַר זיי אַ טייבעל, פיש צו חאַפּען; פאַר די, וואָס דרייען אויס זייער ווינד־מיהלעביל גענען יעדען ווינד אויף דער

וועלט, מעג ער ברענגען די פעסט, נור גרויפען זאָל ער מאָהלען...

---

און ווי נערוועז די לייט אַליין זענען! ווי זיי ציטערן, עס זאָל זיי עמיץ נישט אַראָברייסען די מאַסקע פון פנים! עס זאָל נישט עמיץ אָנצינדען אַ ליכט, מען זאָל זעהען וואו זייערע הענד שטעקען!

נור איך בין פערקראָכען אין אַ זייט, נישט פון זיי וויל איך רעדען... איך האָב אָנגעהויבען צורעדען פון „אחיאָסף״, פון אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע, וואָס פערשטעהט נישט די „רויז״, און פון פראָצעס „פלוני קאָנטראַ יעבץ״.

וואָס פאַר אַ משוגע נערוועז עס שטעקט אין דעם אַלעם!

---

ווען נישט די משוגענע נערוועז, וואָלטען זיך די בני אַחיאָסף נישט אַזוי געשראָקען פאַר'ן הזק, נישט אַזוי אַגיטירט געגען די יום-טוב-בלעטליך, נישט אַזוי אָבגערעדט די מיכרי ספרים, זיי זאָלען נישט האַנדלען מיט דעם „סם״ — (אויף מייז)?

וואָרען איך קען מיר גאָר נישט איינרעדען, מען זאָל קענען מיט איין החץ און 5—6 יום-טוב-בלעטליך זיי אַזוי פיעל שאָדען מאַכען! אונזער בעל-הבית'ל האָט אַ דיקע-גלאַטע הויט; נישט אַזוי געשווינד טרעפט איהם אַ „פייל״, אויך האָט מען איהם צו פיעל און צו לאַנג צוגעוועהנט צו נאָגעל-מאָגעל און קאַנדעל-צוקער עס זאָלען איהם אַזוי לייכט שמעקען די ביטערע יום-טוב-בלעטליך.

איך האָף נור, אַז מיט דער צייט וועט דער עולם קריגען אַ בעסערן געשמאַק, אַז מיט דער צייט וועט אונזער „ישראליק״ עפענען די אויגען און דערקענען, ווער זיינע שונאים און ווער זיינע פריינד זענען... צו ווילען זיין גוטס די, וואָס גיבען איהם וואָס ער וויל, אָדער די, וואָס גיבען איהם, וואָס ער דאַרף צו וועלען; צו מיינען זיין טובה די, וואָס זאָגען איהם דעם אמת,

אָדער די וואָס פער׳שכור׳ן איהם מיט זיעסען שקר, מיט פאַלשע האָפנונגען און דער עיקר מיט פאַלשע חשבונות...

נור ביז דער צייט קענען נאָך די בני אחיאסף רייך ווערען, און אַז עס וועט קומען די צייט — איבערדרעהען דאָס ווינד־מיהלעכיל און מאָהלען אפילו סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. —

ליידער זענען זיי נערוועז, קאָנקורירען נערוועז און האָבען אויף דער וועלט נערוועזע נאָכשטופער.

אין אַ געוויסער שטאָדט, למשל, האָבען זיך צוזאַמען גע־נומען אַ הונדערט אחיאסף־שטופער, אַ הונדערט יונגע פערברענטע פאַלעסטינצעס, וואָס אויף יעדען פון זיי, ווייזט אויס, קען משיח קומען צו רייטען, און האָבען געלעגט אין חרם אַריין „די אַפען" מיט „ר׳ שלמה" צוזאַמען...

איז דאָס נישט נערוואָזיטעט, וואָס גרעניצט, אויב נישט מיט שגעון, על כל פנים מיט אינקוויזיציע?

---

שלום־עליכם, איינער פון די בעסטע זשאַרגאָניסטען האָט אַ מאָל נישט געוואוסט וואָס מען מיינט: „פּאָקשיווע". איין אַנדערער אויף זיין אָרט, רופט אַריין דעם ערשטען בעסטען פּאָלנישען יוד און פרעגט, וואָס דאָס וואָרט בעטייט, ער איז אָבער נערוועז, שטעלט ער זיך אַנידער ווי איין אָקס מיט גרוי־סע הערנער אין זיין אַמעריקאַנישען רעקלאַמאַציאָנס „קול מבשר", און בלעקט אַרויס: מאי פּאָקשיווע? כדי ער זאָל „פּאָכט־פּאַקטום" געוואָהר ווערען, אַז פּאָקשיווע איז דאָס אייגענע וואָס „קראָפּיווע", דאָס הייסט אַ מין געוויקס, וואָס פּאַכט אַזוי אין אַ גאָרטען אַריין ווי זיין „קול מבשר" אין איין אָרנטליכע ליטעראַטור.

דאָס אייגענע האָט זיך אַצונד געטראָפען אַ דאָקטאָר דע פילאָ־זאָפיע. ער האָט נישט פערשטאַנען די „רויז". מאי כולי האי? צו טרעפט איינמאָל, אַז אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע פערשטעהט נישט וואָס ער לעזט, און זעצט אפילו איבער וואָס ער פערשטעהט נישט? עס איז מעשים בכל יום! און דוקא נישט דעריבער, ווייל די זאַכען זענען צו טיעף, נור ווייל אַ דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע,

איז טהייל מאָל אַזוי פֿלאַך, אַזוי פּליטקע, אַז עפּיס טיעפּערס קען זיין מוח נישט חאַפּען...

איז אָבער דער דאָקטאָר דע פילאָזאָפיע אַזוי נערוועז, אַז ער מוז אויפשרייבען „לאָקשען״, און עס טרעפען זיך נאָך אַזעלכע נערווען־קראַנקע וואָס בעצאָהלען דערפאַר!...

---

נור דאָס אַלעס איז קיין „מן המעשר״ נישט פון די צו־לאָזטע משוגענע נערווען, וואָס האָבען זיך בעוויזען אין פּראָצעס: „פלוני קאָנטרא יעבץ״.

וועגען יעבצ'ן און זיין „ליטעראַטור״ וועלען מיר רעדען אויף איין אַנדער אָרט, מיר ווילען נור אַצונד אָנווייזען ווי דענערוויערט זיינע בעשיצער זענען.

איך וועל אייך נור אין קירצען זאָגען אין וואָס עס געהט. פלוני וואַרפט פאָר יעבצ'ן: 1) אַז ער האָט געשריבען אַ פאַלשע היסטאָריע, פון וועלכער אַלע אומות העולם קומען אַרויס אייני־געריסט ווי די קוימענקעהרער אין איין כנסת־ישראל — ווייס ווי אַ מעהל־הענדלער. 2) אַז אין זיין יודישער היסטאָריע האָט ער איבערגעהיפּערט אַלע באמת וויכטיגע פאַקטען און היסטאָרישע מענשען, אויף וועלכע ער האָט אָדער אַ שפּיי געטהון אָדער אַ קורצען „חרם״ געוואָרפען... אין האָט דאַגעגען אויפגעבלאָזען די עטליכע „פאַלעסטינצעס״, וואָס האָבען דערווייל נאָך גאָר נישט געטהון, חאָטש זיי האָבען אַזוי פיעל געקאָסט און קאָסטען ווייטער... און 3) און דאָס איז דער עיקר — אַז ער שרייבט געפעהרליכע קינדער־ביכער, וואָס ווילען אונז צוריק פיהרען צו די „גוטע, פרומע, נור, ליידער, פינסטערע צייטען!״.

די קריטיק איז אַריין ווי אַ שטיין אין אונזער ליטעראַרישען טייך און די גרויסע פיש האָבען זיך ווילד דערשראָקען! פריהער האָבען זיי פאַר שרעק געשוויגען, נור דערנאָך, אַז מען האָט געזעהען, אַז דער פלוני שטעהט דערווייל אַליין, זענען די העכט אַרויף געשווימען מיט די אָפענע מיילער, נור איינצו־שלינגען!

צו אַלעם ערשטען איז אַרויס אַ „זי״ — אַ דבורה גינצבורג.
פּאַר וואָס נישט אַ מחבר — אַ זכר? כדי מען זאָל נישט קענען זאָגען: „הדיוט קופץ בראש״; הדיוט איז לשון זכר. און דער רעדאַקטאָר פון המליץ, וואָס בייזערט זיך אויף אַ קליינע „עדה״ אין אַמעריקאַ, וואָס האָט אויפגענומען פאַר זיך אַליין, און גאַנצען פאַר אַ פּאָר מנינים, אַ בעל־דרשן אַ יודענע, לאָזט די אשה צנועה דרשנ׳ען פון מליץ־בלעטער פאַר כל ישראל. נאָך מעהר — אַלס עלעגאַנטער הערר טרעט ער איהר אָב דעם אויבען־אָן און מאַכט פון דער ווייבערישע נערוועז־לאָגיק אַ לייטענד אַרטיקל!

און דבורה גינצבורג איז שרעקליך דענערוויערט; זי האַלט זיך איין מיט אַלע קרעפטען קיין שלעכט וואָרט נישט צו ריידען אין דאָך איז איהר אַרטיקל אַ וואַלד מיט שאַרפע באַגנעטען. האָניג און מילך — דאַכט זיך — רינט איהר פון מויל, נור דער האָניג איז פול גיפט און די מילך איז איראָניש זויער און געזעצט. זי וויל נישט פלוני׳ן בעליידיגען, דאָך איז פון „אַ פלוני דאָרט״ (איזה פלוני) בפרט, און פון אַ זשאַרגאָן־שרייבער בכלל אַ העזה צו קריטיקירען יעבץ׳ן! דאָס הייסט (אַ פנים) אַריינברעכען אין דער חברה „שמור לי ואשמור לך״ און צו שאַנדען מאַכען דאָס גאַנצע „עסק״... זי איז — חלילה! — נישט בייז, נור דער „פלוני״ איז אַ „פרעמד צווייגעל״ אויף אונזער בוים, און אונזער ווייגאָרטען, און די אשה צנועה וויל איהם מיט׳ן שאַרפען צינגעל אָבשניידען און אַרויסוואַרפען — על כל פנים — פאַר די אומות העולם... צו די דריי קנינים, וואָס דער רבונו של עולם האָט אויף דער וועלט, קומט, אַ פנים, צו נאָך אַ קנין: היינט ווערט דער הייליגער קוילטש געפלאָכטען אין פיערען, פון שמים־וארץ, ארץ ישראל, תירה און יעב״ץ — ווער עס גלייבט נישט אין יעבץ׳ן — וואָן! אַרויס פון כנסת ישראל! ווער עס קריטיקיערט, ווער עס זאָגט אַרויס דעם אמת צו הויך, צו פּראָסט, ווער עס רופט אָן די זאַך ביים נאָמען, ווער עס וויל נישט און לאָזט נישט נאַרען דאָס פאָלק; ווער עס וויל נישט זיינע ווערטער איינוויקלען אין וואַטע, בעשפּריצען מיט אָרעקאָלאָן, פּערזיסען מיט צוקער, ווער עס דענרעוויערט אונז — אַרויס!

היסטאָריע איז אַנשטאַנען; באַלד זענען אַרויס נאָך צוויי „גן־עדן־פּאַנעס"; און זענען אַריין ווי די קוואָקעס צווישן די מודעות אין המליץ... זיי קוואָקען אויס דאָס יונגע האַרצוויטאָג, וואָס מען האָט יעבץ'ן אַראָבגעריסען די קרוין פון קאָפּ און זענען מנדר (איך געדענק נישט וויפיעל טאָל ח"י), לטובת הפועלים אין ארץ ישראל!

אַזאַ ערנסט־ערליך־קלוג אַריינמישען זיך אין אַ ליטעראַרישען וכוח, אַזאַ מין פיין אונטערהאַלטען אַ געפאַלענעם גבור, אַזאַ מין סימפּאַטישע אַמעריקאַנישע רעקלאַמע — שרייבען אין חתמי־נען נור העכסט דענערווירטע דאַמען!

איך גלייב, אַז זיי שרייבען אמת — אַז זיי האָבען באמת זייער גאַנצע מיליכיגע חכמה אויסגעזייגט פון יעבצ'ס ברוסטען, אַז עס צאַפּעלט זיי באמת דאָס האַרץ זעהענדיג, ווי מען רייסט דער אַם די קאָפּקע פון אַלט־קלוגען קאָפּ... נור נישט יעדער צאַפּעל פון אַ מיידעל־האַרץ דאַרף נאָטירט ווערען אויף דער ליטעראַרישער בערזע, און אַז מען זייגט שוין אָב ביי יעבץ'ן — הייבען ערשט אָן צו שפּראָצען ציינדליך, דאַרף מען ערשט אָנ־הייבען עסען — אָנהייבען באמת צו לערנען!

דערנאָך איז דער רעדאַקטאָר ה' ראַבינאָוויטש אַליין אַרויס מיט אַ בעמערקונג, אַז די זשאַרגאָניסטען, וואָס שרייבען פאַר ציצרין און קעכין, וואָלטען געראַרפט בעסער וואָרנען פאַר דער מהומה'דיגער עמיגראַציע און נישט רעדען פון יעבץ'ן. די קעכין מיט דער ציצרין — מיינט ה' ראַבינאָוויטש — מעגען נישט ווי־סען, אַז יעבץ „טאַנצט אויף די הינטערפיסליך" און „וויל צוריק שלעפּען די כנסת ישראל אין מיטעל־אַלטער אַריין"...

נור אַזוי אומגערעכט קען מען אויך נישט זיין ביי פעליג געזונדע נערווען. וואָרען — ווער זענען האָבען מיר די מהומה צו פערדאַנקען, אַז נישט די לשון קדש'ע קעסעל־פויקער? צי איז צעדערבויטס המליץ נישט געשטאַנען אין דער ערשטער שורה און געפויקט „טרעוואָגע": — לויפט, רייסט, יאָגט...? אויף ווע־מען זשע פאַלט דער חוב צוריק־צו־פויקען? צוריק־צו־ר־יפען? די ציצרין און די קעכין לויפען, ווייל — ווייל אין יעדער שטאָדט

איז דאָ עטליכע לשון־קדש פויקער וואָס ציטראָגען די טרעוואָגע אין אַלע גאַסען און לאָזען קיין אַנדערע ספרים אויסער יעבץ און אחיאסף נישט קויפען...

אמת — דער עולם האָט געפויקט קיין ארץ־ישראל און גע־לאָפען איז מען קיין אַרגענטינאַ; שולדיג איז דאָך דער פויקער — די גאַנצע „טרעוואָגע" איז איבריג געוועזען!

און דאַרף מען צוריק פויקען זשאַרגאָן, זאָלען די פויקער אַליין שרייבען! קענען זיי נישט שרייבען אין קיין איינפאַך דורכ־זיכטיגער שפראַכע וואָס פערדעקט נישט די לעכער אין דער לאָגיק, פערבלימט נישט די פינסטערע חכמות, און פערהאַקט נישט מיט געדונערטע ווערטער דעם לעזערס שכל הישר, זאָלען זיי זיך אַ זשאַרגאָן פויקער דינגען! די פראַקסע קענען זיי... ווי לאַנג איז גאָר, אַז מען האָט אַ „בילער" געדונגען געגען בּאַראָן הירש? ווי לאַנג איז, אַז מען האָט אונטערן טיטעל „איין אמת וואָרט", פּאָפּולאַריזירט ווערמאָנטס מסירות? ווי לאַנג איז עס, אַז מען האָט גאָר געדונגען אַ „דאָרן" געגען איין אומשולדיגער אָרימער „רויז"? וואָס? צונד האָט קהליש געלד פערפעהלט?

איך גלייב באמונה שלמה אַז ה' ראַבּינאָוויטש וויל זיין אונפּאַרטייאיש; איך גלייב אַז ער וויל אפילו מיט די צייט דעם גאַנצען צערערבוימישען ריח אַרויסטרייבען פון המליץ... נור די נערוועזן זענען שולדיג, און ער וויל אויך, אַז דער זשאַרגאָן זאָל זיך נישט אַריינמישען אין דער לשון קדש'ער וועלט, ווייל — אָהן זיינע שרייבער, איז דאָרט אַזוי רוהיג, אַזוי שטיל, אַזוי שלום ושלוה! עס שרייבען סאַמע גוטע ברידער, קיין „פרעמדען" לאָזט מען נישט אַלעז דעקען, נאַ־דיר! קומט עס פון דער זייט!

---

אין דער אַנמערקונג האָט זיך אָנגעהאַפּט איין אַנדערער נערוועזער שרייבער אין הצפירה. הערר פּראָס איז אַרויס, „א ש יהודי ספרא" האָט „אונטערגעגאַרטעלט זיינע לענדען" און

„פּאַטשט" אין הצפירה! דאָס שטילע וואַסערל רייסט איין די ברעגעס!

מיט וואָס פּלוני קריטיקירט יעבץ'ן, דערמאָנט ער נישט, כדי ער זאָל נישט דאַרפֿן דערויף צו ענטפֿערן; אויף דער זעג, ווייסט ער, האָט די שלאַנג קיין ציין נישט... פֿאַר דאָס אָבער האָט ער פֿערפּלייצט אַ שאָק נומערן הצפירה מיט גיפֿט... און דווקא מיט'ן ערנסטען...

וואָס וויל פֿראָס? אסור אייב איך ווייס! איך ווייס נור, אַז לויט זיין לאָגיק איז אַ משרת אָדער אַ קעכין אַ מאוסערע פּרנסה אַלס אַ פֿאַקטאָר ביי הלוואות און פּלוני האָט נור אַ פֿראַווע צו רעדען מיט משרתים און קעכינס; עס זעהט אויס אַז לויט פֿראָס שכל הישר איז יעבץ אַ פֿאָרטשריטסמאַן — ווי דען! נור אַז מען קען אַזוינס שרייבען, און נאָך אַזוי פֿיעל דערפֿון שרייבען האָט מען זיכער קיין געזונטע נערוועז...

נור דאָס איז נאָך וועניג. אייפֿען אָרימען „מאַקאַר" פֿאַלט נאָך אַ שישקע... טאַוויאָוו איז דאָ! אַ פֿעליעטאָן אין המליץ! טאַוויאָוו איז מודה אַז יעבץ פֿעלשט די געשיכטע, ער פֿרעגט נור: „וואָס שאַדט אונז דער שקר"?, וואָס שאַדט עס — פֿרעגט טאַוויאָוו — אַז מיר וועלען אָ ב נ אַ ר ע ן די קינדער? אַז זיי וועלען עלטער ווערען — מיינט טאַוויאָוו — וועלען זיי שוין אַליין וויסען דעם אמת...

נו, זאָגט אַליין, צו אַ מענש, וואָס האָט אַ פּרעטענסיע אויף בילדונג, אויף די קינדערישע הערצליך זייהען שקרים, כדי דער ווינד פֿון שפּעט־יאָרן לעבען זאָל האָבען וואָס אויסצו־רייסען — צו דאַרף אַזאַ „מענש" נישט נעטיג אַ קאַלט־וואַסער קור?!..

נור דאָס אַלעס איז נאָך וועניג! נאָך גאָר נישט! עס קריכט אַרויס נאָך איינער מיט אַ „געוואַלד" — מיט „אַ פּראָטעסט פֿון כלל ישראל געגען הוויזפֿריינד!".

נור דאָס גרעניצט זיך שוין טאַקי מיט שגעון... עפּיס

אַ חצקין שרייבט אין נאָמען פון כל ישראל, פון דער גאַנצער אומה!!!

נור וואָס איז מיין טרייסט?

מיין טרייסט איז, אַז די נערוועץ פון די אומות העולם, פון דער כנסת־ישראל און פון אינזוער ליטעראַטור וועלען זיך אַמאָל שטילען, און געזונד לאַכען פון דער אַלט־נאַרישער צייט.

---

# גוטע פריינד

זאָל איך היטען זיין ליבער נאָמען פאַר גוטע פריינד!

בעקאַנטע, זעהט איהר, זענען נאָך קיין אומגליק נישט. גריסט איהר איבריגע צעהן מענשען אַ טאָג, קען עס נור שאַטען אייער קאָפּעלוש; אייער נשמה מעג דערפון וויסען אַזוי ווענינ, ווי ווענינ זי ווייסט פון די ברויט־און זעמעל־קיילעכלעך, וואָס איהר קנעטט און קאַלערט פערטראַכטערהייד, איבערן טיש.

פריינד אַפילו קענען אויך אַ מאָל נוצליך זיין!

אַ מענש, וואָס האָט „התבודדות" מיט „חשבון־הנפש", קראַצט זיך גאַנץ אָפט מיט די נעגעל אַזוי טיעף אין שאַרף אין דער נשמה, אַז ער מוז זיך אַ מאָל פערבענקען צום באַרואַם פון אַ פריינדס געטרייער האַנד, און דער פריינד טהוט עס גערן, — „אָבגעגעבענע זאַכען" טראַכט ער. אין ווירקליך, ווען איין מענש זאָל דעם צווייטען ניט העלפען, וואָלט נאָך קיינעם קיין האָהן נישט געקרייהט.

אָבער „גוטע־פריינד". — —

איך מיין אַזוינע, וואָס זענען נישט מחויב אָנצוקלינגען און זענען יוצא מיט אַ לייכט אָנקלאַפּען, ווי, רחמנא ליצלן, דער מלאך־המות... וואָס דאַרפען, מיט'ן מלאך־המות צוגלייך, אַפילו נישט פרעגען, צי זיי שטערען נישט... וואָס זענען קלאָר אין יעדען ווינקעלע פון דיין שטוב, ווי אַ יוד אין „אשרי" און — פון דיין נשמה, ווי דיין אייגען בייז געוויסען! דאָס, זעהט איהר, איז שוין איין אומגליק! אַ קללה, פון וועלכער די „תוכחה" ווייסט נישט. און קיין גוטער יוד זאָל נישט וויסען!

און אַזוי ווי איך בין געבענטשט מיט אַלעם גוטען, בין איך געבענטשט מיט גוטע פריינד אויך!

און איינעם, — אַ גוטען פריינד, הייסט עס, — האָב איך, קומט ער צו מיר אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, פרעגען אויף קליין־געלד! 5 קאָפּ איז שוין איין הלואה; איבער 25 געהט שוין זיין השגה נישט, אָדער געטרויט ער מיין פריינדשאַפט נישט.

איינמאָל, אַז ער האָט ביי מיר אַ נייעם, געשליפענעם שפּיגל געזעהען, מיט אַ גאָלדענע רעם אין קריינדליך, האָט ער געקוקט און געקוקט, און אַ ישוב געהאַט, און מיט אַ מאָל אַ זאָג־אַרויס געטהאָן: דרייסיג קאָפּ! און דאָס ערגסטע איז — ער גיט אָב! און דער עהרליכער מאַן, דער עהרליכער גוטער פריינד, שלעפּט מיך אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך אַראָב אין דער בלאָטע, וואו די קליינע ווערימלעך לעבען און חלום'ען פון קאָפּיקעס, פון בייגעל פאַר קאָפּיקעס, העכסטענס — פון אַ מיטאָג פאַר 5 קאָפּ אין דער ביליגער קיך! איך וויל אַ וועלט איבערבייען, און ער רעדט פון קאָפּיקעס...

אַ צווייטען האָב איך, קומט ער נור משבת לשבת, דערפאַר אָבער — נישט מיט ליידיגע הענד. אַ פּעקיל ברייננט ער. אַ גאַנצע וואָך געהט ער אַרום אין גאַסען, קאַפעען, אין הייזער און גערטנער און קלייבט אויף דאָס גאַנצע לשון־הרע, וואָס מען רעדט אויף מיר, און ברייננט עס מיר לכבוד שבת...

און דאָס פּעקעל בינדט ער אויף מיט פערציטערטע הענד, מיט אַ האַרצ־רייסענדיג רחמנות־פּנים און בראָנע־בלאָהע ליפּען. ער עפענט דאָס פּעקעל, און די לשון־הרע־ווערעמלעך צוקריכען זיך אין אַלע ווינקעלעך, איבער דער גאַנצער שטוב, ביז אויפ'ן וואַנד־שענקיל אַרויף, וואו מיינע מאַנוסקריפּטען ליגען, — מיין ירושה, וואָס איך וועל איבערלאָזען דער וועלט, און — עס ווערט אַ שטיל, נור אונאויפהערליך פּאַפּיער־פרעסעריי... און ער שטעהט, פערלעגט די הענד איבער'ן ברוסט־ברעטיל, און זיפצט: אַ שלעכטע וועלט! און ווערט דערנאָך בייז, שפּייט אויס: פוי! נאַטירליך — וואו ער שטעהט און געהט!

אַ גרייסע נפקא־מיניה...

און גאַנץ אָפּט פיהל איך מיך אליין בעשפּיגען...

און אַ דריטען האָב איך, וויל ער מיך גאָר אין גאַנצען אומברייננגען. עס איז נישט מיין צייט, זאָגט ער. און מיט אַ זיכערהייט פון גרעסטען נביא אָדער פון גרעסטען נאַר... וויל ער מיר אויס־ווייזען, אַז איך האָב געדאַרפט געבוירען ווערען: אָדער אַ סך פריהער, אָדער גאָר אַ סך שפּעטער. איך האָב

געזאָלט, אין אַבֿרהם־אָבֿינו'ס צייטען, פּאַשען שאָף אין דער מדבר, אָדער ערשט העט, העט לעתיד לבֿא, — און אַרומשוועבען מיט די דעמאָלטיגע נאַקיטע נשמות אין די העכסטע לופט־ספערען, אויף לופט־באַלאָנען, און לעקען זאַלץ אָדער קאַנדעל־צוקער פאַר וויסט־בלאָה און טיעף־הייכער זעלינקייט. אַ ניט, מוז איך אַרומגעהן מיט אַ צושפּאָלטענער נשמה אַ־לאַ בערדיטשעווסקי...

און נאָך, און נאָך...

נור איינעם האָב איך, בעשטעהט ער פאַר צעהן!

אַיין ערנסט־בייז־שווייגענדיגער גוטער פריינד. ער קומט, זעצט זיך נעגען־איבער, און שווייגט.

די ברעמען אַראָבגעלאָזט, די אויגען זאָל די וועלט נישט פערברענען. די ליפען פערביסען, אַ ניט, גאָט ווייסט, וואָס פאַר אַ ברענענדיגע דערנער עס וואָלטען פון דאָרט אַרויס. און הענד מיט פויסטען; קאַלטערהייד, איז ער גרייט חרובֿ צו מאַכען ש"י עולמות מיט אַ מאָל!... און אַזוי זיצט ער און שווייגט. אונטער זיין שטערן, — זעה איך בחוש — וועבט און שפּינט זיך איים אַיין „אָבוויניטעלני אַקט“ קעגען גאָט און וועלט; ער ווערט איהם אַ מאָל אַרויסדונערן... עס איז אָבער נאָך צו פריה; זיין צייט וועט ערשט קומען... דערווייל שווייגט ער, אָדער וואַרפט אַ פּאָר ווערטער...

און ער זיצט מיר נעגען־איבער און שווייגט. און עס ווערט מיר אונהיימליך פאַר'ן שווייגען, עס פאַלט איף מיר אַיין אימעט, אַ מרה שחורה. איך פיהל, ווי עס דאַמפט פון איהם אַרויס אַ שאָטען און איך זאַפּ איהם אַיין מיט די אייגען... און וואָס מעהר שאָטען איך זאַפּ פון איהם אַיין, טונקעלער, שוואַרצער ווערט אין מיר, אַרום מיר — אַלץ ווערט גראָה, שוואַרץ און אין איין־ווענס — פויל און ווערמיג.

איך ווער אַ מאָל בייז:

— וואָס ווילסט דו פון מיר?

— פון דיר? — ענטפערט ער קוים — נאָר נישט! נור גראָשען אַ מאָפּ קאַרטאָפעל! 24

— — — — — — — — — — — — — — — —

גאָט איז מיין עדות, איך עס קיין קאַרטאָפעל נישט.
אַ שוואַכער מענש, דאָקטוירים האָבען פערווערט. איך זעה זיי
כמעט פאַר די אויגען נישט. וואָס געהען מיך אָן קאַרטאָפעל,
ווען, וועניגסטענס — וויינטרויבען!

אָבער וואָס העלפט עס! ער שווייגט, עס דאַמפט פון איהם
גראָהליך-פויל, און איך זאַפּ עס און שלינג עס איין!

און איך פיהל, אַז איך מוז מיך ווערען קעגען שאָטען,
קעגען דער מרה שחורה, קעגען די פוילע ווערמלעך, וואָס
הויבען מיר אָן, שאָרכענדיג, אַרומצוקריכען אין קאָפּ...

איך מוז איהם אַ ל י י ן צורודערן, מיט עפּיס העכערס
פעראינטערעסירען... מיט העכערס און בעסערס ווי קאַרטאָפעל,
ווי וויינטרויבען אַפילו... איך זוך אין די געדאַנקען, אין זכרון
דאָס שענסטע דאָס בעס... און וויל עס איהם אויסשיטען פאַר
די וואַסעריג-בעהאַלטענע אויגען מיט די גראָהע ווערמלעך אויפ'ן
אָרט פון אויגען-אַפּעל, און זאָגען: נאַ, זעה! שען איז דאָך די
וועלט! ח אָ ט ש קאַרטאָפעל זענען טייער! איך וויל איהם
צוטראָגען די פיינסטע בלומען צו דער נאָז, — נאַ, שמעק!
פאַראַן צדיקים אין סדום... האָניג אויך... קעפּ, וואָס
קלערען; הערצער, וואָס קלאַפּען; הענד, וואָס אַרבייטען...
נאַטירליך — לטובת הכלל...

און איך זאָג איהם: טאַקי טייער קאַרטאָפעל. אָבער
אונזער וואַרשויער „איזראַעליט" האָט זיך איבערגעבעטען מיט'ן
וואָרט „זשיד", אין האָט עס געכשר'ט על פי „לינדע" און
אַנדערע היסטאָרישע קוועלען! עס פעהלט אפילו קיין עגמת נפש
נישט: ענגלאַנד האָט הרטה בעקימען און צוריקגענומען „אוגאַנדאַ";
די פראַקציע מיט דער סעצעסיע וועלען מוזען זוכען נייע שטיינער
קעגען דער אָרגאַניזאַציע; דער „הצופה" האָט זיך צובריקערט
און אַראָבגעוואָרפען דעם ערשטען „בערייטער"... אַ רחמנות!
דער „גאָניעץ", אויף וועלכען מיר האָבען מויערען געשטעלט,
האָט זיך צונויפגעשמעקט מיט דער „ראָלע" און געטויישט זיך מיט
פראָספּעקטען... אויפ'ן „יריד פון בעל-מלאכות" האָט מען קיין
יוד נישט אַריינגעלאָזט און „שאַ"! די „פּערויודישטע" פוילישע

פרעסע האָט נישט פּראָטעסטירט, — דאָס אַלץ איז אמת, אָבער פעלדמאַן, דער פון גאַליציען, או נ ז ע ר פעלדמאַן, — האָט קונה־שם געווען מיט זיין „שאָטען" (ציען), וואָס מען האָט פאָר־געשטעלט אין טהעאַטער. עס איז אַ סך געראָטענער פונ'ם „צדיק", וואָס מען האָט זומער־צייט אין די גערטליך געשפּיעלט. דאָרט האָט געשלאָגען אַ נודנע העלקייט פון צדיק'ס קאַפּאָטע, דאָ איז אַלץ בעדעקט אין אַרומגעהילט מיט אַ היינט־מאָרישען שאָטען...

נישט אמת, וואָס ציעהאָן'ס שאָטען האָט דערצעהלט אין „הזמן", אַז פעלדמאַנס שאָטען האָט קיין יודישען טעם נישט. און, למשל, אַז עס האָט נ י ש ט קיין יודישען טעם? אָבער פילאָזאָפיע האָט עס? אָנגעפולט מיט פילאָזאָפיע!

פאַקטען — זאָגט פעלדמאַן — געהען נישט לאבוד, — ווערען נישט פערלוירען, הייסט עס. מען פערגעסט זיי אַ מאָל, אָדער מען מאַכט זיך פערגעסענדיג, — קומט אָבער די רעכטע מינוט, שווימען זיי אַרויס. פון מעשים־טובים שטראַהלט אַיין אייביגער נחת, פינקעלט אַרויס אַ קרוין איבער'ן קאָפּ... און פון מעשים־רעים — זאָל גאָט שומר ומציל זיין! פון זיי דאַמפּט אַרויס אַ שאָטען, וואָס נעהט דיר נאָך טריט ביי טריט, טריט ביי טריט, ביז ער עפענט אַ מויל און שלינגט דיך אַיין!... ווי אַ שלאַנג... לעבעדיגערהייט!...

דו פערמאַכסט זיך אַ מאָל בחדרי חדרים מיט אַ ניי שפּיעלעכיל, מיט אַ נייער האָפנונג, מיט אַ ניי גליק, און זאָגסט: איך בין עס ווערטה! מיין נשמה איז העל, ווי אַ זילבערנע טויב; ריין, ווי אַ פריש געפאַלענער שניי און ליעבליך מילד, ווי אַ לבנה־שטראַהל... מאַכט זיך אַ גוטער פריינד, וואָס האָט אַ זכרון מיט אַ נאָז, דערשמעקט ער אין דערמאָהנט דיך. קומט ער און עפענט די טהיר, און לאָזט אַריין דעם שאָטען. און עס ווערט דיר אַלץ גראָה, אין פינסטער, און ווערמיג פאַר די אויגען! און מען קען זיך אויך אָהן דעם גוטען פריינד בעגעהן... דו האָבט גאָר דעם שאָטען אין דיר אַליין! פון דער געטהיענער זאַך בלייבט דיר אַיין אָבזאַץ אויף דער נשמה, און דאָרטען ליגט ער, דער שאָטען, אײנגעהויקערט, איינגעקנייטלט, ווי אין

אָבגעגאנגענער באַנד־וואָרם... און דאָרט זיצט ער און וואַרט, און לויערט, און לאָקערט... און ווען דו גלייכסט דיך אויס, הייבסט דיך אויף פון מיסט, אויף וועלכען דו ביסט געפאַלען פון קראַנקען־בעט, אויף וועלכען דו ביסט געלעגען גרייט צום גוסס'ן, און שטעלסט דיך אויף דער וועלט אַ געשריי צו טהון: להר"ם! נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, איך האָב נישט געזינדיגט! ניין, קיינער ווייסט נישט, קיינער וועט נישט וויסען! און דאָס ווערקסעל, וואָס איך האָב אויף גליק און לעבען, א־ז נאָך נישט איינגעצאָהלט, און דו עפענסט דאָס מויל און ווילסט פריי איינעטהעמען, איינזווינגען, איינזאַפּען דאָס פרייע גליקליכע לעבען,—דעמאָלט הויבט ער זיך פּלוצלונג אויף, ציהט זיך אויס, הויבט אָן וואַקסען... און ער וואַקסט און צוואַקסט זיך און פערשפּרייט זיך אין אַלע דיינע איברים, זיין אַלע ריצען און שפּאַלטען פון דיין נשמה... און ער וואַקסט אַלץ מעהר און מעהר, און גרעסער... און וואַקסט דיר פון מויל, אייערען און אויגען אַרויס... און קריכט אַרויס, און לעגט זיך דיר איבער'ן פּנים, און עס ווערט פערשוואַרצט; איבער דיין שטיב, און זי ווערט גראָה און וויסט, איבער דער וועלט, און זי ווערט דיר גרין און געל... און דאָס לעבען איז שוין קיין לעבען נישט, דאָס גליק — קיין גליק נישט... גאָר נישט... האָטש וואַרף זיך אין דער ווייקסעל אַריין... אַ והא ראיה: אַ מיידעל!

אַ מיידעל, נעביך, האָט צווישען שווייצערבערג אַ אומגליק געהאַט, אַ ליעבע, הייסט עס... זי האָט זיך דאָרט פערגעסען אַ ביסעל, צו ווייט פערקראָכען! נור קיינער ווייסט נישט. מיט דער צייט האָט זי עס אַליין פערגעסען... דער שותף פון דער עבירה האָט זיך שוין לאַנג אַראָבגעקאָלערט פון אַ גלעטשער, און עס איז פון איהם קיין שריד ופליט געבליבען... און זי וויל נאָך אַ מאָל אויפבליהען. קומט די צייט, שרייט זי: להר"ם! וויל אָנהייבען אויפ'ס ניי! נור פעלדמאַן, אונזער גאַליצישער פעלדמאַן, לאָזט נישט. דער שאָטען זיינער לאָזט נישט... טהיר און טהויער זענען פערמאַכט; קומט אַ גוטער פריינד, וואָס האָט אַ נאָז און דערשמעקט אַ זכרון און געדענקט און לאָזט אַריין

דעם שאָטען, און ער צוואַקסט זיך, דער שאָטען, און שלינגט אײן דאָס מײדעל מיט'ן להר"ם! פּיך־פּאַך — זי שיסט זיך אין קאָפּ אַרײן — —

פערשטעהסט?

— נישט כדאי — ענטפערט ער — אַז 12 קאָפּ. אַ טאָפּ קאַרטאָפעל!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס בלוט איז מיר ענטרונען געוואָרען! וואָלט ער האָטש עפּיס אַנדערש אויסגעטראַכט! אַ אידעע־פיקס, רחמנא לצלן!

איך גיב מיך אָבער אַזוי געשווינד נישט אונטער! מיט אַ קאַרטאָפּעל לאָז איך מיך נאָך נישט דערשיסען! דיר געפעלט נישט פּעלדמאַן, נאַדיר מעטערלינק! מעטערלינק מיט זײן טרופע... מיט זײן אײגען ווײב, וואָס שפּיעלט אין דער טרופע... זעהר שען און זעהר פּריש איז זי שוין נישט, אָבער עפעקט־פאָל. דער עיקר, דער שוואַנען־ווײסער האַלז. זי טראָגט זיך טאַקי דעקאָלטירט... זי זאָל אַ שמאַציאַרקע שפּיעלען, אַ שמאַציאַרקע אין אַ ווינטער־טאָג, וואָלט זי געגאַנגען אויפגעריסען. דער עיקר איז דער שוואַנען־האַלז. דערנאָך ערשט דאָס שפּיציגע נעזיל, די שפּיציגע נאָמבע... דערנאָך ערשט דאָס פראַנצויזיש שפּיעלען...

עס איז אפילו צו געשווינד אין צו עכט פראַנצויזיש... נישט אונזער היימיש וואַרשויער באָנע־און דאַמע־לשון... און די זאַבען זענען אַ ביסעל צו טיעף, צו הויך און, פאַר אונזער גראָבּ־הייטיגען בעל־הבית, אַ ביסעל צו נעפּעלדיג. און נישט צום גלויבען: בלינדע זעהען מעהר, ווי אַ קלוגער בעל־הבית מיט אָפענע אויגען; טויבע הערען מעהר, ווי ער מיט אָפענע אויערן אויפ'ן „מיסטישען קאָנצערט" אין פיל־האַרמאָניאַ. נור עס מאַכט נישט אויס! מעטערלינק, זײן אײגענע טרופע, זײן אײגען ווײב, איהר שפּיציג־נעזיל מיט'ן ווײסען שוואַנען־האַלז. און — פּאָרט פראַנצויזיש. און היינט דער לײכטער מאַנטעל, וואָס ליפּטערט זיך אין מאָנאַ־וואַנאַ איבערן נאַקיטען לײב... סודי־סודות! און ווי וואָלט געווען, ווען עס רײסט זיך ווינטער־צײט אויף

אַ פענסטער אין זומער־טהעאַטער און עס בלאָזט אַריין אַ משוגע׳ן ווינטעל? האַ?

און אונזער בעל־הבית לויפט...

פון הייטישע מענשען פערלאַנגט ער מוסר און צניעות און פערקנעפעלטע קליידער ביי אונטער דער גאָמבע... היינט וויל ער נאָך, עס זאָל אַלס זיין קלאָר און פליטקע, ווי אַ גענזען־טייכיל, וואָס שעמט זיך נישט מיט׳ן זאַמד און נישט מיט די ווערמליך צווישען זאַמד... פעלדמאַן, נעביך, חאָטש פיין פויליש, האָט מורא יוצא צו זיין מיט׳ן שאָטען אַליין און שטעלט צו אַ גוטען פריינד, אַ פשוט׳ן בשר ודם, וואָס עפענט איהם די טהיר, און וואָס וואָלט זיך, אייגענטליך, אָהן דעם שאָטען בעגאַנגען... אַז ער ווייסט, זאָגט ער אַ ל י י ן אויס! ווייסט ער נישט, — ט ר אַ כ ט ער אויס! אָבער מעטערלינק! פון איהם פערלאַנגען? וואָס? נישט אינטערעסאַנט?

— אֶפשר, ווען נישט 24 גראָשען אַ טאָפּ קאַרטאָפעל!

---

טראַכט איך מיר: אַזוי, האָסט פיינד טהעאַטער, נאַ דיר ליטעראַטור! און איך דערצעהל איהם גדולות, עס וואַקסט ביי אונז ווי אויף הייוועז; ווי גורקען אין אַ דונער צייט, ווי גערשטען ביי דער לבנה. דער „איזראַעליט" איז אפילו אונרוהיג געוואָרען... אַ קאָנקורענץ גענען פויליש... נור ווער הערט איהם?! דער „הצופה" וויל איבעריאָגען די „הצפירה" און האָט זיך אַיינגעשפּאַנט מיט׳ן „השלוח" ביי איין דישעל, אַפילו אַ חשש פון „כלאים", נור פאָהרען וועט זיך... „הצפירה" וועט יעדען פרייטאָג געבען ליטעראַטור: הויך און ווייך, ווי אַ באָבעס — אֶפשר נור נישט אַזוי פעט! — און דערצו חריין און זענפט פון אַלערליי קריטיק... אפשר וועט עמיץ שרייבען „לידידתי"... דער „המליץ" וועט אויך אודאי אַרויסשפּרינגען פון דער הויט, דער „הזמן" אויך... און די „הצפירה" מיט׳ן „הצופה" וועלען, זיי להכעים, נאָך אפשר צוזאָגען שאָטען מיט קאַנדיל־צוקער... און אפשר, — אויפ׳ן אַמעריקאַנער אופן — הענדשקעס מיט שטיוועל... און „הילף" מיט הילף פון יענער זייט... און יום־טוב בלעטער. און

„לוה־אחיאָסף“ דיק ווי „פּיוזענד און איין נאַכט“. . . און דער לוח
איז פון סאַמעראָדנע יונג־וואַרג. . . און די דין רויטליכע פינגער
צופען, נישט נור די סטרונעס פון דער האַרפע און זינגען מיט
גרויס בענקעניש צו ליכט, לופט און אַלעם גוטען. . . נור איך
אין פּובליציסטיק. . . נאַ, זעה! מיש איבער די קדושים איפ'ן
פרעמדען לשון, און בײַם וויטער — כאַמע שווייצער־קעז!
באָרוכאָוו בראָקט אײַן א[illegible]־העס'ן מיט „בערדיצעווסקין“, ווי צוויי
שוואָמען אין איין באָרשט, און עס קומט אַרויס, אַז די
ליטעראַטור אינזערע וואַקסט יאָ און וואַקסט נישט. ד"ר כהאָן
רעדט וועגען דיסציפּלין אין פּאַרטײַ און בעווייזט, על פּי קאַנט
ושאָפּענהויער, אַז פּאַרטייען בעשטעהען נור פון שטיקליך נשמות,
ווייל די רעשט פערטהוען מיר ערגעץ אנדערש. . . ד"ר ניימאַרק
הייסט דעם ד"ר הערצל, יק"א און אחד־העם, זיי זאָלען זיך
דערלאַנגען די הענד און ער וועט זיי אַרומבינדען מיט אַ כשר'ער
ציצה, אָבי שלום! ווייל באמת „אלו ואלו דברי אלהים חיים“.
דאָס אונגליק איז נור „שבעת קלגסים“, — וואָס איינער פער־
שטעהט דעם צווייטען נישט. . . און נאָך חכמים —
נאָר ער האָקט מיך איבער:
— און וואָס זאָגען די חכמים וועגען יקרות אין קאַרטאָפּעל?

---

און דאָס איז אמת!
קאַרטאָפּעל האָבען מעהר אָנהענגער ווי פילאָזאָפיע,
שלינגען זיך בעסער ווי די פיינסטע פּובליציסטיק, אָבער — וואָס
קעהר זיך דאָס אָן מיט חכמים? זיי ריידען אַפילו נישט פון
וויכטינערע זאַכען, למשל: וואָס וועט כהון די וועלט אָהן
קייזער־ווילהעלם'ס פיין קלינגענדיגער שטימע? פון וואַנעט
נעהמען זיך דער יאַפּאַנישער פּלאָט מיט דער יאַפּאַנישער העזה
צוזאַמען? זיי לאָזען אפילו קיין וואָרט נישט פאַלען וועגען פּראָצעס
פון ענגלאַנד קאָנטראָ טיבעט. אַפילו נישט וועגען דעם, פאַר
וואָס האָט די באַראָנעסין זוטנער נישט בעקומען נאָבעלס נאַגראַדע
פאַר פרידענשטיפטעריי? צי דעריבער, ווייל זי נעהערט איך
צום יודישען אָבוועהר, וואָס איז נישט כרבה־שלום? און אפילו

נישט וועגן דעם ניי-לייכטענדיגען מעטאַל... דער שאָטען „אוגאַנדאַ", וואָס איז אַרויס פון ד"ר הערצל'ס אויגען, האָט דאָס אַלץ פערדעקט, פער'חשכ'ט און דערנאָך מן הסתם איינ-געשלונגען...

אָבער, הכלל?

זאָל איך מיך דעריבער מיין גוטען פריינד אונטערגעבען?

איז היי-יאָהר — זאָג איך איהם — נישט קיין גערעטעניש אויף קאַרטאָפעל, געראָטען דערפאַר מצוות און מעשים טובים? ממש פון טאָג צו טאָג! דאָס שפיטאָל — געענדיגט! עס פעהלען אַלץ נאָך וואַרימע שטיוועל און קליידער פאַר שווינדזיכטיגע, וואָס דאַרפען זיצען אויף באַלקאָנען צי ביי אָפענע פענסטער, — נור ערשטענס אַ זון אָהן פלעקען, בפרט אַ שפּיטאָל אָהן פעהלער — איז נישט פאַרהאַן. צווייטענס — איז אפשר באַלקאָן און אָפענע פענסטער — לאו דוקא! מיר האָבען איבערגעלעבט פּיאַווקעס און באַנקעס, מיר וועלען דאָס אפשר איך איבער-לעבען. אָבער נאָר אויפהערען צו גלויבען די דאָקטוירים, וואָס פיהרען ויכוחים, רופען צו דין תורה'ס פאַר קאָלעגען, און אויב די קאָלעגען האַלטען איינעם נישט סאַטיספאַקציאָנס — פעהיג, לויפט ער, ווי דער ערשטער פּוילישער מאַגנאַטיל — מכר'ן...

„אָהיעזר" און „עזרת יתומים" לעבען ווי אַ שוועסטער און ברידער, דאָס הייסט: זיי קריגען זיך כמעט טאָג-טעגליך, אָבער צו'ן אַ מעסער האַפען און אָבקוילען קומט עס נישט! און עס וועט מיט גאָטס הילף נישט קומען! היינט האַלט ד"ר פאָזנאַנסקי אין דער „דייטשער שוהל" איין מאָל אין צוויי וואָכען רעדען וועגען יודישער געשיכטע; און נעכטיגע אַסימילאַטאָרען, וואָס זענען נאָך אין גאַנצען פון עולם הדמיון נישט אַרויס, קומען הערען, און — אַזוי גלויבט, ווייניגסטענס, דער ד"ר פאָזנאַנסקי, — עס קען זיי זיין צו רפואה... און היינט די נייע צדקה-חברה פאַר חדר יונגליך! און דער קאָנצערט, וואָס וועט מיט גאָטס הילף זיין אויף די ביליגע קיכען, און נאָך, און נאָך...

און איך וויל קיין אָפּטימיסט נישט זיין, איך זאָג נישט, אַז די בעל-בתי'שע נשמה האָט זיך, מיר-נישט-דיר-נישט.

פלוצלונג צוגליהט, ווי אין גאַנצן ווייגנאַרטען, וואָס ווייסט פון קיין ווינטער נישט... פון דער העלער הויט אַרויס צופלאַקערט ! איך ווייס אַז אַ בעל־בית צו זיין, איז לייכט, אַז מען איז, איז מען ! לעבט מען שוין בשלים מיט גאָט און לייט, און מען האַמפּערט זיך נישט מיט ⅔ עשׂרת הדברות... אָבער א י י ד ע ר מען ווערט, איידער מען קוסט פון „גאָרנישט מיט גאָרנישט״ צום זמר פון „מנוחה־ונהלה״ ! דעמאָלט איז אַיין אונר־היגע צייט, פון וועלכער עס בלייבט איין אָבזאַץ אויף דער נשמה...

און אין דעם אָבזאַץ ליגט בעהאַלטען דער שאָטען ! איינ־געהייקערט, אַיינגעקנוילט אין איינגעשרומפּען, ליגט ער אין יואַרט, אין לאָקערט. און זעהט ער, אַז דער בעל־הבית וויל פריי אָבעטעמען און נעדט ביים רויטען שטורקאַץ אין זאַקסישען גאָרטען אויף דער גליטש, קריכט ער אַרויס... וויל ער זיך, דער בעל־הבית, איבערשליטלען איבער׳ן פריש געפאַלענעם שניי, מיט אַ „פרעהליכקייט״, וואָס האָט עפּיס איבערגעלאָזט צווישען די שווייצער־בערג, אָדער עפּיס געברענגט פון דאָרט, צי פון ערגייץ אַנדערש, — שפּרינגט ער, דער שאָטען, אַרויס, און לעגט זיך איבער׳ן פריש געפאַלענעם שניי, ווי אַ שוואַרץ מוך אויף ווייסע תכריכים... און — „צדקה תציל ממות״ ! דער בעל־הבית האָט אַ מאָל אין חדר געלערנט צו עמיץ זאָגט איהם אונטער... און כדי די שׂמחה ביי טאָג און דער שלאָף ביי נאַכט זאָלען נישט געשטערט ווערען... דער מאַראַם מעטערלינקעס שוואַנען־האַלז זאָל נישט פערגעפעלט ווערען און — די וועלט זאָל בלייבען וועלט ! מוז מען אָדער פיף־פאַף ! אָדער עפּיס טהון, גוטס טהון... וואָרום דער שׂכר פון מצות איז אויף ד ע ר וועלט, פ ר ע ה ל י ך ווערט, ד ע ר ש אָ ט ע ן פערשווינדט ! האָטש אויף אַ וויילע ! און אויף דער ווײלע ווערט אַלץ דורכזיכטיג און קלאָר, ווי אַ געניזען־טייבעל ; מען זעהט דאָס זאַמד אַרויס, די ליעבע ווערמליך אַרויס ! און זומער שיינט די זון, און קאַרלסבאַד, און מאַריענבאַד, צווישען די שווייצער־בערג... ווינטער גלאַנצט דער שניי און ביבער־קעלנער שליט׳ען זיך, אָדער גליטשען זיך אויפ׳ן אייז, וואו חוה׳ס טאָכטער גליטשט זיך אַ מאָל אויס, פאַלט,

און עס ווערט אַ פרעהליך געלעכטער... חאָטש אַ נייער שאָטען ווערט בעשאַפען...

און איז נאָך נישט אין גאַנצען קלאָר, איז דער שאָטען נישט אין גאַנצען פערשוואונדען, האָט די לעבעדיגע זון נאָך פלעקען, געהט מען צו צום ראַנד פון אָבגרונד, און מען לעגט די פלאַכע האַנד איבער די אויגען, און מען קוקט אַראָב: צי קומט ער נישט פון דאָרט, דער שאָטען?! עס שווינדעלט אַ ביסעל, נור מען קוקט... און „יגעתי ומצאתי" — אַז מען קוקט דערזעהט מען! פון דאָרטען קומט ער! אונריין איז דאָרט! נישט געוואַשענע פאָדלאָגעס, קוים נעגעל-וואַסער, נישט געקעמטע קינדער... און מען לויפט, און מען דערצעהלט עס אין דער היגיענישער חברה און — ממש תיך כדי דבור, ווערט — שופטים ושוטרים! לאָזט מען אַראָב אין תהום אַריין אַ טוץ „אָפּיעקונעס" — אַפּטרופּסים, וואָס זאָלען קוקען אויף ריינקייט, ריידען וועגען וואַשען, רייבען, קראַצען... וועגען גרינעם זייף, און העמד-ער, נישט דוקא משבת לשבת... און אין דער נעפּט פון דער געזעלשאַפטליכער מרה-שחורה וועט אָנהויבען בלאַנקען און בליצען און שיינען...

און ער האַקט מיר איבער און פרעגט:

— אָבוואָהל 24 גראָשען אַ טאָפּ קאַרטאָפעל!

און רייד מיט איהם!

אַ אידעע-פיקס, רחמנא לצלן!

---

## די נייע באַוועגונג

אין מערב־איירָאָפּאַ, צווישען די שווערבעוואָפּענטע פעלקער, וואָס עטהעמען קוים אונטער דער שטאָהלענער לאַסט;
אין מערב־איירָאָפּאַ, וואו די פּרעסע פון האַס צווישען פעלקער, רעליגיאָנען, ראַסען און קלאַסען רייסט און בייסט מיט ווילדען כעס דעם אייזערנעם נאַמאָרדניק; וואו די רעגירונגען נוצען דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס דונער־אַבלייטער פאַר די גאָלדענע פאַלעצען, וואו קינד און קייט וואַרפט זיך אין וויסטע חלומות פון דינאַמיט...
אין מערב איירָאָפּאַ בעמערקט זיך אַצונד אַ נייע בעוועגונג...
איבער'ן ווילד־ברויזענדען ים פליהט אַ טויב מיט אַ גרינעם בלאַט פון שלום.

עס מאַכען זיך איבעראַל מאָראַלישע געזעלשאַפטען, וואָס ווילען, עס זאָל אויפהערען דער אייביגער קריעג צווישען רעליגיאָנען, פעלקער, ראַסען און קלאַסען; מענשען זאָלען אַוועק לעגען דאָס מערדערישע געוועהר פון האַנד; יעדערער זאָל אַוועקלעגען דעם קאַלטען רשע — דעם עגאָאיזם; מענשען זאָלען אָנהייבען לעבען מאָראַליש, — מיט יושר, מיט רחמנות...

זיי גלויבען אין דער מאָראַליטעט, וואָס איז נ י ש ט דער אָבגלאַנץ פון דער בלאַנקער שווערט, וואָס שטעקט נישט אין קרופּע קאַרטעטשען, וואָס האַלט זיך נישט אין דער געבייטלטער פּויכע און געהט נישט האַנד אין האַנד מיט אייגעננוץ, שאָוויניזם און רעליגיאָנס־האַס!...

און זיי גלויבען, אַז דער מענש מוז זיך אויפחאַפּען פון דעם וויסטען שלאָף און דערזעהען די ליכט, וואָס שלאָגט איהם אין די אויגען! ער מוז דערפיהלען, אַז ער איז מ ע נ ש, און אַז נישט דער עגאָאיזם מיט נעגעל און באַקצייהן, נור די ריינע מענשליכע מאָראַליטעט דאַרף זיין דער קאָמפּאַס, צו פיהרען זיין שיף איבער'ן ים!

אידער שאָקעלט מסופק מיט די קעפ! אונזער פעסימיזם, וואָס איז אַרוים ווי אַ הונד־שוואָם אויפ'ן מיסט פון די לעצטע צייטען, איז אַ נאַכטגעוויקס און דרעהט זיך אַוועק פאַר יעדען ליכטיגען שטראַהל...

און דער עיקר — עס איז דאָך געגען די לעצטע פוסקים! געגען דאַרווין, ספּענצער און ליפּערט, געגען די דריי זיילען, וואָס האַלטען אונטער די בילדונג אפילו אין ישיבות און בתי מדרשים.

מען זאָגט, אַז דער אייגענער בטלנישער לץ, וואָס האָט געוויזען אויף דער האַנד, זוי אַזוי פראַנצויזען און פרייסען האָבען מלחמה געהאַלטען, און האָט, מיט אַ שפּיי אויף דער האַנד, דערטרונקען עטליכע ראָטעס סאָלדאַטען פון ביידע צדדים, האָט אַ מאָל אויך אויסגעטייטשט, פון וואַנען עס נעהמען זיך אַזוי פיעל פערשיעדענע מאָדען אין ווייבערישע קליידער.

יעדער פאַבריקאַנט — זאָגט ער — האָט שטעהן אַ פעסעל מיט מוסטער־שטיקלעך; וואָס אַ מאָל חאַפּט ער אַרויס אַ מוסטער, אַרבייט נאָך אַ סחורה און — עס ווערט אַ נייע מאָדע!

און, אַז ער האָט דאָס גאַנצע פעסעל נעענדיגט, דרעהט ער עס איבער קאַפּויר, און עס קומט אַרויס גאָר אַ נייע מאָדע, וואָס די באָבע־יאַחנע האָט נאָך געטראָגען.

איך ווייס נישט, ווי אַזוי עס געהט צו ביי פאַבריקאַנטען, נור אין דער פהילאָזאָפישער אינדוסטריע איז זיכער אַזוי!

אַלטע סיסטעמען שטעהען אויף תחית המתים און ווערען צוריק די נייעסטע מאָדע...

אין אַ צייט אַרום פערליערט דער נייער סיסטעם דאָס געזונד, היבט אָן הוסטען, קריגט אַסטמאַ — פאַלט אַוועק, שטאַרבט און ווערט בעגראָבען, און אויף זיין אָרט שטעהט אויף אַ נייער שוכן־עפר; אַ נייע פיהלאָזאָפיע פון דער באָבע־יאַחנעס צייטען — און די באָבע יאַחנע, אויב זי

לעבט נאָך, טאַנצט פֿון פרייד, אַז איהר צייט איז צוריק
געקומען!

דאַכט זיך, אַז „כל דאלים גבר״ (ווער עס איז שטאַר-
קער, ביי דעם בלייבט עס!) איז איין אַלטע פֿיהלאָזאָפֿיע, נאָך
פֿון אדם הראשון׳ס צייטען... איין אמת׳ע, נאַקיטע וואַלד-
פֿיהלאָזאָפֿיע — אַלץ ווענדט זיך אין דער פויסט. די וועלט איז
אַ קניוש; ווער עס איז שטאַרקער, בייסט פריהער אַריין; ווער
עס האָט אַ ברייטערע מויל און בעסערע צייהן, רייסט אָב אַ
גרעסערע אין אַ בעסער שטיק... אָדער ווי מען פֿלעגט צו
זאָגען: איף דער וועלט איז ווי אויף אַ חתונה — חאַפּ און
פרעס, חאַפּ און זויף!

דער סיסטעם איז אַזוי אַלט, ווי דאָס ווילדע לעבען.

נישט איינמאָל האָט זיך אפילו שוין געדאַכט, אַז די
מאָראַליטעט, אַז דער יושר פֿון צייהן-און-נעגעל איז אָבגעשוואַכט,
אָבגענוצט; אַז מיר האָבען די „טהעאָריע שמאַטע״ אין אַרחיוו
אַריינגעלעגט, ווי זי איז שוין מיט שימעל בעוואַקסען; אַז מיר,
מיר מענשען, האָבען שוין איינגעזעהען, אַז דאָס פּאַסט נור
פאַר ווילדע חיות אין נאָך נאַקיטע ווילדע לייט; אַז מיר
דאַרפֿען זוכען אונזער גליק אין עפּיס אַנדערש, עפּיס גרעסערס,
העכערס... און דאָך — האָט זיך נור אַזוי געדאַכט! די
פֿהילאָזאָפֿישע פאַבריקאַנטען פֿון נייגצעהנטען יאָהרהונדערט:
דאַרווין, ספּענצער, ליפּערט און אַלע זייערע נאָכשלעפּער און
נאָכשטופּער האָבען די מאָדע בעניייערט!

דאַרווין האָט בעמערקט, אַז דורך ערציהען, לעבען אויף
אַ געוויסע אַרט, אין אַ געוויסען קלימאַט, אין געוויסע בעדינגונ-
גען — פֿערענדערט זיך דער קערפּער פֿון מענשען און טהיערע,
און דערפֿון איז איהם איינגעפֿאַלען, צו בעניייען דעם אַלטען
לאַמאַרקישען סיסטעם, אַז נאָט האָט קיין בעזונדערע מינים נישט
בעשאַפֿען, אַז פֿון זיין האַנד איז נור איין לעבען אַרויס;
אַז די אַלע מינים, משפּחות אין סאָרטען קומען אַרויס מיט דער
צייט — איין מין פֿון צווייטען, איין סאָרט פֿון צווייטען; און
דאָס ווענדט זיך אין די פֿערשיעדענע פֿערענדערונגען, וואָס

מאַכען זיך אינ'ם לעבען... נו — וואָס שאַדט עס אונז? וואָס זאָל אונז דער פוסטער יחוס? אַדרבא, עס איז מעהר כבוד, אַז מיר האָבען זיך אַליין אויסגעאַרבייט, אַליין מיט דער צייט פאַר מענשען געמאַכט, דעם עק פערלוירען און אַזוי פיעל שכל, אַזוי פיעל יושר בעקומען! נישט איינער זוכט אפשר אין שלאָף דעם עק, ווי איין אַלטער דייטש די יאַרמולקע, נישט איינעם חלומ'ט זיך דער וואַלד... נור מיט דער צייט וועלען די חלומות און דאָס זוכען דעם נעכטינגען טאָג אויפהער'ען, פערשווינדען...

אמת איז, אז אין „בראשית" איז די מעשה אַנדערש פער-צעהלט... נור „מעשה בראשית" איז נישט געשריבען פראָסט „כדבר איש אל רעהו" — עס איז פול סודות; איך זעה עפּיס אַנדערש, יענער עפּיס אַנדערש און דער אַלשיך — עליו השלום — אויך עפּיס אַנדערש... ווער ווייסט, אפשר מיינט נאָר דאָס דער פסוק... אַ קשיא אויף אַ מעשה! אז „חמץ" קען זיין על פי קבלה דער יצר הרע און „מצה" דער יצר טוב, חאָטש זיי שטעהען ביידע נישט אין מעשה בראשית, קען „חוה" זיין די פאַנטאַזיע, וואָס טרייבט דעם מענש צו זוכען נייע אמת'ן, נייע וועגען; דער „עץ הדעת" — די קולטור און די שלאַנג — דער „סקעפּטעציזם", דאָס מסופק זיין, דאָס אונרוהיגע פרעגען: פאַר וואָס און פאַר ווען, דאָס וואָס לאָזט אונזער פאַנטאַזיע נישט שלאָפען און נייט זי, זי זאָל אַלע רגע אויפשטעלען נייע סיסטעמען, נייע הייזליך פון קאָרטען, „אויף וועלכער דער פויערישער שכל הישר דאַרף נור אַ בלאָז טהון, זיי זאָלען אומפאַלען"...

פערצייטענס וואָלט מען אַזאַ דאַרווין פערברענט. אין היינטיגע קאַלטע צייטען האָט ער אויסגעלעבט זיינע יאָהרען און געפינען נאָך אַ נאָטסגעלעהרטען, וואָס האָט אויסגעגלייכט דעם פסוק, ער זאָל פּאַסען צו זיין טעאָריע; נאַטירליך — דעם פסוק צוליעב. —

נור דאַרווין איז געפאַלען אויף נאָך איין המצאה. וואָרען די שאלה איז: פאַר וואָס וואַרען טהייל פערענדערונגען פערשוואונדען און אַנדערע האַלטען זיך שטאָהל און

אייזען ? מיר ווייסען, אַז נישט איינמאָל ווערט געבוירען אַ קאַלב מיט צוויי עקען, אָדער מיט צוויי קעפּ, מיט זעקס פיס — פאַר וואָס בלייבט פון דעם אַלעם קיין זכר נישט, און פאַר וואָס, אַז עס האָט זיך נור בעוויזען אַ האָרן, האָבען זיך באַלד אַלע בהמות פערקוקט און הערנער בעקומען ? איך דעם איז די תשובה : כל דאלים גבר ! דאָס לעבען איז איין אייבינע מלחמה, איינער מיט'ן אַנדערן, איין מין מיט'ן צווייטען און איין משפחה מיט דער צווייטער... אַלע שלאָגען זיך שטענדיג און גבר איז דער שטאַרקערער — דעריבער איז דאָס קאַלב מיט איבעריגע פיס נעלם געוואָרען, ווייל פיער פיס איז איבער גענוג, בפרט — איין קאָפּ ! נור דער אָקס מיט'ן האָרן, וואָס איז געוואָרען אַ שור נגח, האָט זיך טאַקי געמעהרט און געפרוכטבערט... אזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס זענען געוואָרען אַ וועלט אָקסען מיט הערנער און די רעשט אָקסען אָהן הערנער זענען נעלם געוואָרען — אויסגעפייגערט אָדער אויפגעפרעסען געוואָרען פון אַנדערע בהמות, ווייל פון פרעה'ס חלום זעהט אויס, אַז אַ מאָל האָבען די קיה איינ'ס דאָס אַנדערע געגעסען גאָר מענשען צו גלייך ! פון וואַנען עס האָט זיך דער ערשטער האָרן גענומען, דאָס ווייסט דער טייפעל, גענוג — אַ האָרן האָט זיך בעוויזען און דער ערשטער גליקליכער אָקס, וואָס האָט'ן געקריגען, האָט מוצא חן געווען ביי די קיה, ער האָט געהאַט אַ סך קינדער און האָט זיי אַלע פערירשענט דעם האָרן... טרעפט זיך אַ מאָל איינס ווערט געבוירען מיט אַ גאָהלען קאָפּ — געהט עס לאבוד, — ווי איינער אָהן כלי־זין אין דער מלחמה מיט שטאַרקע בעוואָפענטע ! טחוירען, למשל, האָבען אַ מאָל געלעבט ווי אַלע אַנדערע חיות ובהמות; פּלוצלינג האָט איין טחויר אָנגעהויבען צו שוויטצען מיט אַ ריח — ווי פון אַ בעל־תשובה, נעבען וועלכען עס קען אפילו קיין צדיק גמור נישט איינשטעהען... מיט דער צייט האָט מען אַלע טחוירען אויפגעגעסען, נור פאַר דעם טחויר איז יעדערער ענטלאָפען, און ער מיט זיינע יורשים זענען געבליעבען לעבען, און זיי מעהרען און פרוכטבאַרן זיך, אַז מען פיהלט זיי ש־ין אפילו אין דער ליטעראַטור... פּאָקשיווע

(אָדער ווי די „ליטוואַקעס“ ווילען: קראָפּיווע) איז אַ מאָל געווע־
זען אַ געוויקס ווי אַלע געוויקסען, נור פון דער העלער הויט
האָט איין פּאָקשיווע אָנגעהויבען צו שטעכען און צו בריהען; מיט
דער צייט האָט מען אַלע מינים פּאָקשיווע צו טרעטען און אויס־
געריסען, נור די בריהענדיגע און שטעכענדיגע זענען געבליע־
בען! און אַזוי אַלע חיות ובהמות! טהייל פערד האָבען אפשר
אַ מאָל קיין עקען נישט געהאַט. נור די אָהן עקען האָבען זיי
די פליגען געפרעסען, און נצול איז געוואָרען נור דאָס פערד,
וואָס האָט זיך געקענט קראַטצען מיט'ן עק ביז'ן קאָפּ.

הכּלל — אַ מלחמה און מען דאַרף נור גוט כלי־זין!

נור כל זמן דאָס אַלץ איז נור נוהג און וואַלד און פעלד,
צווישען חיות און בהמות... אַרט מיך נישט; לוינט אפילו נישט
צו דערגעהן, פון וואַנען עס האָבען זיך גענומען די ערשטע
פערענדערונגען — דער ערשטער האָרן, דער ערשטער שוויס,
דער ערשטער עק... נישט כדאי זיך דעריבער דעם קאָפּ צו פער־
דרעהען, מיר זענען שוין לאַנג פון וואַלד אַרויס, און ביי
אונז, דאַכט זיך, איז גאָר פערקעהרט. אָט האָט ושתי אַ האָרן
בעקומען, דאַכט זיך אַ וואהל כלי־זין אין דער מלחמה צווישען
מאַן און ווייב און בכלל צווישען ווייבער, און דאָך — איז דער
מוסר שטאַרקער געוועזען פאַר'ן האָרן: אַחשורוש האָט איינגעזעהן
מיט'ן שכל פון זיינע עצה־געבער, אַז אַ ווייב דאַרף פאָלגען
אַ מאַן, אַז יעדער מאַן מוז האָבען צו שאַפען ביי זיך אין דער
היים, אַפילו ווען ער איז אַזוי קלוג ווי אחשורוש און דערביי
נאָך אַזוי שכּור ווי ער; אַז אויב ער הייסט, די פלונית'טע זאָל
אַריינקומען גאָר על־פּי פּשט, אָהן איין איינהיעל... אמת
איז, אַז די ממשלה, וואָס אַ מאַן האָט, איז כל זמן דאָס ווייב
איז אין שטוב, ניט אַזוי פעסט... נור דער „יושר“ האָט
פאָרט גובר געוועזען דעם האָרן, און ושתי האָט געמוזט אָבּ־
טרעטען אסתר המלכה'ן די קרוין.

עס ווערען גאַנץ אָפּט געבוירען מענשען מיט צו שאַרפע
ציינער, צו האַרטע פויסטען, אָדער מיט נשמות פון מהוירען און
פוקסען — נור מיר האָבען שטענדיג געמיינט, אַז פאַר זייערט

וועגען טאַקי האָבען מיר קרימענאַלען, אַרעסטען, און טהייל מאָל (בסיר זאָל עס בלייבען) אַ בינטעל הייסע ריטער... ביז מען ווערט פון זיי פטור... אונזער לעבען, האָבען מיר געמיינט, רינט שוין כמעט אַזוי קלאָר ווי אַ וואַסער... עס פאַלט אַמאָל אַריין אַ שטיינדעל, מאַכט עטליכע רעדליך אַרום זיך, נור באַלד ווערט עס פערשוואונדען מיט די רעדליך צוזאַמען, דער שפּיעגעל גלייכט זיך אויס און רינט ווייטער אַזוי ריין, אַזוי קלאָר ווי דער הימעל... טיעפער איז אפילו קאַלט און פינסטער, און דער העכט לאָזט דעם קאַרפּ נישט שלאָפען, נור מיט דער צייט, האָט מען געמיינט, וועט מען דאָרט אויך אַריין קוקען... מיט דער צייט וועט דער מענש איינזעהען, אַז די ערד קען ערנעהרען 10 מאָל אַזוי פיעל מענשען ווי עס איז דאָ אויף דער וועלט, אַז מיר דאַרפען אַנשטרענגען אונזער אינטעלעגענץ, נישט איינער זאָל דעם צווייטען אַרויס רייסען פון מויל, נור מעהר בענוצען די נאַטור־קרעפטען, וועם דיענען אונז נאָך אין גאָר אַ קליינעם פראָצענט. מען האָט געמיינט, אַז איינער וועט אַרויס נעהמען די הענד פון צווייטענס טאַש, דער צווייטער וועט אויפהערען צו רייסען דעם ערשטענס נאָז, און זיי וועלען זיך ביידע נעהמען צו די וואַסער־פאַלען, וואָס רוישען, הילכען, און בייזערן זיך, פאַר וואָס זיי פערליערען אַזוי פיעל קראַפט אומזיסט... מען האָט גערעכענט, אַז אָט, אָט וועט ישעיה׳ס נבואה פון אייביגען פריעדען מקוים ווערען און אויף דער וועלט וועט ווערען אַ געקוישעריי, אַ געהאַלזעריי, אַז מלאכים אין הימעל וועלען אונז מקנא זיין...

זענען אָבער געקומען ספענצער און ליפּערט און האָבען געזאָגט: לא כי! די צוויי פהילאָזאָפען, מיט אַ הונדערט נאָכשטויפער, ווייזען אויס, אַז אויסער דעם, וואָס מיר קומען אַרויס פון וואַלד, מוזען מיר נאָך אייביג שוין לעבען לויט דעם שלחן־ערוך, וואָס איז אין דעם וואַלד נוהג... און דער שלחן־ערוך האָט ניר איין פּאַראַגראַף: כל דאלים גבר! ואידך — פירושא (די רעשט איז נור אַ פירוש): פויסט, נענעל, באַקצייהן, רציחה מסירות, פאַלשקייט — וואָס איהר ווילט אַליין...

די אייגענע שווערט הענגט איבער אונזער קאָפּ אויך! די
פויסט איז ביי אונז אויך יושר און עהרליכקייט צוזאַמען! דאָס
גאַנצע לעבען, אפילו דאָס מענשליכע, איז איין אייביגע
מלחמה... יוסל מיט שמואל'ן, יודען מיט קריסטען, פראַנצויזען
מיט דייטשען, ווייסע מיט שוואַרצע, מיט געלע — אַלע מוזען
זיך שטענדיג רייסען ביי די האָהר, צופּען ביי די נעז, און ווער
עס איז שטאַרקער, דער בייסט פעסטער אינ'ם קניזש...
די פויסט איז אַלט ווי די וועלט, ווי דער וואַלד מיט
זיינע חיות רעות! נור דער סיסטעם האָט איין נייעם נאָמען! די
ח"י גדולים קומען נאָך דאַרווינען: „דער קאַמפּף אום דאַס דאַזיין",
הייסט עס! דאָס איז דער העכט, וואָס שווימט אַרום אין ספּענ-
צערס וואַסער, דאָס איז די ראָפּוכע, וואָס גראַבעלט זיך אַזוי
אומגעלומפּערט אַרום אין ליפּערטס שווערען שליים...
איין אייביגע מלחמה צווישען מענשען, פעלקער און
ראַסען! און דו מיש דיך נישט, יעדער דאַרף פאַר זיך זאָרגען!
עס איז שוין אַזוי, עס מוז און עס דאַרף אַזוי זיין!
און עס איז אַ גאַנץ איינפאַכער סיסטעם:
די גריכען האָבען אַמאָל געטייט קראַנקע און פעלער-
האַפטע קינדער, עס זאָל אַרויס אַ דור פון סאַמע גבורים; און
דער ניינצעהנטער יאָהר-הונדערט וויל מיט דער פייערדיגע
קאָנקורענץ אויסברענען אַלע שלימזלדיגע מענשען, עס זאָל
אַרויס אַ דור מיט סאַמע דורכגעטריבענע שווינדלער...
דאָס לעבען איז איין אייביגער קריעג — ווער עס פאַלט,
איז אַ ודאי שכור געוועזען, אָדער עס האָט זיך איהם אין
מיטען דערינען פערגלוסט צו געניצען... דאָס לעבען איז אַ
„מאָקאָטווער דראָנג", אויסגעשמיערט מיט זייף; ווער עס חאַפּט
זיך אַרויף, בעקומט אַ צילינדער מיט אַ זייגעריל...
און מיט דער צייט וועלען אַלע קענען קריכען!

---

דער עגאָאיזם, דאָס אייביגע פערזאָרגען נור זיך אַליין,
דאָס אָנפילען נור דעם אייגענעם מאָגען — אָט דאָס זענען, לויט

דער פּיהלאָזאָפיע, די געשיכטליכע הייבען, אויף וועלכע עס יעהרט די מענשהייט, און אָהן וועלכע זי וואָלט געבליעבען ליעגען ווי איין אויסגעטריקענט שטיקעל טייג אין עק מולטער — צינד העבט עס זיך אין וועט באַלד אַריבער איבער דער ראַנד! „די איינעגליעבע" אָט דאָס איז, לויט ספּענצער און ליפּערט, די שפּינערין, וואָס זיצט ביים איביגען רעדעל פון דער צייט, און שפּינט אונז די ציוויליזאַציע!

אפשר שרעקט אַייך, וואָס דער שטאָף איז ברודיג פון זיימען שווים און רויט פון אונשולדיג בלוט? וואָס מאַכט עס אויס? פון דעם שטאָף קומען דאָך אַרויס אַזיינע שלאָפרעק, פּרעק און זיידענע קליידער פאַר אַ צעהנדלינג אייסדערוועהלטע... איביגע מלחמה, אייביגע קאָנקירענץ צווישען מענשען, פעלקער און ראַסען; און מענשען, פעלקער און ראַסען, וועלען אַזוי לאַנג אַראָבפאַלען ווי פוילע עפּעליך פון בוים, ביז עס וועלען בלייבען סאַמע פעהיגע מאַנשעסטער פאַבריקאַנטען!

איהר פרעגט, צי דאָס איז מאָראַליש?

— מאָראַליש? ענטפערט אַייך די פּהילאָזאָפיע, איז דען דאָ אַ מאָראַליטעט? אין אונזערע פּהילאָזאָפען זענען קלאָר אין דער סאָציאָלאָגיע ווי ביי זיך אין דער היים און וועלען אַייך פערשיטען מיט אַ מיליאָן פאַקטען, ווי אַ וואַלד מיט שישקעס, און מען וועט אַייך בעווייזען, אַז יעדעם פאָלק האָט אין יעדער צייט און אויף יעדען אָרט אַנדערע דעות, אַנדערע מדות, אַז וואָס ביי איינעם איז רויט, איז ביי'ם צווייטען גרין, וואָס איינער האַלט פאַר אַ מצוה, האַלט דער צווייטער פאַר איין עבירה... ווי קען זיין אַ מאָראַליטעט? ווי קען זי דיענען אַלס מאָטאָר אין אונזער מאַשין, זיין אַ לאָקאָמאָטיוו, וואָס פיהרט די וואַגאָנען פון דורות?

ביי אונז מעסט מען איף עלען און קוואָרטען און מען וועגט אויף לויטען; אין רוסלאַנד ווערט געמאָסטען אויף אַרשינען און ציעטווערטים און געוואָגען איף זאָלאָטניקעס, און אין איראָפּא איז אָנגענומען געוואָרען דער פראַנצעזישער מעטער מיט'ן קילאָ... ווילדע מעסטען אויף דער האַנד און טהייל וויסען נאָך נישט צו וועגען... און פון דעסטוועגען וועט קיינעם נישט איינפאַלען

צו קלעהרען: טאָמער איז גאָר קיין מאָס און קיין וואָג נישט פערהאַנדען?

מיר האָבען ציפער'ן ביז 9 מיט איין 0; א מאָל האָט מען געצעהלט ביז 20, די רעמער האָבען געהאַט עקסטרא ציפערן פאַר 20, 30 א. ז. וו..

טהייל ווילדע קענען מעהר נישט צעהלען ווי ביז 5, זעקס הייסט שוין אַ סך, אָדער מ'ן זאָגט: 5 און 1... און פון דעסטוועגען איז קיינער נישט מסופק, אַז צוויי און צוויי איז דאָך נור 4, נישט 3 אין נישט 7...

מיר נוצען געלד פון קופער, זילבער און גאָלד; אין טהייל לענדער בענוצט מען אויך ניקעל, די גריכען האָבען געהאַט מטבעות פון אייזען, ווילדע שטאַמען האַנדלען און טוישען אויף גרינגע שטיקלעך גלאָז, מושעל'ן, ביסלעך רייז, און פון דעסטוועגען זענען מיר זיך אַלע מקריב פאַר געלד, און ווייסען, אַז געלד עקזעסטיערט...

נור, אַז עס זענען פערהאַנדען פערשיעדענע מנהגים און דעות ביי פעלקער, ווערט שוין דער עולם מסופק, צי עס איז פערהאַנדען אַ מאָראַליטעט, קען שוין זיין, אַז „איוב לא היה ולא נברא", אַז ניט — שטעקט די מאָראַליטעט טאַקי אין דער פרייער קאָנקורענץ — אין דער זיעב, וואָס לאָזט אַרויס די קליינע אין דראָבנע און בעהאַלט די גראָבע, גרויסע און פעטע... אין דער זיעב, וואָס וועט אונז מיט דער צייט אויסשאָקלען הונדערט מיליאָן אַרבייטער און עטליכע מאַנשעסטער פאַבריקאַנטען...

וואָס האָט די מאָראַליטעט פאַר'ן אָרמען אונגליקליכען. וואָס פאַלט אונטער דער לאַסט? נישט מעהר ווי אַ היתר: קריך אויף! חאַפּ אויף! גלייך מיט'ן בעל־הגדה, ווייסט זי נור: „נעהם די מצה!" דער קניזש ליעגט אין מיט'ן גאַס, חאַפּ דיך צו!

---

און עס האָט זיך גערעכט, אַז דאָס איז אַ נוטע פהילאָזאָפיע נור פאַר רייכע לייט אָדער פאַר שטאַרקע פעלקער, אַז די פהילאָזאָפיע קען נור ליעגען אין איין אָנגעשוואָלענעם ברוסט־טאַש

אין זיין אונטער געשפּאַרט מיט אַ וואַלד פון באַגנעטען. אַז אָרימע לייט און שוואַכע פעלקער, וואָס קענען לייכט אונטערגייהן אין דער אייביגער מלחמה, וועלען זיך האַלטען אָן די אַלטע מענשליכע אידעאַלען, אָן דעם אַלטען יושר, אָן דער אַלטער מאָראַליטעט...

עס האָט זיך אָבער אויסגעוויזען, אַז עס איז אַ טעות... ווי נעזאָגט, קומען שוין היינט ספּענצער און ליפּערט אין בית המדרש אַריין, מען שטודירט זיי אין אַלע ישיבות...

דער נעוועזענער פּרוש, וואָס האָט געלעבט פון תעניתים, ווייסט שוין היינט, אַז דאָס בעסטע אבר פון אַ מענש איז דער מאָגען, אַז אַלע אַנדערע אברים זענען משרתים, אַז נור ער, דער מאָגען, מאַכט די געשיכטע, אַז נור אייגענליעבע שפּינט די קולטור!

---

אויף ספּענצערס קניע ווערט אויפגעצויגען ווערען אַ נייער דור פון סאַמע תאַפערס...

ווי אַזוי דאַרף מען ערציהען קינדער?

קינדער — זאָגט ספּענצער — דאַרף מען ערציהען אויף אַ אַ'ן אופן, אַז זיי זאָלען קענען גליקליך זיין... זיי זאָלען קענען אויסנוטצען דאָס גאַנצע נחת, וואָס די נאַטור וועט זיי געבען זיי זאָלען זיין ווי אַ שוואָם, איינצוזאַפּען דאָס גאַנצע פערגניגען, וואָס זיי וועלען געפינען אויף זייער וועג...

וואָרום — אַז יעדערער וועט האָבען זיך אין זין, וועט אַלעמען גוט זיין, — מן הסתם!

ספּענצער און ליפּערט ווערען אונזערע נייע נעטער!

נור דאָס איז אויך נישט קיין נייעס!

די יונגע עגיפּטיאַנערין, וואָס מען האָט יאָהר־יעהרליך אַריינגעוואָרפען אין נילום אַלס קרבן פאַר'ן הייליגען טייך, האָט אַליין אויך נעגלויבט אין זיין היילינקייט...

די אַמעריקאַנישע קנעכט האָבען זיך געשלאָגען אין איין

שורה מיט זייערע בעלי־בתים גענען די, וואָס האָבען זיי געוואָלט בעפרייען.

אונזערע אַלטע פייערן זאָגען נאָך, אַז עס איז בעסער צו אַרבייטען „פּאַנשציזנע״ איידער צו צאָהלען פּאָדאַטעק —

און מיר, מיר אָרעם, צו וואָרפען, שוואַכסטע פאָלק אויף דער וועלט, הייבען אויך אָן צו גלויבען, אַז דער אידעאַל פון מענשען איז דער אייביגער קריעג צווישען מענשען און פעלקער, ראַסען און קלאַסען...

---

דער דאַרווין־ספּענצער־ליפּערטישער סיסטעם, אָדער בכלל, דער פּאַפּיערענער ליבעראַליזם, איז דורך גאַנץ אייראָפּאַ ווי אַ זאַראַזע. פרייהייט הייסט אַ רעכט, צו מאַכען זיך מיט די עלענבויגען איין אָרט ביי׳ם טיש; וועהלען — הייסט קויפען שטימען פאַר געלד און בראָנפען, פּאַרלאַמענטען זענען בערזען, וואו פּאַרטייען שווינדלען מיט פּאָליטישע פּאַפּיערען, וואו די דעפּוטירטע פערקויפען איינער דעם צווייטען די געקויפטע שטימען מיט איין אונגעהייערען ראַבאַט... די „פרייע פּרעסע״, דער שטאָלץ פון נייצעהנטען יאָהר־הונדערט, איז אַ רינשטאָק פון בלאָגע און שאַנטאַזש...

---

# דער טאָג

דער מאַניפעסט איז וואָס אָנבעלאַנגט צו דער יודישער לאַגע נישט קלאָר. אין וויטעס ערקלערונג — וואַקעלדיג...
די רעגיערונג וועט שטרעבען גלייך צו בערעכטיגען אַלע איינ־וואָהנער אין דער אימפעריע. קיין צייט דערויף איז נישט בעשטימט, און וויטע ווי מיר ווייסען פון די בלעטער, האָט פילע הענד אַרבייט אין אויסער דעם נאָך אָפענע טהירען פאַר דער פרעסע, אָפענע אויערען פאַר אַלערליי פאָרשטעהער; במעט ער שלאָפט נישט!... צי קלינגט עס נישט ווי: משיח וועט קומען, ער מוז קומען, נאָר ווען?

און ענטשיידען וועט די דומע. זי וועט פילייכט, ווי אַמאָל די פוילישע נעזעצגעבונג, זאָגען: אַדרבא, יודען קומט גלייכבערעכטיגונג, נאָר זיי מוזען זי פערדיענען, אומזיסט טרינקט מען וואַסער און אויך נאָר אין קליינע שטעדטלעך; און — אויב די פאות זענען שוין אָבגעשניטען; אוננעשאָרענע בערד מראָגען רוסען אויך, לאַנגע רעק אויך, דאַרף מען נאָר פערלאַנגען, זיי זאָלען דאַוונען אויף רוסיש?

האָט מען טאַקי געקלאַפּט אַ טעלעגראַף צו וויטען מיט איין אָנפראַגע צי איז די יודישע גלייכבערעכטיגונג פערזיכערט, האָט ער — אַ פערנומענער מענש — נאָך נישט געענטפערט... פאַר דאָס האָבען אויף זיין אָרט געענטפערט אַנדערע: די חוליגאַנעס, די שוואַרצע מאות, די באָסיאַקעס, רופט זיי ווי איהר ווילט נאָר; די בעהעלפער און אונטערשטיצער פון דער הערשענדער פאַרטיי, וואָס מוז און וויל פאָרט נישט אַראָב, אין שפרעכט אָב איהרע שלעק מיט'ן אַלטען שפרוך: פון מיין קאָפּ אויפ'ן יודישען קאָפּ...

די אַלטע שפּיצלעך, פון וועלכע פאָרטשריטס־פאַרטייען לאַכען אין מיר, מיר יודען, וויינען. יענע קיקלען זיך פאַר געלעכטער און מיר פאַר שאַנד, שפּאָט אין וועה, און פער־

ציעסענדיג אונזער בלוט, אונזער האַרציג בלוט אין דער בלאָטע אַריין...

---

און די אַלטע יודען, וואָס מיר האָבען אין אונזערע חלומות לאַנג בעגראָבען, לעבען נאָך און געהען אַרום אין די גאַסען; היינט מעג מען; מען האַפּט אינעווייניג אַ ציטער און מען געהט בלומר'שט מיט אַ פנים פון פראַנק-און-פריי אויף אַ הפקר-וועלט...

— פאָגראָמען! שריי איך אַזאַ יוד'ן אין אויער אַריין; איך וויל וויסען צי ער לעבט באמת, צי ער געהט אַרום אויפ'ן עולם-הדמיון.

— אין רוסלאַנד: ענפערט ער מיר שטאָלין.

פרעמד בלוט, הייסט עס, פערגיעסט זיך.

איך פערלאָז דעם אָבגעשטאָרבענעם און געה ווייטער איבער דער מאַרשאַלקאָווסקי גאַס... מאַסען געהען. ביי יעדען אין מוח בויערט די פראַגע: מען וועט שיעסען, צי ניין? און געהען געהט מען, עס געהען בעגייסטערטע פּאַרטיי-מענשען, וואָס זענען ווירקליך גרייט אַריינלאָזען אין זיך דעם ערשטען בעסטען באַגנעט, אויפצורייסען זיך די ברוסט פאַר דער ערשטער בעסטער קויל... עס געהען אויך מענשען, וואָס ווערען מיט-געריסען מיט דער מאַסע, מענשען וואָס האָבען גאָר נישט זייער אייגענס און ווערען צוגעצויגען, אַזוי איינצעלנע שטאַרקע מענער, ווי פון דער קראַפט אין דער מאַסע, גלייך אַייזען-שטויב פון אַ מאַגנעט, און ווילען זיך אויך צופליהען ווי דערזעלבער שטויב ביים ערשטען נעטורער, פון בעריטענע פערד, פון ערשטען הילך פון אַ שאָס אין דער לופט, אפילו פון אַ הויכען פּאָליציאַנטען-געשריי, גאָר פערגעסענדיג, אַז היינט רעגיערט עמיץ אַנדערש אין דער גאַס, אַז דער ערשט-נישט-לאַנג אַליין הערשענדער פּאָליציאַנט איז בעפאַלען! און נאָך איין אַנדער סאָרט מענשען געהען... איינציגווייז געהען זיי, שטיל ווי גנבים, אַיבקוקענדיג ווי דאָס ע־גבטע אונרוהיגע געוויסען און מיט בליצען פון

שלאַנגען־גיפט אין די אויגען — אַנגעגטען פון דער אַלטער אָרדנונג געהען . . .

עס הערט זיך געזאַנג, עס בעווייזט זיך אַ רויטע פאָהן, עס ווערט אַ געשריי: היטלען אַראָב! און דער מענש פון דער מאַסע, פאַר ליעבשאַפט, פאַר פרייד און גאַנץ אָפט פאַר בלויזער געוואוינהייט צו פאָלגען, חאַפט זיך צום היטל, נאָר אויב עס איז אַ קריסט, הערט ער אונטער זיך:

— הייב נישט! עס איז אַ יודישע פאָהן . . .

אַ יודיש געזאַנג!

און איינער פון די אונטער־זאָגער געהט־צו צו זיין חבר און פרעגט:

— אפשר אָנפאַלען?

— ניין, מיר זענען צו־ווייניג! הער איך אַ תשובה.

---

עס קומט־צו צו מיר איינער אַ האַלב־לעבעדיגער, האַלב־טויטער יוד און פרעגט:

— צי קאָן זיין אין וואַרשע אַ פאָגראָם?

און איך קריעג אויף איהם, אויף'ן האַלב־טויטען האַלב־לעבעדיגען קוים עטעמדיגען וואַרשעווער יוד, רחמנות און זאָג איהם: ניין.

— זיכער? גלאָצט ער אויף מיר די אויגען אויס.

— זיכער. דער היגער פראָלעטאַריאַט איז ענטוויקעלטער; די צאָהל פון לומפּענפּראָלעטאַריאַט — קלענער. דער געווערב־מאַן טרינקט פיעל ווייניגער, צו די געהיימע אַגענטען האָט מען קיין צוטרויען ניט, און הער! מען שרייט: יעדנאָשטש! ניעה זשיע יעדנאָשטש! אויסערדעם — צוויי גרויסע אַנטיסעמיטען האָבען אויף אַ וויעץ פערזיכערט, אַז עס וועט נישט זיין, זייער אַנטיסעמיטיש עהרען־וואָרט געגעבען . . .

און עס קומט אין איהם אַריין אַ חיות, אַ נייע לעבען, דאָס פנים שיינט, די אויגען לייכטען, ווער איך פלוצלינג בייז אויף איהם און זאָג:

— און אפשר יאָ... קיין נביא בין איך נישט!
און ער איז צוריק האַלב־טויט האַלב־לעבעדיג געוואָרען.
ער שטאַרט! עס פאַלט...
אפשר פערבעטען איהם צום זעלבסט־שוץ?

---

רויטע פעהנער — מאַסען בעגייסטערטע פנימער, פלאַמענ־דיגע אויגען — העלדען... אַייערע און אונזערע צוזאַמען! יעדנאָשטש! און אין מיר אָריטען, נאָך לעבענדיגען יוד דרעהט אין אַלטען קראַנקען האַרץ די פראַגע:
— צי וועלען זיי מיר אויך העלפען?
עס נעהען פאַרטייען נאָך פאַרטייען, פעהנער נאָך פעהנער — מיינע, ביז אין דער לעצטער מינוט היים־געליעבטע פעהנער: פרייהייט! אַכט־שטונדיגער אַרבייטס־טאָג! עס לעבע דער פראָ־לעטאַריאַט... און דאָך איצט, אין דער מינוט, ווען פאָגראָמען שוועבען אין דער לופט זענען זיי מיר נישט אַזוי היימיש, נישט אַזוי היים געליעבט... דאָס איז מיר איצט פיעל צו־וועניג!
צוויי געהען פאָרביי און איינער פון זיי לערנט דעם צווייטען:
— דער קלאַסען־קאַמפף מוז זיך אַריינמישען אין נאַציאָנאַלען־קאַמפף, נאָר אויף אַזוי ווייט, ווייט עס אינטערעסירט דעם קלאַסען־קאַמפף — — —
ווי ווייט עס קאָן אינטערעסירען האָב איך נישט געהערט.
עס האָט אַ דונער געטהון: יעדנאָשטש! הייזער ציטערען...
איך אָבער ציטער אויך...

---

מיין טאָן איז נישט געפעלען געוואָרען. „סטייטש אין היינטיגען מאָמענט, ווען די וואַנד פאַלט, די טהירען פון תפיסות סקריפען און ווילען זיך עפענען, און ווילען זיך היינט מאָרגען עפענען, ווען די ציטונגען געהען אַרויס (אין די דעזירענצען) אָהן „דאָזוואָלענאָ צענזוראָי", ווען צעהן מאָל אין

טאָג פערזאמלען זיך מיטינגען, און מען רעדט וועגען אלץ פראַנק און פריי אין די אוינען פונ'ם אַלטען טשינאָווניק... הייגט רעדסט דו פון קאַפּעלושען?"

רבותים, זייט מיר מוחל... זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב מיינע אייגען, און אויף זיי מיינע אייגענע ברילען און קאָן נישט, און וויל נישט זעהען אויף אַייערע אויגען, קל והומר — אויף אַייערע ברילען! און אַז איך זעה אין דער לופט אַרומ־שוועבען קאַפּעלושען — מוז איך געבען אַ משל מיט אַ קאַפּעלוש... און אין דער לופט זעה איך שווימען אַרום קאַפּעלושען אָהן קעפּ, אָהן מענשען... אַ טראַגי־קאָמעדיע זעה איך, אַ פורים־שפּיעל!

אין קאָפּ דרעהען זיך מיר, ווי פליגעל פון אַ ווינד־מיהל, רעסקריפּטען, מאַניפעסטען, מיטינגען, פערזאַמלונגען, סאַמע גוטע זאַכען, און פול בין איך „גאַלגען־הומאָר"... איך זעה אַיין עולם געהט אין באָד, זיך כלומר'שט אָבוואַשען, און האָט אפילו אַ בעזימיל צום שמייסען זיך אין די הענד, נאָר אָהן פרישע וועש! ארויסגעהענדיג פון דער היץ, פון פלוצלינגדיגען התלהבות, וועט ער צוריק אין אַלטען העמד, אין דער אַלטער ברודיגער וועש... אַ נייער טאָג, זאָגט איהר, — איהר גלויבט, און איך גלויב נישט! צי האָט איהר דאָס רעכט צו פערלאַנגען פון מיר אמונה?

---

און נישט איהר אַליין, לעזער, פערלאַנגט אמונה...

די אַלטע וועלט, וועלכע איהר האָט שוין, ווי אַייך חלום'ט זיך, אין קבר אַריינגעלעגט, מיט ערד בעשיט און איהר ווי עס דאַכט זיך אַייך געהט צוריק פון דער לויה און רייסט גראָז און וואַרפט צוריק אויפ'ן קבר — די אַלטע וועלט האָט פערלאַנגט אמונה...

אויף אַ הויכע פּאָלקע פון האָלץ־ווערם צופרעסענעם שראַנק איז געשטאַנען אַיין אַלט ¼ אויפגעגעסען ספר, און האָט פערלאַנגט אמונה, אַז איהר לעבט נאָך אין זיין צייט, און דאַרפט אַייך נאָך פיהרען לויט זיינע עצות...

דער רב און דער צדיק האָבען פערלאַנגט אמונה, אַז פאַר זיי איז אָפען דער הימעל, וואָס איז פערשלאָסען פאַר אייך...

דער דאָקטאָר, ביים בעט פון קראַנקען, האָט פערלאַנגט אמונה אין זיינע סודות, אין זיין בעהאַלטענער קבלה-מעדיצין, וואָס ער טאָר נישט אויסזאָגען, נישט דעם קראַנקען, נישט זיינע נאָהענטסטע קרובים. דער סוחר בכלל, דער רייכער און דער קאַפּיטאַליסט בפרט, האָבען פערלאַנג אֶמונה, אַז יעדער גראָשען איז עהרליך פערדיענט; דער ביוראָקראַט האָט אַוודאי פערלאַנגט אֶמונה! איהר מוזט איהם גלויבען, אַז ער ווייסט אַלץ, טהוט אַלץ צו אייער בעסטען, בפרט ווען איהר בעצאָהלט דערפאַר, און קיים האָט איהר אָנגעהויבען מסופק צו ווערען, איז ער, גאַנץ עהרליך, בייז געוואָרען און אַז אַ טאַטע ווערט בייז שמייסט ער; פון דעם האָט נאָך שלמה המלך געוואוסט...

און איצט די ניי געעפענטע וועלט פערלאַנגט אויך אמונה, זאָג איך אייך, אַז די נייע וועלט איז קיין נייע נישט, אַז דאָס איז אַ מלמד, וואָס האָט זיך פורים לשם מצוה, איבערגעקנעפעלט אויף גויש, פון רעכטס אויף לינקס, און געמיינט, אַז מען וועט איהם נישט דערקענען...

וואָרום נישט נאָר איהר, לעזער, פערלאַנגט אמונה...

די בעלי בתים, וואָס פערפלייצען די מיטינגען און הערען אויס די זיסע רעד פון פּאָסטעמפּאָווער-דעמאָקראַטיע, וואָס בליהט אַלץ אויף גערעכטיגקייט; די פייערדיגע אויסגעשרייען פון דער נאַראָדאָווער-דעמאָקראַטיע וואָס טראָגט דעם ווייסען פאָהן; די שטעכענדיגע, בייסענדיג-ברענענדיגע רעד פון פּראָלעטאַריאַט-רעדנער און נאָך און נאָך אַלערליי פערשיעדענע רעדען און פּאַטשט נאָך יעדער רעדע „בראַוואָ"!, וויל אויך, מען זאָל איהר גלויבען; גלויבען, אַז זי האָט: ערשטענס פּאָליטישע איבער-ציינונגען, צווייטענס בלויז געפיהל פון גערעכטיגקייט האָט זי בענוצט זיך מיט'ן אַרבייטער-בלוט פאַר איהרע צוועקען און דריטענס, אַז זי האָט באמת אהבת נפש ליעב דעם שטרייקענדיגען פּראָלעטאַריאַט, וואָס שטעהט פאַר איהר און פּאַטשט זי און

שמייסט זי מיט אײַזערנע ריטער און שפּייט איהר נאָך דערצו אין פּעטען פּרצוף אַריין...

אין די רעדנער די פּאַרטייען-פאָרשטעהער?

אָט שטעלט זיך אויף אַ יודעל מיט וואָנסען און שיט פייער און פלאַם, ער זאָגט, אַז ער איז אַ געבוירענער פּאָליאַק, אַז אין דער שטוב, וואו זיין וויעג איז געשטאַנען, האָט מען געהערט פּויליש, אַז דאָס ערשטע ליעדעל, וואָס ער האָט געהערט איז געווען אַ פּויליש ליעדעל — אַז זיין גאַנץ פערלאַנגען, דאָס ציעל פון זיין גאַנץ לעבען, זיין איינציגע האָפנונג איז צו פערדיענען דעם טיטעל: „אָביוואַטעל פּאָלסקי"...

אין דערביי פערלאַנגט ער אַ קליינינקייט; ער פערלאַנגט, אַז איך און די אַלע, וואָס זענען געזעסען ביי'ם טיש פאַר דער פּרעסע, און דאָס גאַנצע פובליקום אין סאַלאָן פון פילהאַרמאָניע זאָל האַבען אָן איהם אֶמונה, און גלויבען איהם, אַז ער רעדט אין נאָמען פון „בונד", אַז דער „בונד" האָט'ם געשיקט אַזוי צו זאָגען, אַז זיין פּראָגראַם איז דעם „בונד'ס" פּראָגראַם...

אין אַ פערטרעטער פון ס. ד., וואָס וויל אַפילו קיין בעזונדערע קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג פאַר פּוילען נישט, פערלאַנגט, מען זאָל איהם גלויבען, אַז ער איז אַזאַ גוטער הייסבערענענדיגער פּאָליאַק ווי דער, וואָס וויל דאָס גאַנצע פּאָליטיש אויפגעברויזטע, פּאָליעס-שלאָגענדיגע וואַסער צוציהען צו זיין מיהל עס זאָל דרעהען דאָס איינציגע רעדעל פון „באָשע צאָיש פּאָלסקי".

אין אַ פערטרעטער פון פּ. פּ. ס., וואָס וויל אַ קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג עקסטראַ פאַר וואַרשאַ און דערמאָנט נישט אַ וואָרט וועגען ליטאָ, מאַלאָראָסיע, ליפלאַנד א. ד. ג. פערלאַנגט פון מיר אֶמונה, אַז ער וויל, ערשטענס, בשום אופן זיך נישט אָבטהיילען פון רוסלאַנד, אַז ער איז, צווייטענס, נערעבט פאַר אַלע פעלקער אויף דער וועלט און דריטענס, אַז עס איז מעגליך איין קאָנסטיטואירענדע פערזאַמלונג אין פּעטערבורג, די צווייטע אין וואַרשאַ און אַזביידע וועלען אויספיהרען גראָד דאָס-זעלבע, וואָרום דאָס לעבען וועט שוין ווייזען, ווי אַזוי!

און אַ יורעל מיט אַ נאָז אַלאַ פינציעוו, אַפילו מיט אַ באָרד, פערטרעט די פוילישע נאַציאָנאַל פאָסטעמפּאָווע דעמאָקראַטיע, און זאָגט, אַז די וועלט מוז שטעהען אויף פרייהייט און גערעכ־טיגקייט גלייך פאַר אַלע, און דעריבער מיז אין גאַנץ פוילען, וואָס האָט אַ ⅓ יורישע בעפעלקערונג, הערשען נאָר די פוילישע שפראַך, קאָנען עקזיסטירען נאָר פוילישע שוהלען, און מאַכט זיך אַפילו נישט וויסענדיג, אַז דאָס יודישע דריטעל, מיט'ן אויסנאַהם פון אַ גאַנץ קליין ביסעל אָבטריניגע, וואָס האָבען איינ־געזאַפט דאָס „פוילישע ליעדעל נאָך אין דער וויעג״, וויל יודישע שוהלען, דאָס אַנערקענען פון דער יודישער שפראַך, וועניגס־טענס אין איינענע אָבגעזונדערטע אַנגעלעגענהייטען, — דאָס משה־רבינו פערדעל פערלאַנגט פון מיר אֶמונה, אַז ער האָט אַ לאָגישען קאָפּ, אַז גערעכט איז פויליש פאַר פּאָליאַקען און אומגערעכט — יודיש פאַר יודען...

און אונזער איינער, וויאָס בויט זיין ירושלים אויף'ן יודישען נאַציאָנאַליזם, וויל: איך זאָל איהם גלויבען, אַז דאָס צוברעקלען פון גרויסען רוסישען לאַנד אויף קליינע לענדער, וואָס מוזען זיך מיט דער צייט אָבריייסען גאָר אינגאַנצען, וועט נישט צוברעקלען די יודישע מאַסע אין לאַנד, און אַז עס וועט קיינמאָל נישט קומען די צייט, ווען דער ליטווישער יוד מיט'ן פוילישען, וואָס לעבען אַזוי אויך נישט ווי אַמבעססטען, וועלען זיך נישט זיין אַזוי פרעמד, ווי דער דייטשער יוד מיט'ן פראַנצויזישען, און נישט קוקען אויף זיך, ווי קאַץ און מויז!

און אַפילו דער טיש פאַר דער פרעסע, וואָס פערלאַנגט גאָר געוואַלטיג דאָס פרייע וואָרט און ווערט שיער נישט משוגע פאַר כעס, אַז מען רעדט קעגען ליעדעל „באָזיע צאָזש פּאָלסקי״ און טאָפּעט מיט די פיס, און שרייט ווי אין אַ דול־הויז: אַראָב! אַראָב! פערשטאָפּט איהם דאָס מויל! אַפילו דער טיש פאַר דער פרעסע פערלאַנגט פון מיר אֶמונה, אַז דאָס פערלאַנגען די פרייהייט פון וואָרט איז ביי איהם אַיין ערנסט און ער מיינט עס פאַר אַלע...

און די, וואָס געהען מיט מיר צוזאַמען אַרויס פון וויען,

פערלאַנגען אויך פון מיר אֶמונה, איך זאָל גלויבען, אַז די רעוואָליוציע פון וויעץ, מען זאָל פערלאַנגען גלייכבערעכטיגונג פאַר יודען, דאַרף מיך אינגאַנצען בערוהיגען, חאָטש פאַר דער רעדאַקציע פון „גאָניעץ״ שטעהט אַ גרויסער פּוילישער פּאָלקס־מיטינג און שרייט, צווישען אַנדערע געשרייען: פּרעטש ז זשידאַמי... און חאָטש די שוואַרצע מאָה רעגיערט פראַנק און פריי איבעראַל, יודישע פּאָגראָמען צופּלייצען זיך אומעטום און — צוויי פּוילישע גמינעס האָבען שוין פערלאַנגט מען זאָל אַרויס־טרייבען די יודען...

און אַלע בעלי בתים, זייערע און אונזערע, פערלאַנגען פון מיר אֶמונה, אַז עס איז אַ יושר דער פּראָלעטאַריאַט זאָל ברענען, און זיי זאָלען אויפ׳ן לעבענדיגען פייער בראָטען גע׳גזל׳טע קאַר־טאָפעל; אַז עס איז אַ יושר דער אָרימער אַרבייטער זאָל זיין אין דער פינסטערע נאַכט אַ לעבענדיגער שטורקאַץ, ביי וועלכען זיי וועלען צעהלען זייער געראַבעוועט געלד און אונטערשרייבען זיינע פערשווינדעלטע וועקסעל...

און די וואַרשעווער־פּאָליציי וויל, איך זאָל איהר גלויבען, אַז דער מאַניפעסט איז מאַניפעסט פאַר איהר אויך, בשעת, ווען זי שטעכט און שיעסט צו נישט־בעוואָפנטע מענער, אַלטע לייט, ווייבער און קינדער אין די גאַסען... אַז איהר גאַנצער מין איז, עס זאָל זיין שטיל און רוהיג אין גאַס אין דעריבער מוז זי שטעכען און שיעסען; בשעת ווען זי לאָזט דורך פראַנק און פריי די גרעסטע מאַניפעסטאַציעס פון דער שוואַרצער נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע...

און פעטערבורג פערלאַנגט, אַז דער מאַניפעסט, וואָס מען האָט בעקומען דורך געשרייען, פּראָטעסטען און סטרייקען, קאָן ערפילט ווערען ערשט דעמאָלט ווען די געשרייען, פּראָטעסטען און סטרייקען וועלען אויפהערען! דאָס גאַסען־גערודער שטערט דער רעגירונג ביי דער אַרבייט!

זאָל האָבען אֶמונה ווער עס האָט... איך האָב נישט, און ווייל איך האָב נישט, שרייב איך פעליעטאָנען פון קאַפּעלושען... פון קאַפּעלושען אָהן קעפּ, אָהן מענשען.

אוים! מעהר פיהר איך מיט דער אַלטער רעגיערונג קיין מחלוקת נישט.

כל זמן די אַלטע רעגיערונג, וואָס וויל בשום אופן נישט אַלט ווערען, האָט מלחמה געהאַלטען מיט מאַניפעסטען, איז געווען אַ געשעפט צו ענטפערן מיט לייט־אַרטיקל, פעליעטאָנען— מיט אַלערליי ליטעראַרישע מאַניפעסטען, און — שרייבען קענען מיר בעסער! האָט איין זייט געבעטען זיך קרעדיט, האָט די צווייטע קורץ און שאַרף געענטפערט: לאו! האָט איין צד געזידעלט: פערהלומטע־קעפ, דעמאַגאָגישע אונטערהעצער וכדומה, האָט דאָס צווייטע געענטפערט: שטאַר־קעפ, אינטריגאַנטען, שווינדלער, פראָוואָקאַטאָרען! אויף'ן פאַפּיער האָבען מיר שטענדיג די אויבער־האַנד געהאַט; דאַצו האָבען מיר געשיקטערע הענד, שאַרפערע צונגען און אַ פרייערן סטיל. נישט אומזיסט זענען מיר טינט־און־פעדער לייט! צונד האָט זיך אָבער די אַלטע רעגיערונג מישב געווען און האָט צוריק אַרויסגענומען און אָנגעשאַרפט דאָס אַלטע כלי־זין; קריעגס־צושטאַנד, קאַלבעס, שטיקעס, אַרעסטען, פערשיקערייען, קריגעס־געריכטען — אויף דעם איז שוין מיט טינט און פעדער נישט צו ענטפערן! זאָל זי קומען אויף אַנדערע הענד, און מיר, מיר עצה־פעדער און טינט־און־פעדער־לייט וועלען זיך דערווייל בעשעפטיגען מיט כשר'ע, שטילע היימישע געשעפטען — ביז דער צאָרן וועט אַריבער! ביז דער הימעל וועט זיך אויסלייטערן און די שטילע אַרבייט פון אונטער דער ערד וועט צוריק אַרוים אויף דער ליכטיגער שיין.

און היימישע געשעפטען האָבען אויך דאָס רעכט אויף אויפמערקזאַמקייט.

---

און היימישע געשעפטען פעהלען נישט.

די קאָמיסיע, וואָס איז געזעצט געווען ביי'ם וואַרשווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, אום אויסצואַרבייטען דאָס נייע געזעץ פון אַ שטאָדט־פערוואַלטונג (וואַרשאָנד מיעיסקי — גאָראָדסקאָיע פּאָמאָ־

אופּראַוואָלעניאַ) אין פּוילען , און וואָס האָט איבער־
געריסען איהר אַרבייט בײם ערשטען אויסברוכען פון קריעגס־
צושטאַנד , — די קאָמיסיע האָט צונר צוריק אויפגענומען איהר
אַרבייט און האָט שוין אויפס־ניי עטליכע זיצונגען געהאַט .

איוף דער לעצטער זיצונג איז געשטעלט געוואָרען די
פראַגע : אין וועלכער בעציהונג דאַרף שטעהען דאָס יודיש־פּוילישע
קהל צו דער שטאָדט־פערוואַלטונג ? און ביידע יודען , וואָס
זיצען אין קאָמיסיע , צוויי פייערדיגע זיילען פון דער פּויליש־
יודישער אַסימילאַציע , האָבען אַרויסגעזאָגט די מיינונג , אַז די
יודישע געמיינדע דאַרף אין קיין בעציהונג נישט אונטערפאַלען דער
שטאָדט־פערוואַלטונג ; אַז די יודישע געמיינדע דאַרף זיך פיהרען
בעזונדער , עמאַנציפּיערט פון אַלגעמיינע שטאָדט־זאַכען . אַזוי
אויך דאַרפען בעפרייט ווערען אַלערליי צדקה־חברות און — וואָס
דער עקר איז — די מיינונג איז פון דער קאָמיסיע אָנגענומען
געוואָרען . עס פּראָפּאָניערט זיך נאָך : דער וואַרשויער דאָזיגער
זאָל שטעהען אין דער שפּיץ פון אַלע עמאַנציפּיערטע פּראָווינציאַלע
דאָזיגען , אָפענער געזאָגט : עס ווערט פּאָרגעלעגט אַ פרייע
אָרגאַניזאַציע פון אַלע יודישע געמיינדען אין פּוילען מיט וואַרשוי
אין דער שפּיץ .

זעהט איהר נאָך אַ מאָל אַז אַ „יודיש קישקע קען מען
ווירקליך נישט שאַטצען" , אַסימילאַטאָרען אין אַרעגירונגס־
קאָמיסיע פערלאַנגען אַ פרייע יודישע פאָלקסטימליכע אָרגאַניזאַציע
און ווען אפילו אָהן אַ „געזעצגעבענדען סיים" !

---

נאָר צי ערלויבט דערויף דאָס הערשענדע געזעץ ווענען
יודישע געמיינדען ?

דאָס הערשענדע געזעץ איבער יודישע געמיינדען ערלויבט
אַלץ און גאָר־נישט ; געשווינדער — גאָר־נישט , ווייל דערווייל
איז נאָך געגען געזעץ אַלץ , וואָס דאָס געזעץ האָט נישט אויס־
דריקליך ערלויבט , און דאָס געזעץ , פון וועלכען מיר רעדען ,

איז זעהר אַלט, זעהר קנאַפּ און — ווי אַלע אונזערע געזעצען — געלאַטעט און דורך נישט־געשיקטע הענד.

איבער דער גאַנצער צייט, ווען דאָס לעבען האָט זיך אַזוי געוואַלטיג געענדערט, האָט זיך די רעגיערונג מיט די יודישע געמיינדען כמעט נישט בעשעפטיגט. און אַזוי ווי מען קען לאַנג די קינדער־שיך נישט טראָגען, האָבען די ענטוויקעלטערע געמיינדען (וואַרשוי, לאָדז...) לאַנגזאַם, יעדעס מאָל מיט אַ ספּעציעל ערלויבנים פון מאַגיסטראַט, זייערע אַטריבוציעס (רעכטע) פערשפּרייט, פערטיעפט, און וואָס מען האָט בעקומען, שוין פעסט געהאַלטען אויף שפּעטער און ווייטער ענטוויקעלט. מיט דער צייט האָט די געמיינדע זיך אויפגעהערט צו פערלאָזען אויפ׳ן געזעץ און דער איינציגער מאָטיוו אין אַלע פּאַפּיערען צו דער רעגירונג איז געוואָרען: היות, ווי דער מנהג איז... אויף רוסיש הייסט עס «По примѣру прежнихъ лѣтъ»

צונד אַז דאָס אַלטע און פערשימעלטע שווימט אָב און עס אָרגאַניזירט זיך, אויף דער גאַנצער דערוויילינגער רעאַקציע נישט קוקענדיג, אַ נייע לעבען, וואָס מוז האָבען נייע פּאַסענדיגע געזעצליכען פאָרמען, בלייבען די יודישע געמיינדען אָדם־נאַקיט, און עס איז נויטיג אַ ניי געמיינדע־געזעץ, וואָס זאָל פּאַסען צו די נייערע לעבענס־פאָרמען. און ווירקליך: דער וואַרשויער דאָזאָר האָט אַרויסגעזעצט אַ קאָמיסיע פון עטליכע פאָרשטעהער, אויסצואַרבייטען אַ נייעם געזעץ־פּראָיעקט פאַר די יודישע געמיינדען אין פּוילין.

דערפאַר וואָס דער וואַרשויער דאָזאָר שלאָפט נישט, קומט איהם אַ שענעם דאַנק, פון דער צווייטער זייט אָבער, איז אַ פּראָיעקט פאַר יודישע געמיינדען, וואָס וועט אויסגעאַרבייט ווערען פון היינטיגען וואַרשויער דאָזאָר, פאַר׳ן יודישען נאַציאָנאַל־לעבען, אַ ביסעל צו געפעהרליך.

די היינטיגע פאָרשטעהער, אַלס פּאָליטיש עהרליכע לייט, טאָרען נישט פערגעסען:

1) אַז דער אוסטאַוו דאַרף זיין נישט פאַר וואַרשא אַליין נאָר אויך פאַר דער פּראָווינץ. נאָך מעהר: אַז די פּראָווינץ איז מעהר פעראינטערעסירט דערינען, ווייל זי דאַרף אונטערפאַלען וואַרשא.

2) אַז זיי, די היינטיגע פאָרשטעהער, זענען אויסגעוועהלט געוואָרען, לויט אַ זעהר אַלטען, היינט שוין, אַפילו אין רוסלאַנד, נישט פאַסענדיגען וואַהל־רעכט, וואָס האָט געגעבען די דעה נאָר, פערהעלטנים־מעסיג, פערמעגליכע לייט.

3) אַז געוועהלט זענען זיי געוואָרען נאָר צום פערוואַלטען מיט דעם וואָס עקזעקוטירט שוין: השבונות צו פיהרען, הכנסה והוצאה צו מאַכען, נעהמען געלד און געבען געלד און לויט אַ בעקאַנטען און בעשטעטיגטען בודזשעט, אָבער נישט אויפצוואַרפען אויף קהל אַ נייע לעבענס־פאָרם, פערבינדען דאָס יודישע לעבען מיט אַ נייעם אוסטאַוו. דאָס געהער צו זייער מאַנדאַט נישט. אויף דעם האָבען זיי קיין פאָלמאַכט פון קיינעם נישט! און אויך —

4) אַז די די קאָדענץ פון די היינטיגע פאָרשטעהער איז 1905 געענדיגט און ווען נישט דער קריגענס־צישטאַנד מיט די אינ־רוהען, דורך וועלכע די געמיינדע־וואַהלען זענען אָבגעלייגט גע־וואָרען, וואָלטען מיר פיליכט שוין געוואוסט, אַז די געמיינדע האָט נישט דעם גאַנצען צוטרויען צו די רייכע, עהרליכע, גוטיגע, אָבער וועניג, אָדער גאָר־נישט יודיש געבילדעטע יעצטיגע פאָרשטעהער...

און אַז עס איז דעריבער אַ יושר:

צום בעטראַכטען דעם אוסטאַוו צו צורופען די פראָווינץ און אין וואַרשא אַליין — די ווירקליך יודישע אינטעליגענץ. —

---

טראַ־אַ־אַך!

די דיקע מויערן ציטערן.

גאָטס דונער איז נישט אַזוי שטאַרק. ערדציטערניש, וואָלקען־ברוך!

— מאַראַס!

זי הערט מיך נישט. זי ציטערט, די פינגער און די אויערן, די איינגען שטאַר, דאָס געזיכט אָהן אַ טראָפּען בלוט,

אַ דיקער טראָפּען שוויס אויפ'ן שטערן, זי פאַלט טיעף אַריין אין פאָטעל.

— וואַסער! רוף איך, נאָר מיין שטימע ווערט פערדעקט מיט דריי נעדריכטע סאַלוועןן.

דאָס שיעסען האָט זי שוין נישט געהערט.

דער קערפּער איז ווי אָבגעשטאַנען; אַ לייכטער שוירער לעשט זיך אויס ביי די פערבלאַסטע ליפּען.

און נאָך אַ גאַנצער שטונדע, אַז זי איז קוים צו זיך געקומען, האָט זי, מיט אַ טרערען אָנגעזאַפּטער שטימע, געפרעגט:

— וואָס איז עס?

— קריעג, מאַדאַם!

— אָבער דער האַס! פון וואַנען נעהמט זיך דער האַס?

. . . . . . . . . . . . . . . .

— איהר ווילט ליעבשאַפט, מאַדאַם?

— ליעבשאַפט, באַרמהערציגקייט . . . האַרמאָניע . . .

— גוטע זאַכען, מאַדאַם!

האַרמאָניע, מלאכים־געזאַנג, הימעל־שפּיעל . . .

— ווי איז אָבער, מאַדאַם, אַז אַ פרעכע האַנד האָט די האַרמאָניע איבערגעריסען? אַז אין מיט'ן הייליגען ברידערשאַפט איז עמיץ געשעריגט געוואָרען, בלוט איז פערגאָסען געוואָרען— דאַן, מאַדאַם . . .

— וואָס דאַן? פרעגט זי מיט נאָך־נישט בערוהיגטע אויגען, נאָר שוין מיט עטוואָס געררייטעלטע ליפּען.

— דאַן, מאַדאַם, איז די ליעבע, די באַרמהערציגקייט, דאָס אַלץ־פערצייהענדיגע ברידערשאַפט אַ פערברעכען!

— אַ פערברעכען?

— געוויס, לאָזט זי, די ליעבע, הערשען, די ווייכע, פערטרערטע, אייביג קישענדיגע ליעבע, וועט קיין ווייץ און קיין קאָרן נישט וואַקסען; זי וועט נישט לאָזען אייסרייסען די דערנער, און זיי וועלען פערדעקען דאָס פעלד. עס וועלען קיין פרוכטביימער נישט אַרויס. עס וועלען קיין בלומען און קיין

גאַרטען נישט שפּראָצען, ווילדע פּלאַנצען און לעהרע ביימער וועלען פערנעהמען דעם פּלאַץ. „ריהר נישט"! זאָגט די ליעבע.

און צעוואַקסען וועלען זיך אויך נאָר די מענשען־דערנער. די ווילדע מענשען־פּלאַנצען... אין פּאַר גוטע, און פרומע, און עדעלע וועלען שטעהען תליות אין די גאַסען. וואָס וועלען געוואַשען ווערען מיט'ן עהרליכסטען בלוט... „ריהר נישט!" זאָגט די ליעבע.

און ביי די תליות וועט זי שטעהען און מיט די גוטע, און פרומע, און עדעלע ודוי זאָגען און פערשפּרעכען, וואָס איהר ווילט איז יענער וועלט... די וועלט אָבער וועט זיך אייביג באָדען אין בלוט, אין בלוט פון די בעסטע, פון די שענסטע, פון די העכסטע...

— אַח, גאָט! רופט זי אוים דערשראָקען, און פערשטעלט די קיים אויפגלאַנצענדיגע אויגען מיט די מאַרמאָר־ווייסע הענד.

— גאָט, מאַדאַם, האָט זיינס געטהון. ער האָט אויסער ליעבע נאָך עפּים בעשאַפען.

— וואָס?

— דאָס, וואָס איהר רופט האָס און איז ווירקליך נישט מעהר, אַלס גערעכטיגקייט!

דאָס פרעכע אינסטרומענט, וואָס האָט שלעכט אַריינגע־בלאָזען אין דער מענשליכער סימפאָניע מוז פערשטומט ווערען... די האַרמאָניע, וואָס איז צערשטערט געוואָרען מיט געוואַלט, מוז צוריקגעשטעלט ווערען מיט געוואַלט!

זי נעמט די הענד פון די אויגען אַוועק.

— און דאַן? פרעגט זי, אַז זי וועט צוריקגעשטעלט ווערען?

— דאַן, אויב עס וועט אַמאָל געשעהען, זאָל הערשען די ליעבע!

---

די וועלט, ווי געזאָגט, איז די אַלטע...

עס האָבען זיך נאָר געענדערט די איבּרופּע, די קלינגענ־

דיגע ווערטער, די אַרט, לויט וועלכער יעדער פּאַרטיי־מענש, יעדער פּאַרטיי־קאָמי־וואָיאַזשער רופט אין זיין געוועלבל אַריין, איז פערענדערט געוואָרען — דאָס פּאַרטיי־מאַטעריאַל — דער מ ע נ ש האָט זיך נ י ש ט געענדערט...

און ווייל דער מענש האָט זיך נישט געענדערט, ווייל ער, מען זאָל איהם ג ל ו י ב ע ן! ווער עס האָט אַ לעערע קאַסע, מוז לעבען אויף קרעדיט! מוז אונטערשרייבען וועקסלען, און גאַנץ אָפט — פאַלשע וועקסלען, וועלכער ער האָט גאָר נישט בדעה צו צאָהלען!

איך רעד שוין נישט פון דער ביוראָקראַטיע (שפּייט אויס דריי מאָל!) וואָס ב ע ר ו ה י ג ט דאָס פאָלק מיט פּאָגראָמען... פון שטאַטס־מענער, וואָס צוטיילען צווישען פרייהייטס־הונגעריגען פאָלק מעניו־צעטעל, וואו עס ווערען אויסגערעכענט אַלערליי מאכלים טובים, און רעכנען גאָר נישט צו דערלאַנגען, און דעקען אַפילו נישט דעם טיש, און הייצען אַפילו נישט אונטער די קיך...

איך רעד ג אָ ר פ ע ר ק ע ה ר ט פון צד ש כ נ ג ד ו... זאָלען די שטאַרבענדיגע בעגראָבען זייערע טויטע, איך רעד פון לעבענדיגע, פון די, וואָס געהען אַקעגען דעם נייעם לעבען און רופען עס אַרויס פון אַלטען ביוראָקראַטישען תהו ובהו, פון די, וואָס רופען אַלע 5 מינוט „לחיים!" און נישט איבער'ן בעכער פון ביוראָקראַטישען בלוטיגען וויין, נאָר לחיים קאָנסטיטואַנטע, לחיים דער אַכט־שטונדיגער אַרבייטס־טאָג און — להיים וואַרשע־ווער קאָנסטיטואַנטע!

פון פ. פ. ס. רעד איך.

פ. פ. ס. פערלאַנגט פון מיר אמונה, אַז דעמאָלט, ווען עס וועט אויסגעפיהרט ווערען איהר פּאָליטישער פּראָגראַם וועט זיין פריי, אַלעס פריי, יעדעס פאָלק, אַפילו יעדע איינצעלנע אינדיווידואַליטעט; — „מיר — זאָגט מאַדאַם ס...קי, די געוועזענע ג—ע מיט איהר קלינגענדיגער. אַריינשלייכענדיגער שטימע, — מיר פ. פ. ס., אַז מיר וועלען זיעגען, וועלען נישט זיין אַזוי קליינליך, אַזוי ענגהערציג עמיצען אין זיינע געוועהנהייטען צו

שטערן, מיט געוואַלט זיין געשמאַק צו ענדערן, זיין פריי־
וואָרט צו שמעהלען" — און דער מיטינג־זאַל, דער פּ. פּ. ס.־
עולם פּאַטשט: בראַיואָ! עס הייסט: אַודאי! און אויף דעם
זעלבען מיטינג ענדערט דאָס פּרעזידיום פון פּ. פּ. ס. מיטוויליג
די רייהע פון די אויסגעטיילטע שטימען... רוקט אָב די נישט
פּ. פּ. ס.־שטימען, וואָס ווייטער און ווייטער, און בשעת עס
לאָזט די פּפּ"ס־לייט רעדען, ווי לאַנג זיי ווילען, האָטש די
אויערען אין זאַל ווערען געשוואָלען, בעגרענצט זי די צייט
פאַר נישט־פּפּ"ס־רעדנער...

פּ. פּ. ס. פערלאַנגט פון מיר אמונה, אַז דער נאַציאָנאַל־
קאַמפּף איז גאָרנישט, כמעט גאָרנישט, דער עיקר איז דער
קלאַסען־קאַמפּף, וואָרום די ערשטע „פּ" פון „פּפּ"ס", די נאָל,
וואָס שטאַרט פון זאַק אַרויס, איז, אויב נישט נאָר לנוי, בלל וכלל
נישט לתשמיש, עס געהט נאָר וועגען דעם, וואָס די „סמך" מוז
בעצייכענען די גרעניצען פון טעריטאָריום, פון דעם פּלאַץ, וואו
דער פאָלק וואָס איז נישט מעהר, אַלס אַ טייל פון דער אַלגע־
מיינער פּראָלעטאַריער־אַרמעע שטעהט! און דער פּאַראָל איז:
פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פערייניגט אַייך! וואָרום דאָס
בלוט־פערבאַנד, דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל, איז ביי איהם
פיעל שוואַכער אַלס דער קלאַסען־פערבאַנד — די סאָלידאַריטעט
פון אַלע פּראָלעטאַריער, — און דאָך וויל זיך פּ. פּ. ס. אויף קיין פאַל
נישט אויסגלייכען מיט ס"ד און „בונד", וואָס פערלאַנגען עס זאָל זיין
איין קאָנסטיטואַנטע אין פּעטערבורג פאַר אַלע פּראָווינצען, וואו אַלע
פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען וועלען זיך צוזאַמען־האַלטען און איינריסען
פון ביוראָקראַטישען האַלז, די גאַנצע, פאָלקאָמענע פרייהייט פאַר אַלע
פעלקער, די וויידסטע אויטאָנאָמיע פאַר פעלקער טעריטאָריאַלישע און
אַ קילטירעלע אויטאָנאָמיע פאַר עקס־טעריטאָריאַלע פעלקער! און
פּ. פּ. ס. פערלאַנגען, נישט קוקענד אויף דעם, וואָס זיי שרייע־
נען די פעראייניגונג פון פּראָלעטאַריאַט, אויף אָרט־און־שטעל אַ
עקסטראַ קאָנסטיטואַנטע פאַר פוילען. גאַנץ גוט ווייסענדיג, אַז
אויב די פּראָווינצען, וואָס רייסען די בלוטיגע פעדעם, מיט וועל־
כע די געוואַלט האָט זיי צו גענעהט צום אימפּעריום, וועלען זיך

אָבטרענען צופריה, וועט אין די אינערע גובערניעס דער פּראָלעטאַר־יאַט, צוזאַמען מיט די ראַדיקאַלען און ליבעראַלען, ווערען אַזוי אָבגעשוואַכט, עס וועט זיך אַפילו נישט לוינען אַרויסצושטעלען קעגען זיי עטליכע חוליגאַנעס...

איך פערזענליך האָב איך גאָרנישט דאַגעגען, וואָס דאָס בלוט פּולסירט אָפּט שטאַרקער און דאָס נאַציאָנאַלע געפיהל רופט העכער, אַלס עס ווילט זיך אַמאָל דעם טעאָרעטישען גע־נאָסען פון פ. פּ. ס.! נאָך וואָס אָבער פערלאַנגען פון מיר גלוי־בען אין דעם, אין וועלכען ער גלויבט אַליין נישט?

פ. פּ. ס. פערלאַנגט נאָך קרעדיט אויף עפּעס אַנדערש: עס וויל מיר איינרעדען אַז עס האַלט מלחמה נישט נאָר מיט דער פינסטערער נאַראָדאָווער דעמאָקראַטיע, נאָר אַפילו מיט'ן קלויסטער שלאָגט עס זיך! וואָרום נישט נאָר די נאַראָדאָווע דעמאָקראַטיע וויל טאַנצען איהר אייגען טענצעל אויף די שאַנצען פון דער אַלטער פעסטונג, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט איינ־גענומען מיט הונגער, שוויים און בלוט, נאָר אויך די גייסטליכ־קייט וויל אַריינשטעקען איהר פאָהן אויף דער שאַנץ. — „אַוועק מיט'ן קלויסטער!“ רופט פ. פּ. ס. און ווייטער: „לעבען זאָל דער רעדנער!“ די פילהארמאָניע ציטערט! וואָרום באמת, „די ליעב־שאַפט, דאָס ברודערשאַפט, וואָס דער גלח פּרעדיגט, איז נאָר אַ הוילער, פּוסטער קלאַנג! — זאָגט ווייטער דער רעדנער, — דאָס איז די פאַלשע שלאַנג, וואָס וויל פערזינדיגען דעם פּראָלעטאַריאַט, ער זאָל נישט קאָנען קומען אין זיין גן־עדן אַריין“... און נאָך אַמאָל: בראַוואָ! הענד ווערען נעשוואָלען, פ. פּ. ס. ברולט ווי אַ לייב! און פּלוצלונג, שאַ! עס ווערט שטיל אין זאַל, ווי אויף אַ בית־עלמין, די פערשוויצטע פּנימ'ער ווערען פערקלערט, די אויערן שפּיצען זיך און ציהען זיך ווי קעגען שופר של משיח, די אויגען ווערען פול האָפנונג, פרייד, תענוג און שטראַהלען מיט אַ וואונדערליכען גלאַנץ פון אונטער־געבענקייט און עהרע... וואָס איז? ווער רעדט, וואָס מען הערט'ן אַזוי? ווער רעדט, וואָס זיינע רעד צוגיעכען זיך אַזוי אין די הערצער, אין די העלדען־הערצער פון פ. פּ. ס.? עס

רעדט אַ גלח, אַ מניח! און פון וואָס רעדט ער? פון דער
זעלבער קלויסטער-ליעבע, וואָס איז ערשט נישט לאַנג אויסגע-
לאַכט געוואָרען, געטויט און בעגראָבען געוואָרען?

און פּ. פּ. ס. פערלאַנגט פון מיר אמינה, אַז זי מיינט
מיך אויך, אַז מיך, מיך אָרימען יוד וועט עס אויך פערזאָר-
גען; אַפילו אין די ביכלעך פון פּ. פּ. ס. ווערט געשריבען,
ייערס געדרוקט. אדרבה, יודען זענען אויך מענשען... און איך
זעה, זיי זענען מענשען! און דער שפּיץ פון פּ. פּ. ס. שטעהען,
ברוך השם, אַסך, אַ סך יודען און יודענעס... אויף אַכט
אָפּיציעלע פּאַרטיי רעדנער — 6 געבוירענע יודען און יודענעס!

רבונו של עולם, — טראַכט-זיך נישט איין יודישער
פּראָלעטאַריער און זאָל — נאָך וואָס זאָל עקזיסטירען דער
בונד? נאָך וואָס טיילען זיך?

און פינדעסטוועגען, פינדעסטוועגען איז דאָס וועקסעל,
וואָס פּ. פּ. ס. שרייבט פאַר אונז אונטער, נישט קיין רעכטע
וועקסעל... דאָס איז אַ באַנקנאָט, וואָס די קאַסע פון פּ. פּ. ס.
קאָן נישט און האָט גאָר בדעה נישט צו צאָהלען...

ערשטענס — ווערט דער באַנקנאָט געוויזען נאָר אונטער
4 אויגען... אין דער רעוואָליוציע ווערען מיר נישט דערמאָנט!
די פיינסטע און שטאַרקסטע רעדנער, וואָס רעדען פון פעלקער-
בעפרייאונג, האָבען, אויסרעכענענדיג אַלע פעלקער, וואָס פּ.
פּ. ס. וועט און מוז בעפרייען — מיך נישט גערעכענט, מ י י ן
פ אָ ל ק נישט דערמאָנט... און, ווי געזאָגט, נישט נאָר פון
פּראָלעטאַרישע אינטערעסען איז גערעדט געוואָרען! ס י ע ר אָ-
ש ע ו ו ס ק י האָט גערעדט, און מיט בעגייסטערונג גערעדט,
וועגען דער גרויסער און פיינער ראָלע פון נאַציאָנאַליטעטען
און ווייטער מיך און מיין נאַציאָן נישט דערמאַנט. איך גלויב
זיין האַרץ! עס איז גוט, עס איז ווייך, עס איז ערליך און ער-
האַבען, נאָר ליפּען האָט ער וואונדערליכע: זיי קאָנען דאָס וואָרט
יודישע נאַציאָנאַליטעט, אויב עס הייבט זיך אויף פון האַרץ,
נישט דורכלאָזען, עס וועט ערגעץ פערלוירען אין דער הייל פון

טויל, אין אַ לאָך פון אַ שלעכטען צאָהן, אָדער דערשטיקט אין האַלז...

איך גלויב נישט פ. פּ. ס. און גלויב נישט טאַקי דעריבער, ווייל עס האָט צווישען די פאָרשטעהער אַזויפיעל יודען פון געוויסען סאָרט, און צווישען די אָפּיציעלע רעדנער אַזוי פיעל פון די זעלבע יודען! ווייל איך קען די יודען, איך קען די אַלטע קנעכט, די אַלטע פאָלקס-פערקויפער, נאַציאָנאַל-הענדלער — די אַלטע אַסימילאַטאָרען!

די גרעסטע ווייבערישע זייל, אויף וועלכער דאָס היילינ-טום פון פּ. פּ. ס. הייבט זיך, אַ געבוירען יודיש קינד, האָט גע-רעדט נישט נאָר אין פילהאַרמאָניע, נאָר אויך ערגעץ אַנדערש... און דאָרט האָט זי ערקלערט, אַז זי איז אַ „פּאָלקאַ" ווייל אַ פּאָליאַק איז ניט קיין בלוט-בעגריף נאָר אַ בעוואוסט-זיין-בעגריף; „די, וואָס פיהלט זיך אַלס פּאָלקאַ, איז עס!" — מיר קענען דעם „גע-לעהרטען" הער פּ... נאָר גענוג מיט נעמען!

דערמאָנען מוזען מיר נאָך איין יודיש געבוירענעם רעדנער פון פּ. פּ. ס., וואָס האָט נאָר דאָס רענדעל געטווישט! דער האָט געזאָגט: „חברים, צי איז צייט צו רעדען וועגען פעלקער-שאַפטען דעמאָלט, ווען מען רעדט וועגען פּראָלעטאַריאַט?" דעם קענען מיר אויך!... ערגעץ אַנדערש האָט ער אונז געזאָגט: „איך בין מודה, איך האָב צוויי נשמות, איינע אַ פּוילישע און די צווייטע (הערט: די צווייטע!) אַ יודישע"... און ער האָט רעכט דעריבער, וואָס ער וויל נישט רעדען פון דער נאַציאָנאַל-פראַגע, ער וויל זיך נישט ווייזען פאַר'ן עולם אַלס אומרוה, וואָס רידערט זיך אַהין און אַהער, פון איין נשמה צו דער צווייטער! אַלס לעדערגער דישעל, וואָס איין נשמה שלעפּט אַהער און די צווייטע אַהין!

— און הער ד.? אייגענטליך נישט הער ד. נאָר גענאָסע ד.! עס איז איין אַרבייטער, אַ יודיש געבוירענער אַרבייטער! אַלס אַרבייטער פרעהט ער זיך, און קאָן די פרייד אין זיך נישט בעהאַלטען און מוז די שמאַטע אויפ'ן זאַל אַרויסוואַרפען, — ער פרעהט זיך, אַז ער, דער איינפאַכער אָרימער אַרבייטער האָט די זכיה צו זיין אין פילהאַרמאָניע, וואָס איז בעשאַפען געוואָרען

נאָר פאַר רייכע לייט... דער רעדט שוין אַפילו יודיש אויך, דער מוז שוין בעריהרען מיך אויך...

„און עס איז — זאָגט ער — אַ יוד״יש, פּאָליטיש פריי פאָלק געווען! נאָר במשך דער צייט זענען פערשיעדענע פערענדערונגען געוואָרען...״

על כן? צי זענען מיר אַ פאָלק צי ניין?

קיין תשובה קאָן ער נישט געבען! וואָרום — וואָרום פּ. ס., ביי וועלכער די „פּ.״ וואַקסט מיט יעדער סעקונדע אויפ׳ן חשבון פון „ס״ — האָט קיין צייט נישט צו אַזעלכע נאַרישע פראַגען!...

---

רבותי, איך גלויב נישט! איך וועל נישט גלויבען פּ. פּ. ס. כל זמן זי וועט האָבען אין זיך אַזוי פיעל יודען פון געוויסען סאָרט, יודען יונגע נאָר אויסגעפּוילטערע אַלס אונזערע לאַנג געשטאָרבענע און בגראָבענע שענקער און פּריצישע פאַקטיירים, און איך ראָט אויך דעם יודישען פּראָלעטאַריאַט: גלויב נישט! דיין אָרט איז אין אַ יודישער אַרבייטער־אָרגאַניזאַציע!

הים דיך — זאָג איך איהם — פאַר פּ. פּ. ס. כל זמן ער האָט אויף זיין לייב די אַלטע יודישע אַסימילאַטאָרישע מכה!

---

וואָס איז די וועלט?

אַ פּאָדערהייזעל צו יענער! דאָ נעהמט מען פּאָרביי, דאָרט בלייבט מען.

דאָ אַרבייטען? דאָ ליעב האָבען? דאָ אויף מאָרגען און איבערמאָרגען רעכענען?

זאָלען מיליאָנערען זיך מאַרמאָרענע מאָנומענטען בויען; פאַר אונז אָרימע איז גענוג אַ דין אין שמאָל ברעטעל צוקאָפּענס...

---

און מען לעבט „אַבי ווייטער״, „אַבי איבערצוקומען״...

ערב יום טוב זיפצט מען אָב: שוין נאָך יום טוב!

צום מאָרגענס, מען עפענט קוים די אויגען אויף, קלערט מען שוין: ווי אַזוי וועט מען איבערלעבען דעם טאָג, און פאַר'ן שלאָף הייבט מען אייף די הענד: געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען — איבערגעלעבט אַ טאָג!

---

פערקירצען זיך די צייט אין פאָדערהויז טאָר מען נישט. דעם פאָדעם איבערהאַקען טאָר נישט קיין יודישע האַנד — ווי לאַנג גאָט וועבט, וועבט ער — בעל כרחך אתה חי — לעבט מען איבער דאַנק. דערהאַלט מען דאָס לעבען מיט „אַבי וואָס", פערביסען מיט „וואָס עס איז".

און ברענגט די מאַרק־יודענע אַהיהן אין שטוב אַריין, נעהמט די בעל־הבית'טע די היהן אין האַנד אַריין, טאַפּט זי און וועגט, און פרעגט: וואָס וועל איך אָבקומען מיט איהר?

און זעהט איהר עפּיס שיינט, פליהט אַייך דורך פאַר די אייגען אַ גלאַנץ, איז עס אַיין אַטלעסענע קאַפּאָטע — לשם מצוה, פאַר יענער וועלט, אַ בגד לשבת ויום טוב...

---

אַבי וויַיטער...

קינדער־יאָהרען זענען אַ פאָרשפּיעל צו דער חופּה... און קומט דער חופּה־טאָג, טהוט מען אָן דעם חתן תכריכים. חתן־כלה פאַסטען און זאָגען ודוי — זיי גרייטען זיך שוין צום טויט...

און די ערשטע גרויע האָהר?

אַ „פּאָוויעסטקע צום „בית־דין־של־מעלה!" דין וחשבון גיב אָב!

און — „לעב גוט, וועט דיר לייכט זיין דער טויט" און „געדענק אינ'ם טויט, זאָלסט קענען גוט לעבען" — דאָס איז די מאָראַל...

---

מענשען וואַנדער'ן, מענשען שטאַרבען. קהילות בויען זיך, קהילות ווערען חרוב. די שפּראַצען, יענע וועלקען ..
אַבי ווייטער!
געשעפּטען אויף ניין-און-ניינציג יאָהר?
אַ וועלט פּערזאָרגען?
געמויערטע צדקות?
ערגיץ אײַנוואָרצלען זיך? צוויי גלות-בלימעלעך שפּראָצען אין יודישען הארץ: „אַבי-ווייטער!" און „אַבי איבערקומען!"
לעבענדיגע שטעהען נישט פעסט; מתים וואַרטען אויף גלגול מהילות... ווער עס וויל זיכערער געהען — קריעכט אויף אַלע פיער!

---

טאַנדעט.
אַלץ איז טאַנדעט: דאָס לעבען, דער האַנדעל, די אַרבייט...
אָהן ליעבשאַפט, אָהן זיכערקייט — אָהן מאָרגען און שפּעטער — ציטערדיגע שאָטען, ציטערדיגע און האַפּענדיגע...
פון דער לופט אין דער לופט אַריין...
אַלץ איז נע ונד; דער יוד, זיין אַרבייט, זיין לעבען, זיין פּאָליטיק... אין אָרט, ווי אין דער צייט... צווישען „קויפען" און „פערקויפען" האָט דער סוחר קיין צייט נישט אָבציאָטעמען... אָבהאַלטען, אויסהאַלטען איז ער נישט אימשטאַנד...
אויסגעלערנט אַ שטאָך מיט דער נאָדעל, חתונה געהאַט, אַ ווערק-שטעל נעעפענט — אם לא עכשיו, אימתי? אָפען שטעהט די גרוב און וואַרט!
אַלץ איז אויף דער מינוט און פאַר דער מינוט: מיד ליד, פון האַנד צו האַנד... אַבי ווייטער!
צדקות ומעשים טובים, פּאַרטיי-לעבען, פּאָליטיק — האַלבע מיטעל, פּירטעל מיטעל, צוויטען, פעדעם...
די „כנסת ישראל" זיצט און לאַטעט און צערעוועט... אַבי איבערצוקומען...

---

און דאָס זעלב׳ן: ליטעראַטור... קונסט...

דער שטריך, די סקיצע, אַ מאָמענטעל, אַ פּאָרטרעטל.
אַ בליק־אויפנאַהם — וואו איז דאָס ווערק?

דער פויער אַקערט אָב און וואַרט... זייעט אָב און האָפט... דער זאָמען געהט אויף, ער קוקט, דאָס האַרץ קוועלט, — ער וואַרט; גאָלדען ווערט די זאַנג, דעמאָלט ערשט קומט ער מיט דער קאָסע!

מיר שניידען נישט גאָלדענס נאָר „גרינס"... אָפּט רייסען מיר מיט די נעגעל פון דער פייכטער ערד אַרויס די קיים־אויפגעשוואָל׳ענע זאָמען און באַקען!

טאַנדעט: „וואָס עס איז" מיט „אַבי וואָס"... גראָזען! די שפּראָצען, יענע וועלקען — ווען וועלען ביימער וואַכסען?

---

די אַלטע „יחידי סגולה", די עטליכע אָבגעשטאָרבענע, פערשטיינערטע צעדער אויפ׳ן לבנון, קוקען אַראָב צו אונזערע גרעזעלעך און זיפצען: דאָס זענען אונזערע עניקלעך!...

---

... און מיינט נישט, אַז איך זעה נור אייערע רוקען און מיך פערבלענדט דער שטויב פון אונטער אייערע פיס.

איהר האָט מיך נישט אויסגעמידען; אום מיט ליעבשאַפט אַ בליק צו וואַרפען אויף אייערע בלאַסע פּנימער און פלאַמענדיגע אויגען, מוז איך מיך גאַנץ אָפט אומקעהרען...

צווישען אונז איז דער שטרייט פון „מאָרגען" און „איבערמאָרגען"...

איך בין דער זוהן פון אויסדערוועהלטען אייביגען וואַנדער־פאָלק...

און מיט׳ן „אויסדערוועהלטען" איז מיין ערנסט; מיין בלוטיגער, מיין טראַגיש־שטאָלצער ערנסט.

אונז האָט מען אויסדערוועהלט צו שאַנד און שפּאָט, צו

וואונד און וועה, צו שלעג און פיין; מיר זענען די שוואַכסטע און די מינדסטע...

איהר פיהלט עס נישט? איהר זייט ספּעציאַליסטען פון קלאַסען־וועה...

עס ליעגט אַ מענש אין גאַס און קען אויסגעהען אָהן הילף צווישען ספּעציאַליסטען. ער איז אָבגעשוואַכט און פּאַכט מיט דער נשמה —

— נישט מיין זאַך, אַ צאָהן־דאָקטאָר בין איך!

— נישט איך דאַרף עפּיס טהון, איך הייל נור נעז...

איין אַנדערער איז אַ מבין ספּעציעל אויף אויערן, נאָך איינער פערנעהמט זיך מיט הויטקראַנקהייט, איינער זאָגט:

— מיין פאַך איז דער מאָגען!

און דער מענש פּאַכט דערווייל מיט דער נשמה און קען שטאַרבען.

. . . . . . . . . . . . . . . .

מיין פאָלק האָט מען אויסדערוועהלט צו שאַנד און שפּאָט, צו וואונד און וועה, צו שלעג און פּיין: אָבער עבען דערמיט טרייבט מען איהם צו דער ווייטסטע מעטע פון דער מענשליכער נערעכטינקייט, צום ווייטסען פּאָסטען אויפ'ן וועג פון דער מענשליכער פרייהייט, צום לעצטען זיעג איבער די פהיזישע מאַכט, איבער'ן פהיזישען צוואַנג, און — די „מעהרהייט", אין וועלכער נאָמען איהר רעדט און וועלכע איהר ווילט בעגליקען, איז אויך נאָר איינס פון איהרע געשטאַלטען.

מיט קין'ס סטעמפּעל האָט מען מיין פאָלקס שטערן געצייכענט און דערמיט צום אייביגען וואַנדערן פערשאָלטען און — געבענשט.

איהם האָט מען מיט געוואַלט אַריינגעשטעקט די רויטסטע פאָהן אין די הענד און גערופען:

— געה! אַלץ ווייטער און ווייטער געה, מיט אַלע בעפרייער. מיט אַלע צוקונפטס־קעמפער, מיט אַלע סדום־איבער־קעהרער... נור בלייבען שטעהען מיט זין, קענסט דו נישט... די ערד וועט ברענען אונטער דיר!

— אויף שריט און טריט צאָהלט די בלוטיגסטע קאָסטען פון יעדען בעפרייאונגס־פּראָצעס, נור אין די בעפרייאונגס־דעקרעטען ווער ווייניג, זעלטען אָדער גאָר נישט דערמאָנט..
דו גייסט און בלוטיג ווייטער!
— דו ביסט דער שוואַכסטער און דער מינדסטער און וועסט אויסגעלעזט ווערען ערשט צו אַלערלעצט...
— אַזוי לאַנג, ווי עס וועט בלייבען אַ שטיין פון אַלטע מויערן, וועט ער ליגען אויף דיין אַקסעל און דריקען!
— אַזוי לאַנג, ווי עס וועט בלוט פערגאָסען ווערען, אַ ווילען — אונטערדריקט, אַ פליגעל — אונטערגעשניטען, — וועלען עס זיין דיינע פליגעל, דיין ווילען, דיין בלוט...
דו וועסט בעפרייט ווערען ערשט צו אַלערלעצט, ווען דער מענש וועט בעפרייט זיין פון דער ערד! ווען פון מענשען־ווערם וועלען מענשען־אָדלער ווערען.

---

שטאָלצירט נישט מיט אייער רויטער פאָהן, זי איז נור דער שוואַכער אָבגלאַנץ פון דער בלוטיגער פאָהן אין דער האַנד פון אויסדערוועהלטען פאָלק!...
פון פאָלק, וואָס איז פערשאָלטען און געבענשט געוואָרען, אויסגעלעזט צו ווערען צו אַלערלעצט, צו זיין דער אייביג בלוטענדיגער, אַמווייטסטען געהענדיגער אַנטראַג, וואָס ווערט גאָט און דעם לעבען געשטעלט...
מיט מיין פאָלק גייע איך, פון גלאַנץ פון זיין פאָהן פלאַמט מיין נשמה און איך רוף: יודען פון אַלע לענדער און פעלקער, פעראייניגט אייך... לאַנג און געפעהרליך איז דער וועג — האַלט אייך צוזאַמען!

---

דאָס לעבען אַרום אונז וואַקסט, ווי אַ גוט איינגעווייערט טייג, נאָר ביי אונז איז שטיל — כמעט שטיל, ווי אין די אַלטע גוטע צייטען...

פּפּ׳ס פּערזאַמעלט אין פּילהאַרמאָניע טויזענדער און טויזענ־
דער — עפענטליך און קרעפטיג הערט זיך איהר וואָרט, איהר
שמעטערנד וואָרט; בעהאַלטען און בסיד־סודות זענען די מיטינגען
פון אונזער „בונד״...

נ״ר (נאַראָדאָווי דעמאָקראַטען) שווייגט נישט — מיטינגען
און דעמאָנסטראַציאָנען — פאַר וואָס שלאָפען אונזערע ציוניסטען?

„אָהן אונטערשיעד פון גלויבען״ האָט זיך געעפענט
אַ געזעלשאַפט צו לערנען, לעזען און שרייבען, „אוים אַנאַלפאַבעטען!״
ווערט גערופען, און פון הויז צו הויז, פון טהיר צו טהיר געהען
אַרום אינטעלעגענטען און אינטעלעגענטקעס און פרעגען זיך נאָך:
נישט דאָ עמיץ אין הויז, וואָס קאָן נישט שרייבען, נישט לעזען
און האָט חשק זיך צו לערנען? און מען לערנט אומזיסט, מען
גיט ביכער אומזיסט און שרייב־געצייג אומזיסט, און מען בעט
זיך רחמים: לערנט אייך! אַ פאָלק, וואָס וויל אויפלעבען, מוז
קענען לעזען און שרייבען!

וואו איז אונזער חברה „אַלף־בית״? — וואָס טהוען
אונזערע אינטעלעגענטען?

אַ לעהרער־פעראיין, אַ שול־פעראיין, — אויף דער גאַנצער
ליניע געהט אַ מלחמה פאַר פויליש, פאַר דער פאָלקס־שפּראַך!
מען דאַרף בעפרייען דאָס שוואַכע קינד פון דער דאָפּעלטער יאָך
צו לערנען אין אַ פרעמדער שפּראַך! — פויערן אין די דערפער
נעמען זיך צוזאַמען, טרייבען אַרוים די פרעמדע שרייבער, די
פרעמדע לעהרער — פויליש מוז זיין די שולע.

ווער שטרייט פאַר יודיש?

די חברה „בעלי בתים״ האָט זיך געווענדט צום מאַגיסטראַט
און געבעטען, דאָס מאַגיסטראַט זאָל געבען זיינע לאָקאַלען אויף
פאָרטרעגע פאַר׳ן פאָלק. דער גענעראַל ביביקאָוו האָט צוגע־
זאָגט, — צו די פאָרשטעהער פון דער יודישער געמיינדע האָט
זיך קיינער דאַרום נישט געווענדט...

פאַר׳ן פראָסטען פאָלק ווערט געעפענט אַ פריי אוניווער־
זיטעט, מיט׳ן צוועק:

אויפצוהייבען די בילדונג פון דער מאַסע;

פערטיפערן די קולטור צווישען אַרבייטער און געווערבסלייט ;

צו געבען זיי די מעגליכקייט זיך אָרענטליך און געהעריג צו פערוויילען !

צו'ם דעם צוועק ווערען אײנגעפיהרט :

סיסטעמאַטישע, אַלגעמיין בילדענדע פאָרטרעגע.

עפענטליכע, פאָפולער־וויסענשאַפטליכע פאָרלעזונגען פאַר גרויסע מאַסען.

ספּעציעלע פאָרטרעגע און פאָרלעזונגען אין פאַבריק־שוהלען — —

אויסער דעם וועט מען פערמעגליכען דעם „פראָסטען עולם" דאָס בעזוכען פון מוזעען, אויסשטעלונגען, פאַבריקען און אַלגעמיינע עפענטליכע אַנשטאַלטען . . . אָרגאַניזירט וועלען אויך ווערען רעדלעך (קרייזען) פאַר טעאַטר, כאָר און אָרקעסטער . . .

וואו איז אונזער פאָלק־הויז, אונזער טאָמבױ־האַלע ?

דאָרט וועקט זיך דאָס נייע פרייע לעבען, די גייסטליכקייט קען אויך שוין נישט שלאָפען ווי אַמאָל. עס איז די טעג אַ מיטינג פון גייסטליכע געווען. און ווייסט איהר, וועגען וואָס זיי האָבען געקלערט און וואָס זיי האָבען בעשלאָסען? נישט וועגען הימעל־זאַכען! נישט וועגען הכשרים אויף וואָס עס איז!

זיי האָבען געקלערט, ווי אַזוי מיטצווירקען מיט'ן פאָלק...

דער גייסטליכער, האָבען זיי בעשטימט, איז נישט בעפרייט פון פפליכטען קעניג לאַנד און פאָלק . . .

זיי האָבען פראָטעסטירט קעגען זייער אָפיציעלען אָרגאַן אין וואַרשאָ, וואָס בעשעפטיגט זיך נאָר מיט דינים פון תענית און מנהגים פון קלויסטער און ווייסט גאָר נישט, וואָס צו זאָגען, וועגען דעם נייעם לעבען, וואָס וועקט זיך אַרום און אַרום !

זיי האָבען בעשלאָסען צו שטרייטען צוזאַמען מיט'ן פאָלק פאַר דער אויטאָנאָמיע פאַר פוילען . . . פאַר אַ ריין פוילישע אַדמיניסטראַציע, פאַר דער פוילישער שפראַך, פאַר אַ וואַרשעווער קאנסטיטואַנטע! און געוועהלט זאָל זי ווערען אַלגעמיין, גלייך, אונמיטעלבאַר און געהיים . . .

און דעם אַרבייטער — זאָגט די גייסטליכקייט — טאָר מען

פון האַנר נישט אַרויסלאָזען; מען דאַרף דעם סאָציאַליזם אַריינ־
געמען אין קלויסטער, וואָרום — הערט, הערט! — וואָרום אַ ל ץ
ד אַ ר ף  ז י י ן  פ אַ ר ׳ ן  פ אָ ל ק  א ו ן  ד ו ר ך  ד ע ם  פ אָ ל ק!

אין דעריבער — זאָגט די גייסטליכקייט, — מוז מען הויבען
די מאָראַלישע און עקאָנאָמישע לאַגע פון פאָלק, זיין נאַציאָנאַל־
געפיהל — פערטיעפערען, ערוועקען אין איהם דאָס געפיהל און
דאָס געברויך פון זעלבסט־הילף — — —

אין אונזער „ראַדאָמער רב״ לאָזט אַפילו צו שלשים נאָך די
פאָגראָמען נישט פאַסטען — —

פאַר וואָס נעהען פערלוירען די יודישע פאָלקס־ליעדער?
פאַר וואָס מוזען יודישע טאַלענטען שפּיעלען „בר כוכבא״ און
„אשה רעה״? וואו זענען אונזערע יודישע איסגאַבען?

אין צוזאַמענקומען קען מען זיך נישט; די „דייטשע שוהל״
איז פערהאַמערט, די „גמינע״ פערשלאָסען, און דער עולם
שלאָפט . . .

---

עס פלאַצט.

דער שטורם רייסט דעם דאַך, אייזערנע ביַראַנען לעבערן
די וועגד, דער לאַנג פיילער פונדאַמענט צורודערט זיך — —

„מפּי עוללים ויונקים״ — קינדער מאַרשירען מיט רויטע
פענער אין די גאַסען; הייבט די מיצען אַלטע, קלוגע, פאַר־
זיכטיגע לייט! עס האָט זיך שוין געפונען אַ ווייבער קאָזאַק, אַיין
אָמת׳ער „קאָזאַק הנגזל״, וואָס האָט נישט געוואָלט שיעסען!
„זאַציעם? — פוסקאַיי סאָבירואיוטסיא!״

דער פלאָט שטעהט אין פייער — מיליטערישע מוזיק ציהט
דורך די גאַסען מיט מאַרסעליאַנקעס! סאָלדאַטען לויפען מאַרקס
אין די קאַזאַרמעס — מיט פּאָליטישע פאָדערונגען טרעט אַרויס די
פאָליציי; באַ! אַפילו קנעכט ביי קנעכט, וואָס דיענען אַנדערע
קנעכט — די „ציגאָינים״ פון דער וואַרשאַיער גמינע, צוזאַמען
אַפילו מיט די קברנים פון הייליגען אָרט, אָרגאַניזירען זיך,
דעלעגאַטען שוין געקליבען! — אַלץ פלאַצט. רעוודענצען ברענען,

אין העלען פייער שטעהען פראָווינצען! אין די פינסטערסטע ווינקעלעך פון מענשליכען לעבען בעווייזט זיך ליכט! ביים ליכט איז דער עולם בודק חמץ, וואַרפט־אַרויס דעם אַלטען שימעל, דאָס אַלטע, דאָס פוילע, דאָס שרעקענדיג־ציטעריגע, דאָס שוואַרצע, מיט די פערלעגטע הענד, פערוויינטע אויגען, דאָס אייביג האָפענדיגע און נישט טהוענדיגע — —

אַ נייעס לעבען שפינט זיך, וועבט זיך אויף דער חורבה פון אַלטען — —

און מיר וואו זענען מיר?

— אַם ראַדיקאַלסטען — זאָגט מען — זענען יודען! אָהן אַ קלער צו טהון רייסען זיי דאָס אַלטע, אָדער העלפען עס איינ־צורייסען, אָהן רחמנות שטורמען זיי אַלע אַלטע לעבענס־פאָרמען, אַלע עקאָנאָמישע און מאָראַלישע אינסטיטוטען: ווייל אַלץ האָט זיי נור געדריקט, געשטיקט און געוואָרגען. זיי קענען דאָס פער־גאַנגענע נישט ליעב האָבען, ווייל דאָס איז דורכגעזאַפט מיט זייער קריוודע; דאָס געהענדיגע — נישט בעדויערען, ווייל עס איז מיט זייער בלוט בעשפריצט!

אַזוי זאָגט מען, און דאָך — וואו זענען מיר?

מיר יודישע שרייבער, וואָס דאַרפען געהען פאָראויס? וואו איז אונזער אָרגאַניזאַציע? פאַר וואָס זענען מיר צעשפרייט און צעזייט ווי די שעפסען?

וואו איז די „אַגודת סופרים"? דער „שריפט־שטעלער־פערבאַנד"?

צי האָבען מיר קיין אינטערעסען, מאָראַלישע אָדער עקאָנאָמישע, אַרום וועלכע מיר דאַרפען זיך זאַמלען?

גלויבען מיר נאָך אין אַלטען, דריקענדיגען, פינסטערן, וואָס טיילט, אום צו הערשען, — אָדער מיר גלויבען נישט אין זיך אַליין, אין אונזער קראַפט, אין אונזערע צוועקען, און אונזער גאַנצע מאָראַל איז: „חאַפּ פאַר דער שורה און עס, חאַפּ פאַר דער שורה און טרינק" „מאָרגען" איז קיין טאָג נישט?

אַ פינסטערע שרעק איז אָנגעפאַלען אויפ'ן ליטעראַרישען געסיל: די געלע פרעסע געהט! דער ערשטער שריט צום שאַנ־טאַזש איז געמאַכט געוואָרען! מיט איין אייזערנעם טאַראַן האָט מען אויסגעהאַקט אַ שפּאָריוודיג לאָך אין דער פעסטונג־וואַנד, אונטער וועלכער מען האָט זיך אַזוי רוהיג, אַזוי זיכער געפיהלט...
„פּראָטעסטירען!"

די אַלטע, די גרויסע, די שטראַהלענדיגע מוזען אַרויס מיט אַ פּראָטעסט...

און איך בין איין אַלטער, אַ גרויסער, אַ שטראַהלענדיגער און דאַצו נאָך אַ שוואַכער מענש!

בנוגע צום יודישען טעאַטער איז אַש געדעכט, אַזאַ יאָהר אויף כל ישראל! און פון דעסטוועגען, אַז דער לייב אין גאָלדפאַדענס בר־כוכבא שטעלט זיך אין מיט'ן דרינען אויף די אונטערשטע פּיס און געניצט, און דער פריימיג־און שבת־צו־נאַכטס'דיגער עולם פּאַטשט בראַוואָ, אָדער ווען די „יונגליך" אין „פאַמיליע צבי", וואָס פערליערען די העקליך און די דרעגנ־ליך פון די דאַרע הענדליך אַרויס רופען: מיר זיעגען! מיר זיעגען! און דער אויבען דערמאָנטער טעאַטער־עולם שרייט: „הוראַ!" — פּאַטש איך מיט, אַז די הענד ווערען מיר געשוואָ־לען, און שריי „הוראַ", ביז איך בלייב אָהן אַ האַלז, חאָטש איך ווייס אויף קלאָר, אַז די „יונגליך" ציטערן אַפילו פאַר'ן אייגענעם פּאַפּירענעם כלי־זיין —, אַזוינע פנים'ער האָבען זיי, די סטאַטיס־טען אויף חמיעלנא 9 און חאָטש עס איז ביי מיר קיין צווייפעל נישט, אַז דעם לייב פון בר כוכבא ווילט זיך, נעביך, גאָר עסען, נישט געניצען...

וואָס דאַרפט איהר מעהר: אין גאַס, אַז דער עולם הייבט אָן לויפען, מאַך איך פּיס, צי איך זעה אַ ביקס צו ניין; איך האָב מיך אַפילו קיין צייט נישט אומצוקוקען! און קוק איך אַמאָל, פאַר'ן אַראָבגעהן, אין גאַס אַראָב, און זעה מענשען אין קאַלאָשען און ווינטער פּאַראַסאָלען הייב איך שוין צום הימעל קיין אויג נישט אויף, און נעם אַ פּאַראַסאָל מיט קאַלאָשען!

אין דעריבער, אַז עס איז אַ געשריי געוואָרען „פּראָטעס־

טיערען" — האָב איך געזאָגט: „פּראָטעסטירען!", האָטש די חתימה צום פּראָטעסט האָב איך געמאַכט מיט א פּערציטערטער האַנד, און דאָס האַרץ האָט דערביי געקלאַפּט, ווי ביי אַ גזלן...

וואָרען „ביני ובינך" — ליעבע לעזער! צווישען פיער אויגען און אויער אויף אויער בין איך דוקא צופרידען מיט די ביטערע קרייטעכצער, וואָס הייבען אָן שפּראָצען אין אונזער גן־עדן'דיל... סימן טוב ומזל טוב! — די געלע פרעסע האָט זיך בעוויזען? — אַ מחיה! אַ קאַצען־שפּרונג צום שאַנטאַזש? — נאָך בעסער! דאָס איז דער בעסטער בעווייז, אַז מיר ענטוויקלען זיך, אַז אונזער ליטעראַטור ענטוויקעלט זיך, אַז —, להבדיל די ציוניסטען און די ס"ס'אָווצעס — וואַקסט אין גלות אונזער קולטור ווי אויף הייבען!

און איך וויל עס אויך מסביר זיין מיט אַ משל; איהר ווייס דאָך, ד'בין אַ שטיקל גלגול פון דובנער מגיד! שטעלט אייך פאָר, ליעבע לעזער (אַלע לעזער זענען מיר ליעב) אַ משפּחה אין אַ מדבר — איינע אַליין אַ פאַמיליע אין אַ סטעפּ! מוז, נעביך, דער קאָפּ פון דער פאַמיליע זיין אַלץ צוזאַמען! אי טאַטע פון קינדער. אי זייער לעהרער, אי זייער שטראָפער און שמייסער... און ווערט, לא עליכם, אַ קינד קראַנק, מוז ער נאָך זיין זיין רופא; בהרפתנו. אַפילו אַ קליסטירל מאַכען... און מאַכט זיך עפּיס, גאָט בעהיט, אַ קינד אויפ'ן קעפּיל, מוז ער איהם אייגענהענדיג די העהרליך אויסרייסען... און שטאַרבט, נישט פאַר אייך געדאַכט, אַ קינד? נאָך זיין קברן ווערען! און אַז די קוה פאַלט אַוועק? מוז ער ווערען וועטערינאַר! און אַז דער הונד אויפ'ן הויף ווערט משוגע? — הונדשלעגער! און אַז עס זאַמעלט זיך אָן מיסט אויפ'ן הויף? מוז ער נעמען שירץ און בעזעם און אייסקערען! — און דער אייגענער מוז זיין פון דעסטוועגען אי טאַטע, אי קדוש־און הבדלה מאַכער, און פערלאַנגט פאַר זיך דרך ארץ!

אָביער אַז די משפחה צעוואַקסט זיך? אַז מיט דער צייט ווערט פון פלעק אַ דערפיל, פון דערפיל — אַ שטעדטיל, — אַ שטאָדט —

שטיקל מדינה, — — ווערט שיין די אַרבייט צוטהיילט! איז איינער טאַטע, דער צווייטער לעהרער; אַ בעלפער, צום שמייסען אין פעקליך־מאַכען, פערהאַן בעזונדער; עס בעוויייזען עקסטרא קליזעפּאָמפּע־מאַכער, האָהר־ציפער, דאָקטוירים; ספּעציעלע מתעסקים, קברנים און — הונד־שלעגער!

דאָס זעלבע איז און האָט געמוזט זיין, און געשעהען אין דער ליטעראַטור.

איך בין נישט קיין הייטיגער און געדענק נאָך גאַנץ גוט די צייט, ווען עס זענען געווען אין גאַנצען 2—3 כהנים אין בית־המקדש! אַלץ האָט געמוזט קומען איף זייערע הענד. דאָס זענען געווען: אי שירים־אי פראָזע־שרייבער; און זעלבע לייט־אַרטיקל מאַכער, פעליעטאָן קלאַפּער, נייעס שיטער אין אין מיט׳ן דערינגען ווערען אַ וועלט חכם און פערטייטשען וואָס אַ אַ דונער, — וואָס אַ בליץ איז... מיט איין וואָרט: אָנטהון גלייך, אַריינלויפען אין קדשי קדשים מיט אַ פאַן ווייהרויך, אַרייסלויפען און מאַכען „חיק״ מיט איין אָקס אויפ׳ן מזבח און באַלד האַפּען אַ בעזעם און אויסקעהרען!

אָח און וועה איז געווען צו די יאָהר!

היינט, אַז מען האָט זיך געמעהרט און געפּרובפּערט, בפרט לעצטענס, אין דער צייט פון דער סטאָליפּין־פרייער פּייעסע, איז שיין, דאַנק זיין ליעבען נאָמען, די אַרבייט צוטהיילט!, יעדער האָט זיך זיין ווינקאַלע, זיין ספּעציאַליטעט. איינער זינגט, דער צווייטער פערציילט, דער דריטער שרייבט חכמות, דער פירטער וויצעלט זיך, דער פינפטער און אפשר דער זעקסטער צו דער זיבענטער — פיהרט טאַקי מיסט!.. מען דאַרף דאָס אויך!

אמת, עס טרעפט אונ די מיסט־שלעפּער שרייבען שירים אַמאָל אייך...

אָבער, ערשטענס, איז יעדער אויסנאַהם נישט מעהר ווי אַ בעווייז איף דער רעגעל! צווייטענס האָט יעדע קאַץ זיין מאַרט און יעדעס האַרץ, אַפילו פון אַ קוימען־קעהרער, זיין מאַי! ווען עס ווערט אַזוי ווייך, און עס זינגט זיך: טיו, טיו, טיו... טיו, טיו... און דריטענס — האָט קיין פּחד נישט! דער מיסט־פיהרער

זועט צום שכל קומען! ער וועט דערקענען זיין פּאַך, דערגעהען זיין מיסיע, צוליעב וועלכער ער איז בעשאַפען געוואָרען! נישט אַזוי געשווינד דערקענט זיך אַ מענש אַליין, און איידער מען קומט אויפ׳ן רעכטען וועג אַרויס — זינגט זיך אַ מאָל אַ ביסל פאַלש! מיט דער צייט קומט די הילף!

די ליטעראַטור קען שוין נישט זיין קיין כלי־בו, ווי אַ קליינ־שטעטיל׳דיג געסעל! עס מוז זיין אַ גרויס־שטעטישע גאַס! דער רינשטאָק, וואָס פיהרט אָב דאָס אומריינע, געהט אין די זייטען, רעכטס און לינקס. ווער עס איז אַ דבר־אחר, מהיכא תיתא, לעג זיך אַריין! אַז ניט, געה אַריבער טרוקען, אין דער מיט! דאָס איז שוין דאָס צווייטע משל!

אמת, אַ משל איז נאָך קיין בעוויז נישט! אָבער מקרב אל הדעת איז עס!

און וואָס אַמבעלאַנגט דעם עצם־ענין, וואָס די געלע פּרעסע, די ערשטע ניי געבוירענע איז שוין בעפאַלען אַ ליטע־ראַט, איז קיין גרויס אונגליק נישט!.. די ליטעראַטען, פונקט אַזוי ווי פרויען, האָבען ביז אַהער פערנומען אַ געקינסטעלטען פּלאַץ, אַ פאַלשען אָרט אין געזעלשאַפטליכען לעבען! אָדער אַ גאָר נישט, אַ צרה, אַ משלחת, אָדער אַ מלאך; קיין מענש קיינמאָל נישט! שלאָגען זיך מיט אַ יודענע, בפרט אין גאַס. אָב׳חשבון׳ען זיך עפענטליך מיט אַ ליטעראַט, קומט אויס עפּיס קראַטיש, אויסטערליש, ווילד! פאַר וואָס? שוין צייט אָבצורייסען מיט די אַלטע מנהגים, אַרויסשלאָגען זיך די אַלטע איינרעדענישען פון קאָפּ. איין אשה איז אויך אַ בשר ודם, נישט מעה־ר, נישט ווענינער, און אַ ליטעראַט איז אַ מענש, ווענינסטענס דאַרף ער זיין אַ מענש... אין דאָס וואָס אַ קראָה רייסט אויס ביי דער צווייטער איין אויג, וואָס איז דאָס געוואַלט? דוקא ביי פרעמדע?

און דער עקר — ברענגט עס אַ גרויסען נוצען דעם פּובלי־קום, אויב עס איז נור דאָ! אויב די קוה, וואָס מיר, לעבצענדיגע צו מילך, מעלקען איז פערהאַן, אויב זי איז נור קיין פּוסטע חלום נישט... קען זי ווערען אויס קוה!

דאָס פובליקום — אָהן משלים געֶרערט — מיז זיך צוגעוויעהנען צום געדאַנק, אַז ליטעראַטען זענען מענשען, וואָס אַרבייטען אין פעֶרדיענען מיט דער פעדער, ווי יענער מיט דער האַק און דער מיט דער נאָדעל... און אַז עס טרעפט זיך און אַ ליטעראַט, — אויב אַ מענש! — גנביט בענדליך אין קראָם אָדער קישקע אין יאַטקע, קימט איהם תפיסה גלייך מיט אַלע, אויב אַלע גנבים קימט תפיסה ..
און אַז ער גנביט נישט, און די נעלע פרעסע. וואָס קען זיך נישט דערוואַרטען, ביז עס וועט ווירקליך עפּיס געשעהען, און טראַכט ציפאָר אויס, און עס קימט צו לשון־הרע, רכילות, בלבולים און אַלערליי שקרים, — איז נאָך בעסער!

דאָס פובליקום, וואָס דאַרף ווערען אויס קוה, דאַרף זיך צו אַלעם ערשטען אָבגעוויעהנען פון אַ מאוסען פעהלער, און דער איז דאָס, וואָס דאָס היינטיגע פובליקום, אויב עס עקזיסטירט, אַזוי עס שעצט אָדער צו הויך אָדער צו נידריג דעם ליטעראַט, אַזוי צו הויך אָדער צו נידריג שאַצט זי יעדעס געדרוקטע וואָרט. אָדער עס איז „שמאָכטעס״, „מעשה־ביכליך״, בטלנות, אָדער פערקעהרט: היילינע נביאות, נישט אָבצוווענ־דען, נישט איבער צושפּאַרען! זיי ווייסען נישט, אַז אַ מענש שרייבט, ווי אַ מענש רעד... ווי ווער און ווי ווען...

אין געוועהנליכען לעבען, אַז עמיץ עפענט דאָס מויל אין זאָגט עפּיס, שרייט מען נישט תוך כדי דביר: שקרן! איך שפּרינגט מען נישט דריי מאָל קדוש, פאַר דער צייט. מען טראַכט נאָך, קלערט איבער, מען ווערט געוואָהר, מען זאַמעלט ידיעות, — מענשליך! וואָס הייסט, זיך „פערלאָזען״? אָבער דאָס געדרוקטע, האָט נאָך גאָר עפּיס אַנדערש...

און דאָס איז שלעכט!

דאָס געשריבענע וואָרט האָט געקאָנט קרעדיט האָבען פערצייטענס, ווען אַ פעדער אין דער האַנד האָט געהאַלטען איינער אין אַ שטאָדט אין דוקא אַ גרויסער! ווען מיניסטאָרען האָבען צוגעלענט סטעמפּעל אָדער דעם אין מינט אַיינגעריכטען גראָבען פינגער אויף׳ן פּאַפּיער במקום אַ חתימה... ווען דער סיגנעט האָט נאָך געשפּיעלט די גרויסע ראָלע, ווי אין

אַהש־רוש'ס צייטען! דאָס גרויס, ערליך און כמעט הייליג האַלטען פון געדרוקטען וואָרט האָט געהאַט זיין ווערט אין גוטענבערגס־און קוים עטוואָס שפּעטערע צייטען, ווען אויף דער וועלט זענען צוויי דריי דרוקען געווען, און פון אונטער דער פּרעס פלעגען אַרויס סאַמע תנך'ליך, ש"ס גמרא'ס אָדער חכמת יון: אריסטו! היינט — ווען אַלע יונגליך שרייבען, ווען אין אַלע גאַסען ווערט געדרוקט, דאַרף זיך דאָס פּובליקום אויסלערנען: שאַצען! יעדען געבען זיין אָרט, זעלטען שענקען צוטרויען, זעלטען געבען קרעדיט, און צו דעם הויכען שטאַפּעל ווערט דאָס פּובליקום קומען נור אַ דאַנק דער געלער פּרעסע! דאָס קינד מוז פאַלען, עס זאָל זיך אויסלערנען געהען!

און דעריבער נאָך אַמאָל: לעבען זאָל די געלע פּרעסע!

זאָל זי זיך גראַבלען אין מיסט — אין פּריוואַט־לעבען מיין איך, עס שאַדט נישט! דאַגעגען קען זיין נור די אַלטע בעל־בתישע מאָראַל פון קלאַפּ־שלעסער און פערהאָנגענע פענסטער. די מאָראַל אין זיירענע אָבער און פער'דאָס'טע [זייט מיר מוחל] אונטערערעק... די עטיק, וואָס איז געווען נור אַ שוק־מאַרקע פאַר חנוכה, צביעות, שיינהייליגקייט און כל־דאָס־בייז... נור די אַלטע גבאית'ע מיט די יונגע חטאים האָט געמאַכט איין אונטער־שיעד פון „רשות הרבים", „בפהרסיא" און „אונטער פיער אויגען", „בחדרי חדרים"!

וואָס הייסט פּריוואַט־לעבען? פּריוואַט לעבט אַ מענש אין אַ מדבר, פּריוואַט לעבט אַ פּרוש אין וואַלד, אפשר נאָך אַ פּערצייטישער בטלן אונטערן בית־המדרש־אויבען. אַ מענש צווישען מענשען איז קיינמאָל נישט פּריוואַט. דער וואָס טהוט עפּיס, — בפרט דער, וואָס שרייבט! — לעבט געזעלשאַפטליך, עפענטליך; דער מוז זיין אָדער ניצליך אָדער שעדליך, און קען, דאַרף און מוז געשאַצט ווערען... אמת דאָס אָבשאַצען, געהער צום ריכטער, אָנקלאָגען צום פּראָקוראָר, מסר'ן צום שפּיצעל און דאָס אויפהענגען צום תלין... זענען טאַקי דערויף פערהאַנען ספּעציאַליסטען אין דער ליטעראַטור אויך... איינער האָט גלאַט ליעב וויוויסעקציע... מהו איהם עפּיס!

אין ווי געזאָגט, אָבער עפּעס־לעך קריטיקירט דאַרפֿן ווערן אַלע און פֿריהער פֿאַר אַלע דער שרייבער! ווער עס רעדט צום פּובליקום, געהער צום פּובליקום! דאָס פּובליקום האָט רעכט צו פֿערלאַנגען, מען זאָל פֿון צייט צו צייט אַראָבציהען דעם טלית פֿון די וואָס שטעהען ביים עמוד, ביים שלחן אין ווייזען איהם, ווער עס בעט פֿאַר איהם, ווער עס בלאָזט איהם שופר!

אַמאָל פֿלעגט מען זאָגען: קריטיקירען דאַרף מען דאָס ווערק, נישט דעם אויטאָר. היינט: דעם אויטאָר, צוליעב דעם ווערק! ווייל דאָס פּרצוף־פּנים פֿון בעהאַלטענסטען אויטאָר קריכט אַרויס אין זיין ווערק פֿון צווישען די שורות, פֿון צווישען די אותיות! ווי ער זאָל זיך נישט פֿערשטעקען, ווען אין וואָס ער זאָל נישט הייסען רעדען, וואָס ער זאָל נישט ווען לעגען אין מויל אַריין, — ער רעדט עס, זיין האַרץ זאָגט עס! און אַ וואָרט — אַ מאַן! אַ מאַן — אַ וואָרט! און דער פּאַשקוויל אויב ער איז איין אמת'ער, איז נישט מעהר, ווי אַ שליסעל צו דער רעטעניש פֿון ווערק! מעהר און ניצליכער אָבער איז דער פֿאַלשער פּאַשקוויל! דער, ווי געזאָגט, וועט ברענגען דעם לעזער דאַצו ער זאָל זיך אויסלערנען שאַצען, אַ מבין ווערען, דערקענען דעם אונטערשיעד פֿון אַ לייב אין וואַלד און אַ לייב אויף געָלדפּאַדענס סצענע אין בר־כוכבא, פֿון איין אָדלער אונטער הימעל, איין אָדלער אויף דער מטבע, אַ געמאָלטען אויפ'ן „מזרח״ און אַ פּאַפּיערענעם אויפ'ן טיש!...

ר' נחמן'קע זאָגט: די וועלט איז בעשאַפֿען געוואָרען נור צוליעב דעם ווילען און דער ווילען — צוליעב דער ברירה! אויסקלויבען, וועהלען דאַרף אַ מענש!

און צינד געהט ערשט דאָס געדיכטע:

אויב די שרייבער האָבען זיך דיפֿערענציערט, מוז זיך אויך דיפֿערענציערען דאָס „פּובליקום״, שוין צייט, עס זאָל אויפֿהערען צו עקזיסטירען דער „הייפֿען״ — לעזער! די „מאַסע״! די מענגע צייטונג־אין בראָשירען־שלינגער (ביכער זענען איים דער מאָדע אַרויס), וואָס האָבען קיין פֿיזאָגנאָמיע — קיין פּרצוף פּנים

נישט —, עפּים אַ שטיק גאַלאַרעטע! יעדע אַרט שרייבען, יעדער שרייבער אַפילו מוז האָבען זיין פּובליקום. „נ. פּ.״ — אויך!

און אויף זיין אייגען פּובליקום געשטיצט, וועט דער שרייבער בלייבען מענש!

ער דאַרף אַפילו נישט זיין פון קריסטאָל, עס זאָל איהם די געוואָרפענע בלאָטע אפילו פייכט נישט מאַכען... גענוג, ער וועט האָבען אַ מענשליך פּנים, — מיט איין וואָרט: אַ פּנים! וועל'ן, וועניגסטענס זיינע מענשען, וויסען, אַז אויפ'ן פּנים וואַקסט קיין בלאָטע נישט, אַז דאָס איז דורכגעפאָהרען אַ גביר פון דער „געלע פּרעסע״ און האָט עס מיט בלאָטע בעשפּריצט! און דער עולם זיינער וועט לויפען, דער — מיט וואַסער, יענער — מיט אַ האַנדטוך — און שטיל, גאָר אָהן פּראָטעסטען...

דאַכט זיך, אַזוי איינפאַך!

און דאָך ווילט איהר געלע און גרינע מתים זעהען? פערמאַכט די לאָדען ביי טאָג, לעשט אויס ליכט און לאָמפּען ביי נאַכט, און שלאָגט מיט אַ ריטעל אין אַ טעלער מאַגנעזיע! — אָדער, וואָס אין וואַרשוי איז לייכטער צו בעקומען — רופט צו זאַמען עטליכע ליטעראַטען און לייענט זיי פאָר אַ שטיקל „געלע פּרעסע״ — —

צי האָבען מיר קיין פּיבליקום, צי קיין מענשליך פּנים נישט?

# אַ בריוו אויס וואַרשע

קישינעוו האָט געווירקט אויף וואַרשוי ווי אַ דונער אין שענעם העלען טאָג פון שטילסטען, קלאָרסטען הימעל.

וואַרשוי איז פערציטערט געוואָרען. אויף דער בערזע, אין טעאַטער, אין צירק, אויף קאָנצערטען און אין גערטליך — פון שוהלען און גאַסען נישט צורעדען — האָט מען מעהר נישט געהערט, ווי „אמת״? „אמת״! און אין די אויגען פון דעם, וואָס האָט געפרעגט, איז פערלאָשען געוואָרען דער לעצטער פונק פון דער לעצטער האָפנונג, צו הערען: עס הויבט זיך נישט אָן!

דערנאָך האָבען אלע בעקימען איין תאוה, איין קרענקליכע תאוה, צו וויסען אַלץ, אַלץ, מיט'ן פּינטעלע, מיט'ן שפּרענקעלע; אויסצוטרינקען דעם סם ביז'ן לעצטען טראָפּען, און דער „קוריער וואַרשאַווסקי״ דער איינציגער ברונען, פון וועלכען וואַרשוי שעפּט אַלץ, וואָס זי ווייסט, האָט אָבער געשוויגען, געוואָלט צו געמוזט שווייגען און אֶפשר ביידע צוזאַמען...

דערווייל האָט דאָס צורודערטע וואַרשוי איהרס געטהון: אַרויסגעשיקט קיין קישינעוו 20 טויזענד רובל געלד און־צוויי יודישע רעדאַקטאָרען... געלד האָט אֶפשר וואַרשוי געקאָנט שיקען מעהר; רעדאַקטאָרען מעהר האָט זי נישט; דערווייל נישט...

דאָס געלד איז אין קישינעוו, מן הסתם, צו נוץ געקימען, די רעדאַקטאָרען אֶפשר אויך. איינעם איז גאָר בעשערט געווען צו געפינען אַיין אַלטען כתב און אָבצודרוקען אויסער קאָרעס־פאָנדענציעס. דער צווייטער האָט אָנגעפילט אַ גרויס בוך מיט זכרונות, איין אוצר אויף לאַנגע יאָהרען... נור פון דעם האָט וואַרשוי אויך אַ נוצען געהאַט: אויף דעם צווייטען, וואָס איז אייגענטליך דער ערשטער, האָט מ'ען טאַקי געוואַרט, ווי מען וואַרט אויף משיח'ן...

עס איז שוין, נישט פאַר אײך געדאַכט, געקומען צו חרפות ובושות.

דער לײטישער עולם, דער צילינדער־עולם, די מזרח־וואַנד פון דער „דײטשער־שוהל״, די נעהנטסטע קרובים פון אַזױנע גרױסע און הױכע לײט, וואָס דערזעהן שוין נישט קישינעװ, אַפילו די כנסת ישראל נישט... אַזױנע וואָס רעכטען זיך הײנט מאָרגען אַפילו אױפצוהערען צו צאָהלען עטאַט און בעגגיגען זיך מיט אַלע פּאָדאַטקעס — די אַלע האָבען פלוצלונג דערפיהלט, אַז זײ האָבען בעקומען זײערס אײן אײגען עגמת־נפש, אײן אײגענע שרעק, אײן אײגענע לעבענס־פראַגע, איבער וועלכע דער „קוריער וואַרשאַווסקי״ וועט נישט ענטפערן... פון וועלכער ער וועט נישט רעדען, און אײב יאָ, וועט דאָס האַרץ וועה טהון הערענדיג...

נור וואו ווערט מען עס געוואָהר?

אַ טהײל האָבען זיך בסוד סודות געהאַפּט צו די „נאָוואָסטי״; אַנדערע, וואָס האָבען אַ מאָל אין אַ חדר געלערנט, האָבען מיט אַ פערבלוטיגט האַרץ און פערביסענע ליפען בעלעגערט דעם יודישען צײטונגס־טרעגער אין גאַס... מען חאַפּט די „הצפירה״, אַ הײמישעס בלאַט, אַנדערע, וואָס ווילען ביליגער מיט אַ קאָפּיקע, שטרעקען אױס די האַנד נאָכען „הצופה״, נאָך אַנדערע, וואָס האָבען וועניגער געלערנט אָדער מעהר פערגעסען, פאַלען, — לא־עליכם — מיט נאָך אַ שטאַפּעל טיעפער און ציהען אַרױס דעם „פרײנד״...

און מען לױפט, און מען לױפט מיט אַ צאַפּעלדיג האַרץ אַ הײם, און מען פערשליעסט זיך בחדרי חדרים און מען לעזט. און ווער עס האָט קײן חדרי חדרים נישט, און ציטערט פאַר׳ן ווײב, און שעמט זיך פאַר דער באָנע, צו פאַר דער דיענסט, חאַפּט דאָס בלאַט מיט זיך אין גאָרטען אַרײן, פערשלאָגט זיך אין אײן אָבגעלעגען ווינקעלע און טרינקט דעם סם... אָדער שפּרינגט אַרײן אין טראַמוױ און לאָזט זיך פיהרען קײן פראַגע, אױפ׳ן וועג טרעפען זײנע אױגען די הײמישע ווײקסעל און ער דערקענט זי נישט, עפּיס איז זי איהם אַנדערש, וועניגער הײמ׳ש.

ווי עס איז, מען לעבט. די האַנד, וואָס האַלט דאָך

בלאַט, ציטערט; די אויגען, וואָס קוקען אַריין און האָבען מורא איין אות צו פערליערען פינטלען. און ווייסע ליפען ציטערן: באָזשיע, באָזשיע!

און מיט'ן האַפט מען אַרויס דעם זייגער. מען וואַרפט איין אויג אויף די דאַטע פון אָנהויב בלאַט, צי האָט מען קיין טעות נישט אין דער צייט! איין אַנדערע בייסט זיך אַריין אין דער ליפ — צי עס איז קיין בייזער חלום נישט...

נור זאַט דערפון איז מען נישט געוואָרען...

מען פיהלט, אַז עס מוז זיין מעהר! אַז עס איז פערהאַן אַ זיפ, וואָס לאָזט נור דורך דאָס שיטערע, דאָס נעדיכטע פערהאַלט זי ביי זיך... זאָל דער רעדאַקטאָר קומען, דער אָמת'ער רעדאַקטאָר!..

און, איידער ער קומט, פערגיט מען איהם אַלע זינד געגען די אַסמילאַציע, געגען „איזראַעליט", געגען די דייטשע שוהל וכדומה, זאָל ער קומען, זאָל ער נאָר דערצעהלען...

ווי געזאָגט: נעהאָפט ווי אויף משיח'ן...

און דער משיח האָט נישט געלאָזט לאַנג אויף זיך וואַרטען.

ער איז געקומען און האָט גערעדט.

אַ נייער ירמיהו, אַ נייער חורבן. אַ שפּאָגעל־נייע איכה...

אַ נייער שבט־מוסר, מיט אַ נייעם ברענענדיגען גיהינם!

פערטריקענטע הערצער הויבען אָן בלוטיגען... נאָט ווייסט, אין וועלכען אַש ווינקעלע עס האָט זיך געוואַלגערט אַ פונק יודישקייט, און עס האָט אייפגעפלאַקערט און צו פלאַקערט זיך דורך די אויגען אַרויס... האָהר אויפ'ן קאָפּ שטעלען זיך קאַפּויער, שטייף־געוואַקסענע, הויך־געהויבענע וואָנסען ציטערן זיך און פאַלען אַראָב און פאַרשטעלען די פערציטערטע ליפען... איבער בלאַנשיערטע דאַמענפּנימער ציהען זיך גאַנצע שנירליך שוואַרצליכע פערל פון די אַרומגערענדערטע אויגען אַרויס...

און דער אָטהעם שטאָקט. הערצער שטאָקען און בלייבען שטיל! — —

די קינה האָט זיך געענדיגט און זי קלינגט נאָך אין דער לופט... און טרויריג, ווי מיט שטילע פליגעל קלאַפּט זי און שלאָגט זיך נאָך אַרום ביי די ווענד, בעריהרט דערשראָקען די פּאָרטרעטען פון פוילישע מלכים, שווייצאַרישע בערג, רהייןגעגענדען און אַנדערע קונסטווערק — —

און פּלוצלונג האָט די וואַרשויער פערזאַמעלטע כנסת־ישראל אויפגעהויבען דעם קאָפּ, און פון אַלע געעפענטע מיילער איז אַרויס איין געבריל:

— אַ וו ע ק מיט׳ן „קוריער־וואַרשאַווסקי״!

---

און דער „קוריער וואַרשאַווסקי״ האָט זיך דערשראָקען...

און דאָס איז געווען שוין דער דריטער באָיקאָט.

דער ערשטער איז געווען אויף אַ געוויסען סאָרט טהיי, דער צווייטער געגען אַ געוויסע פאַבריק פון פּאַפּיראָסען, דער דריטער ערשט אויפ׳ן „קוריער וואַרשאַווסקי״...

און אַלע דריי באָיקאָטען האָבען אַזוי לאַנג געדויערט און אַזוי פיעל געווירקט, וויפיעל אַלע פוילישע באָיקאָטען געגען דייטשע סחורות...

דער „קוריער־וואַרשאַווסקי״ האָט זיך אַליין געהאָלפען...

פּלוצלונג, אין אַ שענעם העלען זומער טאָג, האָט ער אָבגעדרוקט דעם קראַנשטאַטער כהן־גדול׳ס ווערטער... אַ ביסעל האָט ער זיך פערשפּעטיגט דאָך „בעסער שפּעט איידער קיינמאָל נישט״... דערנאָך, אַז עס איז פאָרגעקומען אין דער וואַרשויער סורעבנאַיאַ פּאַלאַטאַ דער פּראָצעס פון טשענסטעחאָווער פּאָגראָם, און אַ טהייל אַדוואָקאַטען האָט פערטיידיגט די פערמשפּטע דערמיט, אַז אין פוילין איז קיין אַנטיסעמיטיזם נישט פאַרהאַן, נור, אַז מען האָט געהערט, ווי מען האָט געשלאָגען אַ פויערישע דאַמע, האָט דער ריצאַרסקי האָנער פערלאַנגט, מען זאָל אויסהאַקען עטליכע יודישע שויבען פון די פענסטער און צייהן פון די מיילער, בשעת ווען דער צווייטער טהייל אַדוואָקאַטען האָט געזאָגט: לא כי! געווען אַנטיסעמיטיזם און עס וועט זיין, און עס

מוז זיין ווייל די יורען שווינדלען, ראַבעיען, נאָגען איים דאָס פאָלק, ביז עס ווערט פערביטערט און שלאָגט — האָט דער „קיריער וואַרשאַוויסקי" אָבגעדרוקט נור די ערשטע ריידען. געגאָסען ניר דאָס זיס־וויינינגע שלאָף־געטראַנק און פון דער רעשט אַ קלוגען שוויינג געמאַכט.

ווי איהר זעהט, האָט זיך דער „קוריער־וואַרשאַווסקי" אַליין אָנגענומען ביי די אויערען און אַרויסגעצויגען פון דער בלאָטע... בנוגע צו טהיי און פאַפּיראָסען האָט שוין געמיזט אַרויסטרעטען דאָס וואַרשויער ראַבינאַט!

אַלץ רוקט זיך, די רבנים אויך!

אַמאָל איז אַ רב געווען כמעט סאַמע רוחניות... איך זאָג „כמעט", ווייל די רביצין האָט פון רח״ש צי פון די הייזעען דאָך אַמאָל אָבגעקאָכט אַ וויעצערע און דעם רב'ס גוף האָט אייך געמיזט אַ ביסעל וואַקסען... און גאָר אין גאַנצען אין הימעל אַריין האָט גלאַט אַ רב נישט געקענט, ווייל באַלד איז געקומען אַ בעהעלפער און אַראָבגעצויגען דעם רב ביי דער פאָלע, צי דער פיפּיק איז כשר... אָבער אין גאַס אַריין איז אַ רב נישט געקומען. ערשטענס, איז אין גאַס אַ בלאָטע און פוילישע רבנים האָבען געהאַט אַ מאָנאָפּאָל, אַ חוץ אויף די כשר'ע הייזען, נאָך אויף באָרוויס־געהען אויך... און גלאַט, ווי קומט מען עס גאָר אַריין, נישט קענענדיג קיין צורת מטבע?..

מיט דער צייט איז אַלץ אַנדערש געוואָרען... היינטיגע רבנים זענען וועלט־מענשען... לויפען אַרום אין די „סאָנדים" אָבגעהמען שבועית און האַקען אין רוסישען אַריין ווי אין אַ קרויט... קאָרעספּאָנדירען מיט אויסלענדישע רבנים, צי מען קען נישט אַמאָל אַסר'ן טהייל סערדינקעס וועגען אַ חשש פון חזיר־שמאַלץ, און מתיר זיין אַנדערע וואָס ווילען האָבען אַ הכשר מיט איין השגחה פרטית... וועגען פיטער פון גראָז מוז מען שואל בעצה זיין ביי אַ העמיקער... און אַז עס ווערט אַ סכסוך וועגען פסח'דיגען טהיי און — אַ מחלוקת פון אַ סכסוך, קומט מען מיט די שאלות והתשובות אַפילו אין די צייטונגען אַריין אייך... שווימט מען אַרום אין בלעטער. און נישט מיט „ש״י כתב, וואו

און אַזוי ווי די רבנים פלעגען שרייבען וועגען עג־נות און עבור־יאָהרען, נור טאַקי אויף דער פירטער זייט צווישען די מודעות און מיט גרויסע, געוואַלט שרייענדיגע מרובע־אותיות, גלייך מיט „מאָנאַ־וואַנאַ"־פּאַפּיראָסען, שמעקענדיגע שטורקאַצען, קאָליערטע ראַקעטען, אָדער מודעות וועגען באָנים און דיענסטען וכדומה...

היינט מוזען זיי זיך נאָך אַריינמישען אין באָיקאָטען...

און זיי האָבען זיך אַריינגעמישט, און אויך אַרויסגעלאָזט אַ מודעה וועגען מחילה און גוטסקייט, און ליעבשאַפט, און זיי, דאָס בין איך אַיך ערב, וועלען קיין חרטה נ י ש ט האָבען...

2.

פייל פון בויגען איז אַריבער אַל־דאָס־גוטס...

עס איז אַריבער דער זומער מיט זומער־וואָהנונגען, מיט טיעפע, שטילע און קלאָרע אָוועגדען, מיט גרינע וועלדער, גאָלדענע פעלדער... חאָטש פרעמדע!

פערקלונגען זענען אויך די ווייכע האַרציגע סיני־נגונים, די שטאָהל־און־אַייזערנע פיוטים, דאָס הייליגע שופר־בלאָזען, צוזאַמען מיט'ן האָניג און מיט די זיסע מעהרען אין סוכה...

און הושענא־רבה איז אויך פערביי... מען וועט ווייטער שמייסען, ניר שוין ניט מ י ר, און נישט מיט ה ו ש ע נ א'ס און נישט אויפ'ן ה י ל צ ע ר נ ע ם ש ט ע נ ד ע ר... אויב מען וועט שמייסען, וועט ווירקליך בלוט רינען!

און דאָס הושענא־רבה־קוויטעל האָט מען אין קעשענע, נור לעזען קען מען עס נ י ש ט. אויף הימעל־פּאַפּיער מלאכים־כתב! מי ינוח ומי ינוע? ווער וועט זיין אַ נעשלאָגענער, ווער אַיין אַנטלאָפענער? ווער אַ פערברענטער, ווער נור אַיין אָבגע־ברענטער? און ווער וועט זאַמלען נדבות: איך פאַר יענעם, יענער פאַר מיר?... און מיט אַ פערקלעמט האַרץ וואַרפט מען אַ זייטיגען בליק אויף ווייב און טאָכטער...

און ווייט, ווייט איז צו אַלעם גוטען!

ווייט איז דער הימעל, ווייט — פּאַלעסטינאַ, ווייט איז

אַפּילו אונגאַנדאַ, וואָס שרעקט שיין פון ווייטען מיט'ן ויעקבעל־פּיעבער: אַ מענש געהט אין גאַס אין פּאַלט פּלוצים אַנידער, אין שלאָפט איין... ערגער, דאַבט זיך, ווי היישעריק... ווייט איז אַפילו צו חנוכה, צום האַלבען יום־טוב מיט דער טייערע גרויסער אָקע אין שפּאָט־ביליגער, קליינער איליומינאַציע און נאָך ביליגערע, חאָטש פּלאַס־פּייערדיגע, רעדען איבער פּאַלעסטינאַ, אונגאַנדאַ, אָדער איבער כּרום, וואָס דאַרף זיך איבערקעהרען, ועמורה, וואָס זאָל איינגעזונקען ווערען...

און די טעג ווערען וואָס אַ מאָל קירצער, טרויעריגער, פינסטער און וואָס אַמאָל אומניצליכער.

און איין אונטערגאַנג געהט אַרום אויף קינדער, איף די אָרעמע שעפּעלעך... וועניגסטענס, קריינקט מען אָהן איין אינטער־שיעד פון גלויבען, אָהן פּראָצענט...

קאַלט, טרויעריג, נאַס און איין אונטערגאַנג אויף אומ־שולדיגע קינדער, נור אַ טהייל פון דער פּוילישער פּרעסע, דער פרומער טהייל מיין איך איז גאַנץ ליסטיג און לעבעדיג!

אויף דער לאָנקע, וואו עס גראָזט דאָס אמת'ע פּיה, דאָס אמת ריינע, פרומע און כּשר'ע, איז די פּאַשע פעט אין נאָך בעשפּריצט פון נחת בלימלעך — אַ פּערשמעקעניש צו דער נאָז, אַ פרייד צו די אויגען!

נאָך לאַנג, לאַנג וועט מען ברויבען די אַנטיסעמיטישע פּרעסע! עס ווייזט זיך אויס, „אַז די וועלט פּערמאָגט 10 מיליאָן יודען אין די העלפט דערפון וואַלגערט זיך אַרום אין טשערבאַ"! 5 מיליאָן יודען וועלען געוויס זיך אַזוי גיך נישט איינטייפען, נישט אַזוי גיך אַסימילירען... מען וועט זיי אַזוי לייכט נישט פּערדויען... הכּלל — געשעפט בלייבט געשעפט! ווי עס איז, פּעראומערן דאָס לעבען וועט מען זיי שוין!

„און די אינטענדאַנטסטוואָ, לעבען זאָל זי, האָט אָנגעהויבען קייפען פּיראָזש דירעקט ביי די פּריצים; יודישע פּאָדריאַדטשיקעס און פּאַקטוירים וועט מען שוין, גאָט זיי דאַנק, פּטור ווערען"! כּדי אָבער די יודעלעך זאָלען ניט שווינדלען, אין אונטערשטעלען פּריצים אַלס פּערקויפער פּאַר זייער תּבואה, „פּערלאַנגט די קלוגע

אינטענדאַנטסטוואָ פֿין יעדען, וואָס שטעלט צו אַ פּאַרטיע פּוראַזש, אַ בעוויַיז, אַז די תּביאה איז אויף זיין אייגען פעלד געוואַקסען״!
מען דאַרף נישט די תּבואה זאָל זיין מיט אייגענע הענד געזייט און געשניטען; גענוג דאָס פעלד זאָל זיין אייגען. און אויף רעליגיאָן פרעגט אייגענטליך די אינטענדאַנטסטוואָ נישט, דאָס ברויך זי נישט... גוטבעזיצער יודישע איז פאַרהאַן ווייניג (אַז מען דאַרף, שרייט מען, אַז צו פיעל), אַרענדאַטאָרס אפשר מעהר, זיי הויבען אָבער אויך שוין אָן צו פאַלען אין דער צאָהל: דער גרעסטער גוטבעזיצער, דער גראַף זאַמאָיסקי, וואָס האָט ביז אַהער, לויט מען פלעגט שרייבען, ליעב געהאַט, אויסער פערד און שאַנסאָנעטקעס, נאָך יודישע אַרענדאַטאָרס אין זיינע פאָל-וואַרקען, און פאַר דאָס פיינט געהאַט גלחים און קלויסטער, איז היינט, גאָט זיי דאַנק, אַ בעל תּשובה געוואָרען. די קלויסטער, וואָס ליגען אין די גרעניצען פֿין זיינע שטעדט און פאָלוואַרקען, ווערען פעריכט און פיין-געשטעלט אויף זיין איינענעם חשבון. גלחים ווערען צו יעדער צייט פיין אויפגענומען, מיט אַלערליי כבודים... דערפאַר אָבער, וואו עס ענדיגט זיך אַ יודישער קאָנטראַקט, היידאַ, געהט שוין אויף זיין אָרט אַריין אַ קריסט! נאָך 10 פאָלוואַרקען און 22 מיהלען זענען אין יודישע הענד, נישט אויף לאַנג: אויסגעלעזט מוז ווערען די ערד! איהר זעהט? אומעטום די זעלבע אידעאַלען — גאולת הארץ!

און נישט די ערד אַליין דאַרף אויסגעלעזט ווערען, דער האַנדעל אויך! דער אַמאָליגער, נאַרישער פריץ האָט זיך גע-שעמט מיט׳ן האַנדעל (אויסער׳ן האַנדעל מיט אונטערגעפעלשטע פערד), היינט קומט דאָס דאָרף אין שטאָדט אַריין און צושפּרייט מיט די הענד, און שטופט אַרום דעם איבריגען, דעם פרעמדען... אויף די נאַלעווקעס, פאַר׳ן אַייזערנעם טויער, אויפ׳ן גרזיבאָוו אפילו, מעהרט זיך די צאָהל פון ריין-קריסטליכע גע-שעפטען און אַפילו דאָס געלד-געשעפט האָט אויך אויפגעהערט צו זיין אַ מאָנאָפּאָל אין יודישע הענד. מיר פערמאָגען שוין עטליכע קריסטליכע באַנק-הייזער, אַצונד האָט זיך נאָך איינס

געעפּענט: בראָסקאָ עט קאָמפּ... אַ פיין חנוכת הבית געווען, עבּט עהרליך און פרום...

און דאָך איז דאָס אַרויסצושטופּען, איבער דער גרעניץ אַריבערצוּוואַרפען נישט אַזוי לייכט. די יודישע עמיגראַציע וואַקסט אפילו פון טאָג צו טאָג, אָבער דאָך נישט אַזוי געשווינד, ווי דאָס דאָרפישע פרומע האַרץ פערלאַנגט עס! און די דאָרפישע עלענבוינגען בוינגען זיך אַמאָל איין, נישט אויס... בעסער וואָלט געווען עס זאָל בטל ווערען די „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי", יודען זאָלען זיך צושיטען אויף גאַנץ רוסלאַנד, ציזוייט און צושפּרייט זאָלען זיי ווערען... אומעטים זאָלען זיי זיין, נור אין ערגעץ נישט די מעהרהייט, אין ערגעץ נישט קיין קראַפט... וואָס ווענינגער יודען אויף איין אָרט, איז געזינטער!...

עס איז דאָך נישט אַזוי לייכט — קרעכצט מען — פון יודען פּטור צו ווערען. פאַרהאַן אַ קאַפּעלע אין פילהאַרמאָניע, מיזען זיין, אויסער דייטשע אין פראַנצייזישע, אויך יודישע כלי-זמר! געמאַכט אַ אויסשטעלונג איף צעלניק — יודעלע מוז אַריין מיט זיין סחורה! און אין פּאַביאַניצע, אין אַ שטאָדט, וואו דער אַנטיסעמיטיזם וואַקסט ווי אויף הייוועין און ציהט זיך ווי אַ שטריק איפּ'ן יודישען האַלז, וואו מען האָט שוין אַ ריין-קריסטליכע קרעדיט-געזעלשאַפט, אין מען עפענט נאָך אַ צעלניק-קראָם: „יערנאָשטש", פערשטעהט זיך, אַ ריין-קריסטליכע קראָם, — געהט זיך פון רעסטויוענען אַ יודעל און בויט זיך אַ דריי-שטאָקיג הויז, גלייך ער וואָלט נאָר אויף משיח'ן נישט גע-וואַרט. גלייך ער רעכענט, אַז זיינע אייניקלעך נאָך וועלען דאָ פערפעסטען די לופט מיט ציבעלעס און קנאָבעל!

און נישט אַזוי ווייט שילדריג איז די האַק, וואָס האַקט אויס די ביימער, ווי דער וואַלד אַליין, וואָס גיט די שטיל צו דער האַק! אין וואַרשוי איז פאַרהאַן אַ יודישע געווערב-שיל, לער-נען קריסטליכע מייסטערס די יודישע קינדער אַרבייטען! און אין פּאַביאַניצע, ווער בויט דאָס יודישע הויז? פערשטעהט זיך, די קריסטליכע מילאַריעס! און וואָס קומט אַרויס דערפון? מען

לאָזט דעם יוד וואַקסען, און מען פערליערט דערביי די וועלט און יענע וועלט! ווייל אַזוי דער קריסטליכער מייסטער אין דער יודישער געווערב־שול אין וואַרשוי, ווי דער מוליאַר, וואָס בויט אין פּאַביאַניצע דאָס יודישע הויז, מוזען האַלטען שבת! און ווייטער דאָס אייגענע: די זעלבע אידעאַלען — „גוי ששבת" איז ביי זיי אויך סכנת נפשות...

צווישען די קליינע, נאַרישע העצערייען געפינט זיך אָבער אויך עפּעס וויכטיגס: ווי, למשל, די פראַגע פון שחיטה...

פאַרהאַן אין וואַרשוי, ווי אומעטום, אַ חברה „צער בעלי־חיים", וואָס ווייסט שוין נישט, וואָס מיט זיך צו טהון... אַרומלויפען אין גאַס און חאַפּען דראָשקאַרעס, וואָס שמייסען צו שטאַרק די פערד, אָדער שפּאַנען איין קראַנקע פערד, אָדער איבערלאַסטען די פערד, ווילט זיך נישט... דאָס טהוט יעדער סטראַזשניק! אין דאָרף, מיט'ן פויער אָנצוהויבען, איז נאָך געפערליך, מען קען לייזען אַ גוט וואָרט אונטערגעשפּאַרט מיט אַ זעץ אין פּלייצע... וואַרפט זיך, נעבעך, די חברה ווי אַ שלאַנג, מען מוז דאָך האָבען עפּיס צו טהון, מען מוז שאַפען מאַטעריאַל, צום פערשרייבען אין די יעהרליכע חשבונות וואָס געהען אין די הויכע פענסטער און וואָס דאַרף איבערגעהן צו דער געשיכטע!... געהט זי, נעבעך, די חברה און נעמט, למשל, אויף זיך די הונדשלעגעריי אין די גאַסען, דאָס אָברייניגען די גאַסען און אַרויספיהרען די נבלות פון געפגרטע הינד און קעץ... איז נאָך ווייניג, נעמט זי זיך אַצונד נאָך צו שחיטה. שחיטה, זאָגט די חברה, איז איין עולה! קיילען מוז מען, נישט שחטען! אין שחט — בעסער געזאָגט: אין קייל־הויז פאַלען נישט דערשלאָגענע אָקסען, נאָך פאַר יציאת נשמה ציהט מען פון זיי אַראָב די הויט.

נור מיט די העקער־יונגען וויל די חברה נישט אָנהויבען; מיט יודען איז לייכטער, אויך האָט מען דאָ אַ גרייטע ליטעראַטור. ווייניג האָט מען געגען שחיטה געשריבען? מען דאַרף נור איבערזעצען און פאָרשטעלען וואו מען דאַרף...

וואָס מען האָט פּאַר שחיטה געשריבען, האָט אַפילו דער הויך־געלעהרטער „פּשעגלאָנד־טיגאָדניאָווי" נישט געלעזען! און

דעריבער פרעהט ער זיך אַזוי, וואָס די חברה צער בעלי חיים נעמט זיך צו אַזאַ ניצליכע זאַך, ווי מבטל זיין שחיטה.

„ערשטענס, איז אַ י ד ו ע ל כ ל — שרייבט ער — אַז שחיטה איז נישט מענשליך״. די מענשליכקייט פערלאַנגט: קיילען! אַ האַק אין קאָפּ אַריין, איז איינער צו וועניג — נאָך אַ זעץ... ביז צום דריטען און פיערטען מאָל... די הויט דערווייל מעג מען שינדען...

צווייטענס, האַלט דער „פּשעגלאָנד״ זעהר פון די אויס־לענדישע פרייע לענדער אין אַז מען האָט אין דער שווייץ גע־אַסרט שחיטה, קען ער איהר קיין גיטער פריינד נישט זיין!

און יודען — זאָגט ער — וועט מען אויך דערמיט קיין רעה נישט טהון, צי טרפית איז זיך זעהר לייכט צו צוגעוועהנען, אַ והא ראיה: אין דער שווייץ האָט מען זיך שוין צוגעוועהנט! איסער, נאַטירליך, די זעהר פרומע נאַראָנים, וואָס ברענגען זיך פלייש פון עסטרייך...

„דערפאַר — שרייבט ווייטער דער „פּשעגלאָנד״ — וואָלט רעגירונג געוואָרען דער האַנדעל מיט'ן פּיה״. וואָס פעהלט דעם האַנדעל מיט פּיה און ווי אַזוי מען קען איהם העלפען? שרייבט ער נישט. נור — אַז ער זאָגט, זאָגט ער... טרויעריג איז אָבער, וואָס די היינטיגע רעגירונג וועט נישט אָנרירען קיין רעליגיעזען געברויך.

צי איז ווירקליך די גאַנצע געזעלשאַפט דורך און דורך פערסמט מיט'ן נאַרישסטען האַס צו יודען? ווער ווייסט? אָפּשר שווייגען נור די גוטע?

## 3.

קיין סך נגונים האָט קיין שאַרמאַנקע נישט. און געהט יעצט דאָס לידעל „גוי ששבת״, וועט עס געהן אין געהן ציום דול ווערען.

שציעפּאַנאָוו איז אַ דאָרף. אַז שציעפּאַנאָוו איז אַ דאָרף, האָט עס אַ פּריץ, האָט דער פּריץ — אַ ווינד־מיהל, דינגט די

ווינט־מיהל אַ יוד, שטעהט די ווינד־מיהל שבת, דרעהט זי זיך זונטאָג!

און שציעפּאַנאָוו איז נישט אין אֶרץ ישראל, נישט אין אוגאַנדאַ; אַפילו נישט אין ענגלאַנד, וואו מען חלש'ט אַ יוד צו פערזאָרגען, אַפילו ניט אין פראַנקרייך, וואו מען יאָגט די היילינע שוואַרצע מענשעליך און עס האַלט כמעט ביי פערמאַכען די קלויסטער. שציעפּאַנאָוו איז אַ דאָרף אונטער לאָמזשאַ, לאָמזשאַ איז אַ שטאָדט אין פוילין, וואו עס הערשען די „ראָלאַ", און די „קראָניקאָ ראָדזינאַ" און דער „פּשעגלאָנד קאַטאָליצקי", און די „ניוואַ פּאָלסקאַ", וכדומה...

פאַר וואָס דרעהען זיך די פליגעל פון דער קאַטוילישער ווינד־מיהל אויף דער קאַטוילישער ערד אים זונטאָג און שטעהען שבת? ווייל די קאַטוילישע ווינד־מיהל אויף דער קאַטוילישער ערד האַלט אַ יוד. פאַר וואָס האַלט זי אַ יוד? ווייל ער האָט געגעבען אַ רובל שבירות מעהר. פאַר וואָס האָט ער געגעבען אַ רובל מעהר? צי ווייל ער האָט דעם פריץ ליעבער? אַ קלאָג איז דער ליעבשאַפט! ווען זיי זאָלען ליעב האָבען דעם פריץ, וואָלטען זיי נישט געערדט פון פּאַלעסטינאַ. אפשר ווייל אַ יוד דאַרף וועניגער און וויל וועניגער פערדינען? חס ושלום. אַ יוד דאַרף מעהר! רעכענט: געפילטע פיש אויף שבת, ווייסע ח"ה אויף יום־טוב, אויף פּורים — מיט זאַפרען, חדרים פאַר קינדער, מקואות פאַר ווייבער, היינט — קהילה־געלד פאַר שוחטים און רבנים אין דער נאָהנטער שטאָדט אַריין, שקל־געלד פאַר'ן ד"ר הערצל קיין וויען, אינטערצושטיצען די האַקאַטע אין בערלין... אלא מאי? טאַקי להכעיס! נישט מעהר ווי להכעיס דעם קלויסטער! דאָס גרעסטע נחת האָט אַ יוד, אַז ער זעהט, ווי אַ קאַטוילישע ווינד־מיהל דרעהט זיך אום זונטאָג און שטעהט אין זיין הייליגען שבת...

דאָס זעלבע איז מיט דער שמידערייי פון זעלבען פריץ, אין זעלבען דאָרף. ווי קומט אַ יוד צו אַ שמידערייי? זינט דער רבונו של עולם האָט פערשאָלטען אָדם הראשון אין זיינע קינדער מיט דער אַרבייט, בעמיהט זיך דער יוד אַלץ אינאייגעם

די גאַנצע קללה זאָל פאַלן אויף גוי׳שע קעפּ און ער זאָל אַוועק־קויפן דאָס גאַנצע ביסל נאַפט אין באַקו אָדער האַנדל־ען מיט אַלטע הייזער. עשו האָט געאַרבעט אויף דער בכורה, יעקב האָט זי אויסגענאַרט פאַר אַ ביסל אַרבעס. פון מצרים, וואו מען האָט געמוזט אַרבעטן, איז מען אַנטלאָפן אין מדבר אַריין, וואו מען קריגט, אָן אַ שיעור פון אַרבעט, מן און שלו פון הימל און וואַסער פון שטיין. אין ארץ ישראל האָבן געאַרבעט די פלשתים מיט גבעונים און יודעלעך האָבן זיך געשפּאַצירט „עולי־רגל״... דערנאָך איז זיי דאָס אויך נמאס געוואָרן, און איבערגעקויפט טיטוס׳ן, ער זאָל זיי פאַרטרייבן, ער זאָל הרב מאַכן דאָס בית המקדש, וואָס האָט פאַרלאַנגט קרבנות, מיט׳ן לאַנד, וואָס האָט פאַרלאַנגט אַרבעט, און פאַר־שפּרייטן די יודעלעך צווישן די אומות העולם, זיי זאָלן האָבן לייכטע פּרנסות — נאַפט אין באַקו, אַלטע הויזן, פאַלשע לאָזן וכדומה... נור אַז דאָס „בית־המדרש״ וויל להבעים טהון דעם קלויסטער, געהט אַ יוד און שטעלט זיך אפילו פאַר אַ קאַפּיטאַל! פאַרשוואַרצט ער זיך די אַרבעל אין קאָוועט דעם פריץ׳ס פערד, פאַרשטעהט זיך אום זונטאָג, וואָרום אַ גאַנצע וואָך האָבן דאָס פערד ווי דער פאַרנאַל קיין צייט ניט!...

און זונטאָג, די גלאָק קלינגט אין דער יודישער האַמער קלינגט אינ׳ם גלאָק אַריין! אָבער שבת — חס־ושלום! שבת שטעהט די קוזניע אין שציעפּאַנאָוו, פּינקט ווי אין באָגושיצע, אין ווירזשעשטש, און גאָט ווייסט וואו נאָך עס אַרבעטן יודישע קאָוואַליעס — פערהאַמערט, האַטיש האַק און בראָק, האָטש ברען און בראָט, שבת אַרבעט ער נישט!

און פערקעהרט, וואו מען קען שאָדן אַ קריסט מיט חלול־שבת, איז מען מחלל שבת. דער רב בלומר׳שט בייזערט זיך, קהל שרייט דאָס איז אָבער נור לפנים; מען מיינט עס ניט ערנסט. פערקעהרט, מען ווייסט, אַז אַנדערש וועט דער יודישער מסחר, געגען דעם קריסטליכען, קיין קיום נישט האָבן!

אַז מען האָט פאַלשע מאָס און וואָג, שלעכטע סחורה און

הויבט פרייזען, מוז מען שפעקולירען אויף דער צייט, אויף די טעג, ווען די קריסטליכע געוועלבער און קראָמען זענען גע־שלאָסען. און ערשט ניט לאַנג, — ווייסט די „ניוואַ פּאָלסקאַ״ — האָט זיך אָבגעשפּיעלט אויף דער מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס אַזאַ מין קאָמעדיע:

צו אַ כּלומר׳שט גאַנץ אָרענטליך יודעל, וואָס האַלט אָפען דאָס געוועלב אום שבת, זענען אַריינגעקומען דריי כּלומר׳שט גאַנץ אָרענטליכע יודען פון גאַס און האָבען זיך איהם געבויגען און געניינגט מיט אַ שענעם „גוט מאָרגען!״, און אַזוי געזאָגט: „ר׳ יוד, נאָך וואָס פערזינדיגט איהר אייער נשמה און האַנדעלט אין הייליגען שבת? צי איז אייער נשמה אַ וויסקראָביק פון אַ פרעמדער מולטער און איז נישט געשטאַנען ביי׳ם באַרג סיני און נישט געהערט, אַז זעקס טאָג האָט גאָט געאַרבייט און בעשאַפען די וועלט, און דעם זיבענטען טאָג האָט ער גערוהט?״

דערויף האָט זיך דער כּלומר׳שט שענער יוד, וואָס האַלט אָפען דאָס געוועלב אום שבת, צוריק געניינגט אין מיט אַ שענעם „גוט יאָהר״ צוריק געבויגען, און גענטפערט און אַזוי געזאָגט: „רבותים, נעמט די פיס אויף די פּלייצעס און געהט צו אַל׳די שוואַרצע יאָהר״... און אַזוי זאָגענדיג האָט ער גאָר פריינדליך געשמייכעלט.

אין די דריי כּלומר׳שט אָרענטליכע יודען זענען אַרויס־געגאַנגען פון קראָם און האָבען אויך געשמייכעלט, און איינער צום צווייטען האָט געוואונקען מיט נחת: יוצא געווען געגען גאָט און געגען קהל — ער וויל נישט, און אַז ער וויל נישט, קענען מיר אויך ניט וועלען...

און פיעל, פיעל יודישע געוועלבער לייזען אום שבת אין דעריבער מוזען די קריסטליכע סוחרים האַלטען אָפען די קראָם אום זונטאָג!...

נעביך!

און פון דעסטוועגען הויבט זיך דער קריסטליכער מסחר. אָט דער זייפענ־זיעדער פון וואָלסקאַ גאַס נומער 13. די „ראָלאַ״ ווייסט, וואָס יודען קאָנקורענטען האָבען אויסגעאַרבייט אונטער־

ציבריינגען דעם קאַטילישען זייף. עס איז זיי אָבער נישט געראָטען... דער זייפענ־זיערער וואַקסט און וואַקסט און שטעלט שוין צו זייף אין די שפּיטעלער אַריין...

דערפאַר אָבער וואַקסען ביי אונז אַנדערע פּרנסות. אַ מאָל פלעגט מען זיך דרעהען אַרום דער באַנק און — לעבען דערפון, האָט מען עס פערזויערט. מען פלעגט האָבען שענקען, אייף יעדען ווינקעלע אַ שענק — מאַכט זיך אַ מאַנאָפּאָל! מען פלעגט האַנדלען מיט פּראָצענט, היינט, אויסער בסיד סודות — הם ושלום, מען זעצט איין! יודישע זייפענ־זידעריי וועט אייך פאַלען, וואָלסקאַ נומר 13 וועט זי אודאי איינשלינגען... זיין ליבער נאָמען שיקט אָבער די רפואה פאַר דער מכה: אייפ'ן אָרט פון דעם אַלעם וואַקסט די ליטעראַטור!

אַ גאַסט איז ביי מיר געווען, אַ ווייטער קרוב, לא עליכם, איין אָרימאַן.

— איך בין אייך געקומען בעטען אויף אַ חתונה...

ער מאַכט חתונה די זיבענטע טאָכטער. נדן האָט ער שוין בעלעגט, חתונה־קליידער — געמאַכט, די „פּאַפּירען" וועגען פאַרטיג, די סאַליע אין כלי־זמר געדינגען, ניר אויף אַ סעודה פעהלט איהם. חאָטש עטליכע פינט פיש...

— נעהמט איהר חאָטש, פרעג איך, איין איידעם אַ פרנסה־געבער?

— נאָך ווי הייסט, זאָגט ער, אַ פרנסה־געבער!

ער אַליין איז נאָך פון דער אַלטער וועלט, ער וואָלט געהאַט אמונה אין בטחון, ער ווייסט אַז גאָט פערלאָזט נישט.

— אָט, זאָגט ער, ווי איהר קוקט מיך אָן, לעב איך שוין אַ יאָהר 40 אָהן אַ קאָפּיקע! אין קיין פאַך אין דער האַנד האָב איך אויך נישט, איהר ווייסט דאָך! און, זעהט איהר דאָך — איך לעב!

ווי אַזוי ער לעבט דאָס איז שוין איין אַנדערע שאלה...

די טאָכטער אָבער איז שוין אַ היינט־וועלטיגע, זי וויל דוקא אַ פאַרטיגען פאַרשוין, אַ פרנסה־געבער... און ער האָט איהר געפינען... עס האָט אַפילו לאַנג געדויערט, זי האָט זיך

אַ ביסעל נעעלטערט, די טאָכטער; נור געפינען, וואָס איהר
האַרץ האָט געגלוסט, האָט ער.

— וואָס איז ער, אײַער קינפטיגער איידעם? פרעג איך.

— אַ שרייבער! ענטפערט ער שטאָלץ.

— אין אַ וואַלד?

— חס ושלום... פאַר וואָס אין וואַלד? אַ קראַנקער איז
ער, חס ושלום, וואָס?

— אין שטאָדט, אין אַ געשעפט?

— אין שטאָדט, אָבער ניט אין אַ געשעפט, אַ גראָבע
זאַך וואָלט מיין טאָכטער נישט געוואָלט. זי איז אַפילו נור
אַ נייטאָרין, נור אַ איידעלעם געשמאַק האָט זי, היינטיגע
צייטען — אַ שרייבער אין אַ צייטונג איז ער!

— ווי הייסט ער?

ער זאָגט מיר אַ ווילד פרעמרען נאָמען.

— אַ פרישער טאַלאַנט?

— אָבער גאָר אַ נייער. צאַפּעלדיג פריש פון דער
נאָדעל... ער לערנט זיך נאָך צו אַ ביסעל גראַמאַטיקע מיט
אויסלעגען. נור מען שלאָגט זיך שוין איבער איהם. סאָקאָלאָוו
רייסט איהם ביי דער פאָלע צו דער ענציקלאָפּעדיע. „אַחיאָסף"
שרייט, זי קאָן איהם ניט ענדיגען דעם „לוח", „האור" וויל
איהם פאַר אַ סעקרעטאַר; זאָל זיך נור לייזען, — שרייבט מען
איהם — וועט זי איהם צאָהלען אַ רובל 40 אַ חודש, לכל הפּחות!
היינט גיט רייזען אַרויס אַ זאַמעל-בוך, וויל ער חאָטש אַ נאָוועלע.
ווי הייסט, זאָגט ער, דו ביזט אַ יונגער, מוזט דו אַרבייטען
מיט יונגע. אַ ניט, וויל ער חאָטש אַ שיר'ל, אַ פּיצעל באַדיי,
אַבי צום בעשמעלצען!... היינט דער „העולם" — 2500 רובל
האָבען זיי שוין, קוים וועלען זיי האָבען 30 טויזענד, מאַכען זיי
איהם פאַר אַ רעדאַקטאָר! גאָר פּשוט!

— און דערווייל? האַק איך איבער די גליקען.

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט: דערווייל לערנט ער צו
גראַמאַטיקע מיט אויסלעגען...

— באַ, גיט ער צו מיט אַ זיפץ, ער זאָל שוין קענען

גראַמאַטיקע מיט איסלעגען איך, וואָלט ער זיך געלאָזט אָבּ־גילטען... וואָלט איך צו איהם נישט געקומען; ער וואָלט איינגענומען די וועלט!

— און ווי אַלט איז ער? פרעג איך.

— אַ יאָהר 19.

— מען וועט איהם נאָך צונעמען צום מיליטער?

— חס ושלום, — זאָגט ער — אַ קאַליקע!

4.

דעם טאָג, ווי שען ער זאָל זיך נישט אָנהויבען, דאַרף מען ניט גלויבען. ער הויבט זיך אַמאָל אויף מיט אַ פּנים פון אַ רחמנית'דיגען מליץ־יושר, און געהט אינטער — אַל'דאָס־בייז זאָל אַזוי אונטערגעהן.

דער גרויסער דיכטער אָסיאַן האָט עס אַמאָל געזאָגט בדרך משל:

אַ יענער — האָט ער בעשריבען — האָט זיך אַמאָל אין אַ שענעם העלען פריהמאָרגען געלעגט אָבּרוהען אויפ'ן שמעקענ־דיגען גראָז, אין פרישען, גרינעם, זינגענדיגען וואַלד, אונטער אַ בוים — אַ קדמון, וואָס האָט איהם אַיינגעשלעפּערט מיט'ן זיסען נערוויש פון זיינע פרישע בלעטער, און אַיינגעפּליסט די בעסטע חלומות מיט'ן געזאַנג פון צווישען זיינע צווייגען, — ווי נור אַ מוטער קען אַיינוויגען און אַיינשלעפּערען איהר איין־איינציג קינד מיט איהר זיס־האָניגדיג וויעגען־ליעד...

נישט לאַנג האָט עס געדויערט!

דעם יענער האָט אויפגעוועקט אַ דונער! און, אַז ער האָט די אויגען געעפענט, איז ער שוין כמעט געשוואומען אין אַ טייך פון רעגען־וואַסער פון די אַרומיגע בערג...

און איז אַייך אָסיאַן וועניג, נעמט אַ מעשה פון האָמעל:

די, וואָס דאַרפען אַלץ זעהען פאָראויס, האָבען נישט די טבע הויך אַרויפצוקיקען, און האָבען נישט געזעהן דעם פּאָגראָם, חאָטש ער האָט שוין געשוועבט איבער'ן שטעדטיל אין דער

לופטען, ווי אַ גייער, וואָס קרייזעלט אַרום, אויסקוקענדיג זיין רויב פון דער הויך! נור די יודישע הערצער האָבען שוין גע־צאַפּעלט. זיי האָבען געפּיהלט, אַז עס קומט אַ צייט, ווען אַ „גשם אלהים" וועט זיין, נישט קוקענדיג אויף זיין שענקייט, אַ געפעהרליכע זאַך, און אויפוועקען קנאה־שנאה!

און וואָס דאַרף איך אַ סך ראיות? איין אַלטער פּיליסטער האָט אַמאָל געזאָגט: גלויב נישט דעם שענסטען טאָג! און פון דעמאָלט אָן געהט קיין עבטער בעל־הבית אָהן אַ רעגען־שירם נישט פון שטוב אַרויס...

איך בין אייך נור געקומען זאָגען, אַז איך אַליין האָב אויך איבערגעלעבט אַזאַ טאָג, אַ טאָג וואָס האָט זיך געעפענט ווי אַ שמאַלץ־גרוב פון נחת, און פערשלאָסען טאַקע — ווי איין אמה קבר.

און דאָס נחת האָב איך באַלד אין דער פריה נאָך אין בעט אַפילו געהאַט, דען איך בין געוועהנט דורכצוואַרפען די פּאָסט: בריעף אין צייטונגען אין בעט, און טאַקע די לעצטע האָבען מיר געבראַכט די ישועות ונחמות.

ערשטענס, האָב איך פון קיינעם קיין מאָהן־בריעף בעקו־מען. האָטש שולדיג בין איך איבער'ן קאָפּ, ווי עס פּאַסט פאַר אַ קליינעם סוחר... אָדער מיינע נושים זענען צו רייך גע־וואָרען, און עס פּאַסט זיי נישט צו מאָהנען; אָדער — צו אָרים און האָבען אויף קיין פּאָסט־געלד נישט געהאַט, אָדער זיי האָבען מיך שוין לאַנג אַרויפגעשטעלט אויף דער קאָנטאָ פון היזק און אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנד — — —

צווייטענס — איין אָנגענעהמע דעפּעשע אין „קוריער־וואַרשאַווסקי", ווי אויך אין אַנדערע, זיינע קאָנקורענטען. און נישט די דעפּעשע איז אַזוי אָנגענעהם, ווי דאָס, וואָס עס פעהלט אין דער דעפּעשע.

ביי די לעצטע וויבאָרעס אין פּויזען, האָט אַ יוד אַ אויס־קלויבען בשום אופן נישט דערלאָזט, עס זאָל אויסגעקליבען ווערען אַ פּוילישער פּרעזידענט; ער האָט זיך איינגעשפּאַרט אין וויל דוקא אַ דייטש... און אַצונד שטעלט אייך פאָר, אַז, אַ חוץ

עטליכע אָפען־אַנטיסעמיטישע בלעטער, האָט קיין איינציגער נישט פערגעסען אויסצושטרייכען דאָס יודישקייט פון די איבּ־קליבער !...

עס פאַלט מיר אויף קיין סעקונדע נישט איין, אַז די בלעטער האָבען אַזוי געטראַכט: „אויב מען פערלאַנגט, על פי דין פון אַסימילאַטאָרישען שלחן ערוך, פון יודען, ויי זאָלען נישט האָבען קיין אייגענעם פּאַטריאָטיזם נור דיקא אַ פרעמדען, מיז, געבען דעם יודיש־פּוילישען, אייך אַ יודיש־דייטשער פּאַטרי־אָטיזם עקזיסטירען, ווי אויך אַ ענגלישער פראַנצויזישער, אַמעריקאַנישער א. ד. גלייכען, היינט שוין אַ יודיש־פּאַנאַמישער פּאַטריאָטיזם אויך! און עסטרייך מיז גאָר זיין אַ פערמישעניש פון אַלערליי יודישע פּאַטריאָטיזמען. נאָך וואָס־זשע זאָלען מיר אַרויסשטעלען דעם „יוד?“ ווי געזאָגט, איז מיר דאָס גאָר נישט איינגעפאַלען! דאָס וואָלט שוין געווען צו עהרליך און צו קלוג פאַר טעגליכע גאַסען־בלעטער פון געוויסען סאָרט. זייער עהרליכ־קייט טרעט אַרויס נור געגען שטאַרקערע, וואָס לאָזען זיך נישט בייסען נור בעטען, און זייער חכמה איז אַ בלימעל, וואָס וואַקסט קיין מאָל נישט העכער פון זוים פון באַרג וואו די בהמות פּאַשען... אלא מאי? מען רעכענט זיך מיט'ן יודישען אַבאָנענט! דאָס איז אויך שוין אַ גוטע זאַך, אַ סימן, אַז מיר שטאַרקען זיך אין, לעזענדיג אַ בלבול, זאָגט מען שוין נישט: „דאָס מיינט מען יענעם, דעם מאיסען יוד, און נישט מיך, וויל, איך בין אַ שענער“! מען ווייסט שוין, אַז אַלע זענען שיין פאַר זיך און מאיס פאַר פרעמדע! אַפילו אין דער רייכשער שוהל, דערצעהלט מען, רעדט ביים „לייענען“ שטיל אָבגעריסען, וועלכע בלעטער מען זאָל שטיצען, און וועלכע עוקר מן השורש זיין... נישט וואָהר — אַ נחת?

דריטענס, איז מיר אין דער האַנד אַריינגעפאַלען איין אַנאָנימער צירקולאַר. וואָס ראָטה: מיר, יודען, זאָלען מאַכען יד אחת, און אָבזאָגען דעם „קוריער וואַרשאַווסקי“! האָטש איך ווייס פּאָזיטיוו, אַז דער „קוריער וואַרשאַווסקי“ איז נישט ערגער און נישט בעסער פאַר זיינע חברים; האָטש איך ווייס גאַנץ

זיכער, אַז דער צירקולאַר קומט נישט אַרויס פון אונזער צד, נאָר פון „קיריער וואַרשאַווסקי'ס" קאָנקורענטען, וואָס ווילען דאָס יודיש וואַסעריל זאָל געהען אויף זייער מילכעל, פרעה איך מיר דאָך! פרעמדע האַלטען אינז פאַר אַ קראַפט! מחוץ למחנה גלויבט מען אין אונזער סאָלידאַריטעט! און, ווייסען ווייס איך, אַז נישט איין גוטע זאַך האָט מען ביי אונז אַרויסגעריסען פון ד'רייסען! דער ערשטער ציוניסט, למשל, איז געווען אַ פּראָקוּ-ראָר, וואָס האָט דערצעהלט פון אָפּענע גרעניצען!

איך נעהם מיך צוריק צו די בלעטער און ווער געוואָהר, אַז די אָפּענע אַנטיסעמיטען האָבען, נישט פאַר אַיך געדאַכט, אַ גרויסען מכשול געהאַט. איין אַנדערער וואָלט שוין דעם האַלז געבראָכען, זיי, וואָס שטיצען זיך אויפ'ן פאָלק מיט'ן קלויסטער, וועלען עס אויך נישט אַזוי לייכט איבערקרענקען. און די מעשה איז אַ שענע: זאַלץ אין די אויגען איז זיי פון אייביג אויף די „גאַזעטאַ האַנדלאָוואַ", וואָס שטעקט ווי עס איז אין יודישע הענד, און חאָטש זי טרעט אַרויס גענוג שאַרף געגען ציוניזם און (יודישען, נאַטירליך!) נאַציאָנאַליזם, רעדט זי פאָרט אַמאָל אַ גוט וואָרט פאַר די „בירגער פון מאָזאַאישער קאָנפעסיאָן" און האָט נאָך גאַנץ אָפט אַ מאוס'ן ריח פון יודישער הוצפה. יודישע חוצפה האָט זי, למשל, בעוויזען ערשט נישט לאַנג, ווען עס איז גע-גאַנגען וועגען אַ פּאַטריאָטישען ביין צום אָבלעקען, דער וואַרשויער מאַגיסטראַט האָט בעקומען איין אויסלענדישע הלואה פון 33 מיליאָן אויף שטאָדט-זאַכען, האָט די פרעסע פערלאַנגט, זי זאָל זיין פאָרגעשטעלט אויף די אַסיפות וועגען די חשבונות פון דער הוצאה והכנסה. ערשטענס, איז עס כבוד, צווייטענס אַ מין שטיקל פרייהייט, דריטענס, ווי געזאָגט — אַ ביין צום אָבלעקען; נאָך אַזוינע אַסיפות דערלאַנגט מען צו פערבייסען! און פיער-טענס — וואו חשבונות, קען אַריינפאַלען טעותים, טעותים דאַרף מען פערגלעטען און פון פערגלעטען און העלפען פערגלע-טען לעבט נישט איין פובליציסט... וואָס טהוט די „גאַזעטאַ האַנדלאָוואַ"? אין סאַמע-ראָדנער היץ פון זיך מקריב זיין לטובת הכלל, טרעט זי אַרויס מיט אַ קאַלטער עצה טובה פאַר'ן

מאגיסטראט, ער זאָל זיך לאָזן חאַפּען אין דער גראָבער נעץ פון פּאַטריאָטישער חניפה, און נישט רופן די עם־הארצים צו אסיפות ווענגן זאַכן, פון וועלכע זיי האָבן קיין בעגריף נישט! פערשטעהט זיך, אַז אַלע „פּעוער־בייסער", „בראָטען דרעהער", פּאַטריאָטיזם־הענדלער און אַנטיסעמיטען, אַזוי אָפּענע, ווי בע־האַלטענע, וואָס פערקויפען די סחורה, ווי אויסלענדישע ציגאַרען בסוד סודות פון אַ בעהעלטעניש אַרויס, און גלאַטע „הויט־שינדער", וואָס לעבן האַלב דערפון, ווייל די אַנדערע העלפט נעהמט צו דער סטיליסט, אַז די אַלע זענען אַרויס פון די כלים! הונדערט נמרוד׳ס האָבן זיך געלאָזט גענען איינציגען יודישען פוקס, און די „גאַזעטאַ האַנדלאָווע" האָט זיך, — אַ וואונדערליכע זאַך! — נישט דערשראָקען. פּונקעהרט, זי האָט נאָך די העזה געהאַט אַרויסצוטרעטען מיט אַ בייז אַרטיקעל געגען די הנהגה אין שפּיטעלער...

דער שרייבער פון אַרטיקעל איז, מיט דער הנהגה אין די קראַנקען־הייזער, זעהר נישט צופריעדען. מען בעהאַנדעלט דעם קראַנקען לויט דער אַלטער מאָדע, לויט דער אַלטער פילאָזאָפיע פון איוב׳ס חברים נאָך, וואָס האָט געגלויבט, אַז יעדע קרענק איז איין אָנשיקעניש, אַ שטראָף פון גאָט, ווענינגס־טענס איין אָבקימעניש פאַר שווערע זינד.

וואָס בלייבט, ביי אַזאַ אַבערגלויבען דעם קראַנקען צו טהון? תשובה טהון, אין האַרץ אַריין זיך קלאַפּען, מוסר הערען פון גיטע און פרומע לייטס מויל, און אין איין ווענגס וידוי זאָגען, קלאַפּען זיך על־חטא און אויסשטרעקען די האַלז געגען מלאך המות׳ס חלף...

היינט — מיינט דער שרייבער — זענען אַנדערע צייטען. מיט׳ן קראַנקען האָבען מיר מיטלייד, מיר ווילען איהם היילען, שטאַרקען, אָבשוואַכען ווענינגסטענס דעם וועהטאָג, הייבען דעם הומאָר, צו־זאָגען די מרה שחורה, פרייער אין לעבעדיגער מאַכען. אין שפּיטאָל איז אָבער אַלץ פערקעהרט. אַלץ וואַרפט אויפ׳ן קראַנקען פחד און מרה שחירה. ערשטענס, איז דאָס שפּיטאָל אַ מין תפיסה, מיט „סווידאַניעס" איינמאָל אין וואָך פאַר

די נאָהענסטע קרובים. צווייטענס, איז אַלץ וואָס רינגעלט אַרום דעם קראַנקען, פער'מרה־שחורה'ט, גרוי אָדער שוואַרץ, פון דאָקטאָר ביז צום פעלדשער, פון די ווענד, ביז דער הייליגער שוועסטער אַפילו ביז'ן שוואַרצען קרייץ אין זאַל...

דאָס האָט שוין איבערגעוואויגען אַלעס! כטייטש, אַ יוד האָט די העזה אונז מוסר צו זאָגען, אַפּיקורסית צו לערנען און נאָך אַ דעה זאָגען וועגען דעם קאָליער פון קרייץ?

וואָס לאָזט זיך אָבער אויס? די אָפענע אַנטיסעמיטען האָבען אַ מכשול געהאַט. עס איז גאָר קיין יודיש אַרטיקעל נישט געווען, עס זענען געווען, ווי עס האָט זיך אויסגעוויזען, איניציאַלען — ראשי תיבות — פון איין אמת קריסטליך־פּוילישען שרייבער פון אבות־אַבותיו, אָהן אַ טראָפּען יודיש בלוט אין די אָדערן...

און פון דעם מכשול שעפּ איך אויך נחת. מען האָט גע־געוואָלט אונזער איינציג יודיש־אַסימילאַטאָרישע צייטונג ווייטער אָבקרעלען ווי אַ דבר אחר, נאַ דיר — עס איז גאָר אַ קריסט!...

נחת האָב איך געהאַט אַפילו פון „פשעגלאָנד טיגאָדניאָווי", האָטש ער האָט פון אַ קורצער צייט אָנגעהויבען ציטערן, מען זאָל איהם נישט האַלטען פאַר אַ פילאָסעמיטיש בלאַט, און דאָך געפין איך דאָרט אַ ידיעה, און וועלכער איך שמעלץ מיך, ווי אין סמעטאַנקאָווען פוטער. „די בעסטע פּוילישע דעקלאַמאַטאָרקע — שרייבט דער פּשעגלאָנד — האָבען מיר שוין פאַר עטליכע יאָהר געזאָגט, (און דער „איזראַעליט" האָט אַודאי מיט גרויס נחת איבערגעשריבען) איז העלענאַ אַרקאַווין, און איינ עמיץ קען מיט איהר קאָנקורירען, איז עס נור מאַריע גלאָס". און ווייסען ווייס איך, אַז ביידע, אי העלענאַ אַרקאַווין, אי מאַריע גלאָס זענען יודישע טעכטער. אמת, קיין איינציגע פון זיי וועט אפשר נישט קענען און נישט וועלען דעקלאַמירען עפּיס פון ביאַליקען אָדער ראָזענפעלדען, אָבער — אַ כבוד איז דאָס! איין אַסימילאַ־טאָר דאַרף פון דער הויט אַרויסשפּרינגען!

היינט עטליכע קלייניגקייטען: ערגעץ אין דער פּראָווינץ

זענען צווי פריצות געווען איף אַ יודישער התונה, ביי אַ גביר'ס אַ זוהן צו אַ טאָכטער, און זענען, דער „ראָלאַ" צו צערוועצעניש, געשטאַנען ביי דער חופה מיט הבדלות אין דער האַנד! איך גלייב, אַז ווי דאָס פאָר־פאָלק וועט נישט לעבען, די פלעמלעך פון די חופה־הבדלות, און קריסטליכע הענד וועלען זיי בעשיינען און בעלייכטען דעם וועג פון מענשליכען לעבען — פון „ויסעו" ביז „ויחנו"...

היינט האָבען דריי פריצים זיך צוזאַמענגעלעגט און מנדב געווען 150 רובל איף די קרושנעוויצער שהל. די דייטשע שהל אין וואַרשוי האָט נור די זכיה צו נדבות און מתנות פון פריש געטיבל'טע, דאָרט — פון אבת'ע און געוויס עהרליכע קריסטען, און ווייטער דאָס זעלבע: די „ראָלאַ" פלאַצט!

נאָך מעהר: אין קאָמיטעט פון טלאַווער פילהאַרמאָניע איז אויסגעקליבען געוואָרען אַ יוד אויך, און די „ראָלאַ" ציטערט, ער זאָל נישט בעהערשען די גאַנצע פילהאַרמאָניע און נישט הייסען זינגען און שפּיעלען מה־יפית.

און די וואַרשויער פילהאַרמאָניע? צווישען די וועלט־אַרטיסטען, וואָס זי ברייננגט היי־יאָהר אַראָב, צי בעלעבען דעם מיזיקאַלישען סעזאָן, וועט זיין א גרעסערער פּראָצענט יודען ווי צווישען די מעסער־לייט פון דזיקאַ גאַס!

וואָס נאָך זאָל איך אייך דערצעהלען?

דער „בעל כרחו יענה אָמן" איז אויך מקוים געוואָרען. דער אַנטיסעמיטישער „וויעק", וויל פאַר ניי־יאָהר זיך אינטערע־סאַנט און לעבעדיג מאַכען און גיט אַ גאַנצע רייהע אַרטיקלען וועגען דער יודישער פראַגע.

און וועמען געטרויט דער אַנטיסעמיטישער „וויעק" זיין לעצט מיטעל פאַר'ן ניי־יאָהר? אינזער איינעם אין די הענד אַריין! „אָהר" האָט עס איבערגענומען אין גיסט, און גיבט במעט יעדען טאָג „לויט בעפעהל" — אַ יוד מהיט אַזוי זוינס. אַזוי וואָס מען הייסט איהם, בשלמות, מיט'ן גאַנצען הארץ!

און נאָך נ. פאַרהאַן אַ האָפנונג, אַז פון ניי־יאָהר וועט די צאָהל פון וואַרשויער גאַבען־פערד פערטינדערט ווערען,

ערשטענס, פערגרעסערט זיך די צאָהל פון אויטאָמאָבילען אין, צווייטען, זאָל מען אויסשפאַנען די פערד פון די טראַמוויים און בעוועגען זיי מיט עלעקטריטעט אָדער אפשר געדיכטער לופט, וואָס וואַרשוי פערמאָגט אויפ׳ן העכסטען גראַד...

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען דער טאָג, נור ווי אַזוי ער האָט זיך געענדיגט, וויל איך אייך אויך דערצעהלען. אַרויסגעגאַנגען פון שטוב בין איך אַ געהויבענער, צוריק געקומען — אויף אַלע שונאים געזאָגט!

נישט ווייט פון דער היים, באַלד אויף דער „וואַרימער" גאַס, בין איך שיער ניט אַרויס פון די כלים.

אַ סצענע אין מיט׳ן גאַס:

אַ רעדעל פאַר דער פאַבריק פון אייזערנע בעטען.

אין מיט׳ן רעדעל שטעהט אַ פרוי מיט אַ שוואַרץ פערשמירט, — איין אַרבייטער מיט אַ דערשראָקען, — אין אַ גאָראָדאָוואָי מיט אַ „שאלת־חכם" אויפ׳ן ברייטען פנים. דאָס רעדעל אַרום זענען קריסטען. יודען געהען פאַרביי איילענדיג; וואו עס מאַכט זיך אַ גערעדעל, איז אַ יודיש פנים געפעהרליך. איך האָב, גאָט זיי דאַנק, אַ טאַטאַריש פנים, שטעל איך מיך אָב און הער וועגען וואָס עס געהט!

אין געהן געהט דאָס ויעגען אַ שמיער מיט שוואַרצע הענד פון אייזען איבער אַ ווייס דאַמען־געזיכט.

די דאַמע שרייט: וו אוציאַסטאָק!

דער אַרבייטער מיט דער פאַליי אין גאָראָדאָוואָיס האַנד בעט זיך אָב. ער איז נישט שולדיג. ער האָט געמיינט, עס איז אַ יודיש קינד.

די דאַמע שרייט נאָך העכער: „וו אוציאַסטאָק"; אַ צינד האָט ער זי נאָך מעהר בעליידיגט. צי איז זי דען עהנליך צו אַ יידישער טאָכטער? פאַר וואָס זאָגט ער, אַז ער האָט געמיינט?

דער גאָראָדאָוואָי איז נוטה צו גלויבען, אַז עס איז „אַ טעות גוי מותר" —

דער עולם קוקט אַראָב אויף די דאַמע, פרובענדיג

צי האָט זי באמת נישט קיין עהנליכקייט צו אַ יודישער טאָכטער — — —

פלוצלונג גיט דער גאָראָדאָוואָי אַ געשריי: וואָס פאַר אַ רעדעל מאַכט זיך עס? אַלע רוקען זיך קוים, קוים אין פאַמעליך אָב, און איך האָב מיך פּלוצלונג דערשראָקען און אַנטלאָפען און ווייס עד היום נישט, מיט וואָס די מעשה האָט זיך געענדיגט. רחמנא לצלן, אַ מאָל קומט די נשמה אין די פיס אַריין!

אַנטלאָפען בין איך אויף דער טוואַרדע גאַס און האָב מיך אָבגעשטעלט מיט דער נשמה אין די ציטערדיגע פיס, ביי דער סטאַנציע פון געלען טראַמוויי. בעטעריק איך אַ שכן, דאַכט זיך, נישט משלנו, און זידעלט זיך „פּשאַ קרעוו״, און גערעכט איז ער. אויפ'ן געלען איז זיך זעלטען צו דערוואַרטען. פאַלט מיר איין אַ געשעפט: צוזאַמען צו נעהמען אַ דראָשקע. מיין שכן בעשטעהט, נור מעהר ווי 7 קאָפּ. וויל ער נישט צו שטייער געבען, אויך צאָהלען וויל ער! פאַר וואָס? ווייל ער פאָהרט נישט אויף די נאַלעווקעס, וואו איך, פערשטעהט זיך, דאַרף, נור ווייטער. מיין כפרה, נאַ דיר 13 קאָפּ. אַ דראָשקע פאָהרט אונטער, ער שפרינגט אַריין, איך געה איבער אויף יענער זייט און זיץ.

— איך בין, — זאָגט מיר מיין שכן, — קיין אַנטיסעמיט נישט, דערוויל נישט, מען דאַרף אייך נאָך אויף לאַנגע יאָהרען מיט אייער שפּריט, ניר אויף אייערע נאַלעוקעס, זייט מיר מוחל, קריג איך דעם קאַטער!

איך בענויץ מיך דערמיט, וואָס דער דראָשקאַר פעריכט עפּיס ביי'ם געשפאַן, און שפרינג צוריק אַראָב צום טראַמוויי, מיט 13 קאָפּ. ווערט מען נישט געבוירען...

קוים איך האָב מיך דערוואַרט און פאָהר... פּלוצלונג — סטאָפּ! וואָס איז? דער טראַמוויי קען נישט געהן, — אַ לויה. איך הייב מיך אויף — אַ שוואַרצע, אָנגעפּראָפּטע גאַס, פון פאָרנט איין אָרון...

מיינס אַ שכן זאָגט: אַ יודישע שוואַרצע לויה!

אַ צווייטער בעמערקט: געוויס איין עושר, אַ בעל־צדקה!
— דאָס איז די מעשׂה, שרייט עמיץ מיט כעס, וואָס מען האַלט מלחמה מיט זייערע אָרימע לייט. דער עושר בלייבט און העלפט! מען דאַרף זיך צו די עשירים נעהמען...
— אָבער ווי הייסט נעהמען!
— געוויס!
דער יודישער $^3/_4$ טראַמוויי שווייגט און דער פוהרמאַן בעמערקט פון זיין זייט:
— וואו בעקומט מען דאָ אַ חלק ירושה?
— אַז מען נעהמט נישט, האָט מען נישט!
אויך ניט שלעכט, וואָס?
אָבער דעם לעצטען און פעסטסטען ביסען האָב איך ערשט פאַרנאַכט איינגעשלונגען.
עס איז געווען אויף מיין צוריק־רייזע, אויך אויף אַ טראַמוויי, פון דאָרף וואָלאַ, וואו איך האָב מיינע טעגליכע געשעפטען יאָ פערזאָרגט און נישט פערזאָרגט, מיילער האָבען צוגעזאָגט און אויגען — געלייקענט...
פאָהרען פאָהר איך שוין אין צווייטער קלאַס, צווישען יודען, נור פאַר מיר זיצט אַ קריסטליכע געזעלשאַפט: אַ קאַנאָניק מיט אַ פרוי. פון קאַנאָניק זעה איך נור אַ פעטען רויטען קאַרק, וואָס וואָלט אויף קיין שום חולה (אויסער אויף אַ יודישען) קיין שלעכטען איינדרוק ניט געהאַט; די דאַמע האָט געמוזט זיין פון אויסלאַנד אָדער פון דער פראָווינץ, ווייל דער קאַנאָניק האָט איהר אויף שריט און טריט נעגעבען בעשייט: דאָס איז דאָס, דאָס איז יענץ...
— אין דאָס — וועקט ער מיך פון מיינע פרנסה־געדאַנקען אויף — איז דער וואָלער קלויסטער.
— פריש געבויט? — הויבט זיך די דאַמע אַ ביסעל אונטער.
— און וואָס פאַר צרות — קרעכצט דער קאַנאָניק, און דער קאַרק לעגט זיך איהם אין פאַלדען, — איך האָב ביי'ם געלד זאַמלען געהאַט... עס איז איהם גאַנץ שווער צוגעגאַנגען.

באַ, אין טהייל הייזער האָט מען איהר די טהיר פאַר דער נאָז פערמאַכט. וואָס טויג — זאָגען זיי — קלויסטערס? דאָס זענען אַלטע זאַכען! מען דאַרף שפּיטעלער, נאַכט־אַזיל־הייזער, איבער־הויפּט שולען...

— אַ זאַראַזע — קרעכצט די דאַמע — אין פראַנקרייך ווערט דער קלויסטער געיאָגט און געפּלאָגט.

— אויך פראַנקרייך איז נישט שולדיג. פראַנקרייך איז דעם קלויסטערס ערשטע און ליעבסטע טאָכטער... שולדיג זענען די יודעלעך, וואָס פערשפּרייטען זייער אַפּיקורסות אַזוי דאָ, אַזוי דאָרט! און מיינסט, מיין טאָכטער, זיי ווייסען נישט דעם אֶמת? אַ פערקרעקט פאָלק, אַלץ להכעים! נור נישט אייביג וועט זיין זייער יום־טוב...

— וואו אַזוי?

— אין פראַנקרייך וועט זיין אַ רעוואָלוציע! יודעלעך — תיק! ער מאַכט אַ צייכען ביי'ם האַלז.

— און דאָ?...

די תשובה האָב איך נ י ש ט דערהערט, נור פיהלען פיהל איך זי.

# אויף אַ מיטינג

ניין אַ זייגער פאַרנאַכט האָב איך ערהאַלטען איין איינ־לאַדונג אויף אַיין „ערלויבטען" מיטינג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבען זייגער זיבען, דאָס הייסט מיט צוויי שטונדען פריהער. איך בעטראַכט דעם פאָסט־סטעמפעל: ער איז נאָך פון אייערנעכטען. איך פרעג ביי'ם בריעפטרעגער בעשייד, שמייכעלט ער: „פער־דעכטיגע" בריעף הייסט מען אָבגעבען וואָס שפעטער, וועניגסטענס מיט אַ טאָג שפעטער.

— יאָ געהען, נישט געהען?

איך קוק אַרויס דורכ'ן פענסטער: די גאַס איז שטיל. איך בייג אַרויס דעם קאָפּ דורכ'ן לופטשיק: מען הערט נישט מעהר, ווי דאָס זעלטענע קלינגען פון שליטען־גלעקלעך — מען שיעסט נישט אין די גאַסען. אין דערהיים זיצען ווערט שוין איבערדריסיג, מען פיהלט זיך אָבגעריסען פון לעבען, פערשיקט, פון אַלעם פערגעסען, פון גאָט און וועלט צוזאַמען.

איך געה.

. . . . . . . . . . . . . . . .

דער שנייַ סקריפּעט עפּעס נישט היימליך אונטער די פיס. איבער'ן קאָפּ אַ קאַלטער, אָנגעזעצטער טונקעל־שטאָהלערנער הימעל מיט אַ האַלבע, מאַט־זילבערנע לבנה, — אָבגעביסען אָדער אָבגעשאָסען די צווייטע העלפט! און זי וואַנדערט ווייטער — אַ קאַליקע. ערגעץ וואו, ווי פאַר שרעק צוזאַמענגעשטויסענע הויפענדלעך שטערן. די גאַסען — לעער, די לעדען — צו.

ביי אַ ווינקעל שטעהען צוויי גראָה אײַנגעהיעלטע סאָלדאַטען. עס איז זיי קאַלט און לאַנגווייליג. זיי טופען מיט די פיס, געניצען און איינער, הער איך, צוקומענדיג, זאָגט דעם צווייטען:

— אַיי, ווי מיר ווילט זיך צונד אויסשיעסען!

— לאַנגווייליג! איז מודה דער צווייטער.

. . . . . . . . . . . . . . . .

גאָט זיי דאַנק, איך בין ש'יין אויפ'ן מיטינג. קאָפּ אויף קאָפּ. עמיך — דער צווייטער צי דער דריטער רעדנער — שטעהט ביים בעלעמער און האַלט אין מיט'ן דרשה. קלאָגענדיג — שעלטענדיג גערט דער טאָן:

„הייזער האָט איהר געבויט און זייט אין זיי נישט געזעסען... בוימער האָט איהר געפלאַנצט, און זייער פרוכט נישט פערזוכט; קליידער האָט איהר געוועבט, און פרעמדע האָבען זיי געטראָגען, און אייך האָט דורכגענומען די נעץ און די קעלט; קאָרן אין ווייץ האָט איהר געמאָהלען, און קיינמאָל נישט גענעסען צי דער זעט! און אייערע זיהן, און אייערע טעכטער האָט מען אייך פון די אָרים אויסגעריסען און צו פרעמדער, שווערער אַרבייט געטריבען”...

איך דערקען די „תוכחה”, מיין תוכחה, מיט וועלכער מען האָט מיך פערשאָלטען, און דאָך מיינט דער רעדנער נישט מיך... און אויך נישט מיך מיינט ער, ווען זיין טאָן ענדערט זיך, ווען עס שלאָגט זיך אונטער'ן באַלקען דער שטאָהלערנער קלאַנג:

— נאָר צונד איז אייער טאָג געקומען! איהר וועט די ריכטער זיין... און איהר וועט משפט'ען... מאָס פאַר מאָס!

ווי די טראָמפּעטען איבער יריחו'ס מויערן קלינגט עס!

אָבער נישט מיך מיינט ער. און איך פערזינק אין מיינע געדאַנקען, און איך טראַכט:

— צי איז ווירקליך אַזוי נאָהנט שוין דער טאָג?

מאָסקוואַ איז שטיל געוואָרען... די באַריקאַדען צערשמעטערט... דאָס „שולדיגע” און „אינשולדיגע” בלוט איז פערשיט מיט ריינעס, אונשולדיגען שניי. דער באַהן־שטרייק איז נישט געראָטען, דער אַלגעמיינער — נאָך ווייניגער. די רענטע איז געשטיגען. די איסלענדישע פרעסע ווינשט דעם גראַף וויטע גליק; זיינע פּאַפּיערען זענען אויך געשטיגען! דורנאָוואָ וואַקסט נאָך איבער וויטען! די געפענגענישען זענען איבערגעפילט, און די שפּיטעלער איז נישט אַריינצוזוארפען קיין שפּילקע. פון די צערקלען געהען די קולות עד לב השמים...

אין אֶמת׳ער סדום׳ער „הכצעקתה״, נאָר גאָט מיט זיינע מלאָכים קוקען נאָך נישט אַראָב...

צי גלויבט דער עולם דעם רעדנער?

איך קוק מיך אום און קום אויך צום גלויבען.

די צאָהל פון די אָבטריניגע, פון די איבערלייפער פון יענעם צד בעוויזט עס מיר: איידער אַ שיף געהט אינטער, ענטלויפען די מייז. און דער מיטינג־זאַל איז פול מיט אַזוינע מייז...

. . . . . . . . . . . . . . . .

אָט די לייט פון דער פּרעסע, וואָס שטעהען אַרום „בעלעמער״ און וואַרטען אונגעדולדיג אויף זייער צייט צו׳ם רעדען, די היינט־מאָדישע געלעהרטע...

דאָס זענען נישט די, וואָס וועבען אין דער שטיל די אידעען פאַר שפּעטערע צייטעי; דאָס זענען די, וואָס אַרבייטען אויפ׳ן טאָג און פאַר׳ן טאָג! איינצעל־פערקויפער... די צווייטע צי די דריטע הענד. פאַר דאָס אָבער מענשען מיט נעז פון חאַרטען אָדער פון האָזען, וואָס דערשנאַפען אויגענבליקליך, פון וועלכער זייט עס הייבט אָן צו בלאָזען דער ווינד!

דאָס זענען גלגולים פון די, וואָס דיענען שטענדיג דער געגענוואַרט, דעם ערשט־געבוירענעם צונד. גלגולים פון די, וואָס האָבען אַמאָל די קנעכטשאַפט פערטיידיגט, וואָס האָבען אַמאָל שוואַרץ אויף ווייס בעוויזען, אַז גאָט האָט עס אייגענהענדיג בעשאַפען די סטאַדע, און דעם הונד, צו היטען די סטאַדע, אין דעם פּאַסטוך, צו שערען די סטאַדע; אָדער: הערן, קנעכט און די פּאָליציי אין־דער־מיט.

דאָס זענען גלגולים פון די, וואָס האָבען שפּעטער אַ ביסעל דעם בעל־בתישען ליבעראַליזם געטראָגען, די היילינגע מאַכט פון „פּריוויליגען״ קאָנטראַקט געפּרעדיגט, די גערעכטמעסיגקייט פון קייטען, וואָס מען זעהט נישט מיט בלויזע אויגען — פון שווינדעל און שטילען רויב בעוויזען; מיט איין וואָרט: וואָס האָבען אַלץ־אין־איינעם די בעל־בתישע ברודיגע וועש אין געלעהרטען זייפען־שוים געוואַשען און גערייניגט. און היינט זענען זיי דאָ! היינט וואַרפען זיי די בריק פון געלעהרטען

שפּיניוועבס איבער'ן אָבגרונד צווישען זעט און הונגער, צווישען פינסטערניש און ליכט... און — זיי ווייסען געוויס, וואָס זיי טהוען!

. . . . . . . . . . . . . . . . .

רעדנער רעדען; פּעך און שוועבל גיסט זיך זיי פון מויל. מיט ברענענדיגע אויגען און טאָפּעלט־שאַרפע שווערטען טראָגען זיי, ווי אַמאָליגע כרובים, די בעלי־בתים פון גן־עדן אַרויס! אָבגעשאַפט מוז ווערען זייער פּריווילעגיע: די געדונגענע אַרבייט... ווארום „דריי־פאַכיג איז דער פלוך פון דער געדונגענער אַרבייט!" „מיט פערדרוס אַרבייט דער, וואָס בעקומט נישט דעם גאַנצען ווערט פון דער אַרבייט", „מיט עקעל און גרימצאָרן ווערט איבערגעפילט דער לעבענדיגער מענש, וואָס מוז אַרבייטען, ווי אַ טויטע מאַשין; וואָס איז נאָר אַ צולאָג, אַ צוראַט צו דער טויטער מאַשין! וואָס מוז זיין אונטערטעניג דעם ראָד, דעם טויטען ווערק, אָהן איניציאַטיווע, אָהן ווילען און דעריבער אָהן לוסט צו דער אַרבייט!"

און „פערפלוכט איז די אַרבייט דורך איהר פערטיילונג, דורך איהר צוברעקעלטקייט; ווען דער מענש מאַכט אַלץ אין־איינעם די זעלבע אויסגעמאָסטענע, פאָרגעשריבענע קליינע בעוועגונג, אָפט נישט ווייסענדיג אַפילו, צו וואָס זי נוצט"...

„נידריגער פאַר'ן פיה איז דעריבער געפאַלען דער מענש... מיר ווילען איהם העבען!"

„הויך דעם מענש!" — „נידער מיט'ן בעל־הבית!"

„הויך דער מענש!" — „נידער מיט'ן בעל־הבית!" ברילט דער גאַנצער סאַלאָן, נאָר אין־מיט'ן־ברילען פון דער שטורמיגער מאַסע קויקעלט זיך דורך אַ דונער פון גאַס...

אַ פראָוואָציערטע באָמבע, צי אַ שאָס פער כעות פון אַ האַרמאַט?

אָבער דאָס אַלץ שרייט איבער דער רעדנער!

„נאָר דער טאָג פון דער וועלט־גערעכטיגקייט קומט! מיר ווערען די ריכטער זיין" — —

און צווישען אַרבייטער־עילם זיצען בעלי־בתים, מיט

נאַרישע פנים'ער, נאַריש־אויסגעגלאָצטע אויגען, און הערען זייער שאַנד, און פּאַטשען־מיט: „בראַוואָ!" —

און עס טרעסלען זיך זיי די בייכלעך, ווי פאַר נחת! זיי זענען נאָך קיינמאָל נישט אַזוי העסליך געווען!

„די שקלאַפעריי, די נייַ־מאָדישע שקלאַפעריי מוז אָבגעשאַפט ווערען!"

„בראַוואָ, בראַוואָ!" און הענד מיט גאָלדענע רינגען הויבען זיך אין דער הויך און פּאַטשען בראַוואָ! און די גאָלדענע קייטען טאַנצען איבער די פלושענע וועסטען פאַר גרויס נחת!

און דאָס זענען דאָך די זעלבע שטאָלצע בעלי־בתים, וואָס האָבען ערשט נעכטען אינדיווידואַליזם און, על פּי ניטשע די „הערן־מאָראַל" געפּרעדיגט, וואָס האָבען דעם שווייס פון אַרבייטער־פאָלק נישט געקאָנט פערטראָגען, וואָס האָבען זיך געהויבען, ווי די געטער אין וואָלקען, הייך איבער'ן „פּעבעל", וואָס האָבען געהאַלטען יעדען פערלאַנג פון אַ העכערן לוין פאַר אַ דרייסקייט, דאָס פערקירצען פון אַרבייסט־טאָג — פאַר אַ פערברעכעריש אונפערשעמטקייט, וואָס האָבען אַלע אַרבייטער פאַר איינפאַכע גנבים געהאַלטען און געלאָזט רעווידירען ביי יעדען אַריין־און אַרויסגעהען פון פאַבריק...

און צונד? צונד לויפען זיי איבער! פּאַטשען זיי בראַוואָ. און ווילט איהר, שלאָגען זיי זיך אין האַרץ אַריין „על־חטא", עס געהט, אַ פנים, דער יום הדין, עס געהט!

אָט שטעלט מען ווי ערב יום כפור, קערות! פאַר געפאַנגענע, פאַר פערוואונדעטע, פאַר פאַמיליען פון געפאַלענע, פאַר פערשיקטע און — אויף געווערה!

און דער בעל־הבית וואַרפט מטבעות; אויף זיין אייגענעם „פאָהיבעל" וואַרפט ער.

ער איז מיר קיינמאָל נישט אַזוי נמאָס געווען.

. . . . . . . . . . . . . . . . .

און די שוואַרצע לייט קומען אויך.

לאַנגזאַם און שטיל קומען זיי. פאַמעליך, ווי עס פּאַסט פאַר הייליגע לייט; שלייכענדיג, ווי אמת'ע טעמפעל־דיענער.

אָט נעהט איינער צום בלעמער צו פרעדיגען. קריסטליך־כאַציאַל פרעדיגט ער.

נעכטען האָט ער די בעצווינגער געהייליגט. קלוגע שווינדעל־קעפּ געזאַלבט, חאַפּער־הענד געבענטשט; איבער בעכער פון בלוט און שווייס ברכה געמאַכט. און היינט?

„מיר האָבען עס שוין לאַנג געזאָגט! לייכטער איז אַ מויל־טהיר צו פּאַסירען דורך אַיין אויער פון אַ נאָדעל, אַלס דעם רייכען דורכצוגעהען דעם טויער פון גן עדן"...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

מיט דער צייט וועלען נאָך וועלט־בעצווינגער קומען און זאָגען: „יענע זענען שוין צו שוואַך; זייער נאַקען שוין צופיעל דורכגעפוילט, און קענען שוין אונזערע שטולען נישט דער־טראָגען; איהר זייט פריש און געזונד, בויגט אייך און לאָזט זיי אונז שטעלען אויף אייך..."

. . . . . . . . . . . . . . . . .

אַלץ וועט קומען מיט דער צייט!

דערוויל, אַ היים־געהענדיג, פּאַסיער איך דורך טויטע גאַסען.

קאַלט און שטיל איז דער שטאָהלערנער הימעל, מיט אייז־פינקעלדיגע שטערנדלעך און אַ האַלב־אָבגעשאָסענער לבנה...

אונהיימליך סקריפּעט דער שניי אונטער די פיס און אַקעגען קומט מיר אַ וואַקעלדיגער קאָזאַק:

— טי קודאַ שליאַעשסיאַ?!

איך האַפּ פאַר שרעק אַרויס אַ פּאַפּיראָס און דערלאַנג איהם.

— ספּאַסיבאָ, באַרין! ענטפערט ער מיר און וואַקעלט זיך ווייטער.

# פון דער שווערער צייט

דאָס קריסטליכע וואַרשוי איז פון דער העלער הויט פרום געוואָרען: איבער טהיר און טהויער, אין פענסטער און וויטרינעס, איבעראַל — הייליגע בילדער. דאָס פרומע קריסטליכע וואַרשוי קריגט פחד פאַר'ן הונגריגען, אַפעליערט צום קריסטליכען רחמנות, יושר און ברידערשאַפט און ווייזט אָן מיט'ן מינדסטען פינגעריל צום יודישען שכן: יענער איז געוואָהנט דערצו און די שטראָף וועט זיין לייכטער...

דערווייל פערשטעהט מען זיך נישט אויפ'ן ווינק.

אַ דרייצעהניעהריגער יאַשקאַ מיט איין אָבגעריסענעם דאַשעק אין אַ צושפּאָלטען אויער און „זיינס גלייכען” יוסקע מיט לויפענדיגע אייגעליך און אַ צוקראַצט נעזיל, קוקען נישט אויפ'ן „להבדיל” פון צווישען שתי־וערב און ארבע כנפות, און חאַפּעןביידע צוזאַמען איין פלאַש מאַגאָפּאָל, און וואַרפען אויף דער געפּרווירטער נאַס. דאָס „לעבענדיגע וואַסער”, וואָס האָט געקאָנט דערקוויקען אַזוי פיעל פרומע נשמות, שפּריצט לחלוטין אומזיסט אַרויס פון דער צערשמעטערטער פלאַש, איין אמת'ער „בל־תשחית”, און די פלאַשען־שטיקער גליטשען זיך קלינגענדיג און פינקעלדיג, גלייך עפּיס רעכטס, ווייטער איבער'ן אייז...

אַ פרומע ווייבערישע נשמה, אַריינגעזעצט פון בעל־הרחמים־גאָט אין אַ גוף מיט אַ געשטיפּעלט און האַלב. אָנגעשוואָלען פּנים, טאַפּט אַ פלאַש אונטער אַ שאַל און לויפט צו'ן אַ ווינקעל און וויל שוין אַ ברכה מאַכען, — יאַשקאַ און יוסקע האָבען עס דערזעהען: שטעה, אַלטע מכשפה! מיר זענען קיין גנבים נישט! און מען רייסט איהר אויס פון אונטער דער שאַל די פלאַש, טראַסק! עס שפּריצט, עס קנאַקט — —

און פאַר גרויס שמחה איבער'ן נצחון חאַפּען זיך יאַשקאַ און יוסקע אַרום און זינגען, און טאַנצען מיט האַלב־באָרוויסע פיס איבער אייז און גלאָז...

אַ גרויסער הויפען געהט. ערנסט, גלייך, „פריוועבאָזיקים״ מיט מיצען און קאַפּעליושען אויסגעמישט, איבער דער גאַס, די אויגען פאַר זיך, גלייך!... ווי געהען אפשר אַ קענגען משיח׳ן?

צווישען עולם דערהערט זיך אַ קול: „עה, גוטע ברידער! וואו אַהין געהט איהר? וואָס טהוט איהר? אויף דער פראַנציס־קאַנער גאַס האָבען יודען אַ גלח געטויט! קומט!״ דער עולם פערציטערט אַ ווײַלע, נור עמיץ נעמט די שלאַנג אָן ביי אַ לאַץ: „אין וועלכער פאַבריק אַרבייטסט דו, ברודער?״ ער שווייגט, און פויסטען האָגלען אויף זיין קלוגען קאָפּ...

---

וואָס איז געשעהען?

צי איז ווירקליך געגוג געווען, אַז איין אַלטער, אַסטמאַטי־שער גענעראַל זאָל, אופ׳ן וועג פון ווילנא קיין פּאַריז, אָבשטע־לען זיך ביי דער נעווא, און, אפשר אָהן שום כונה, אַרויסזאָגען דאָס וואָרט: „צוטרויען״ — עס זאָלען ווירקליכע וואונדער געשעהן?

צי האָט ער, נישט ווילענדיג, אָבגעשפּראָכען איין עין־הרע, פעריאָגט אַ שווערען כשוף, אָבגערוקט איין אַלפּ פון שווע־רען הארץ? און דער גרויסער עולם איז אַרויס פון דער היהנער־פּלעט?

אַלץ קאַפּויער: בלינדע זעהען, לאָמע לויפען, טויבע שרייען...

און אין מיט׳ן ווינטער אונטרן גרעבסטען אייז רודערט זיך, וועקט זיך: אַקסעל צו אַקסעל, ברודער! הייבט אייך, צו וויעגט אייך, צו־שמעטערט! דער הימעל רופט!

---

דערווייל איז נישט היימליך, איבערהויפּט אָבענד־צייט...

די לעערע אָבגעשטאָרבענע גאַס קוקט דיר אין פענצטער אַריין מיט בלינד־אונטערגעשלאָגענע אויגען, מיט איין איינאיינ־ציגען לאַמטערן, אַ שריד ופליט פון אַלע חברים... און דאָס

אָרימע פלעמיל דערינגען ציטערט, פלאַמזערט, וואַרפט זיך ווי׳ן אַ פיבער; פיקט, ביקט, ניקט און טיקט זיך, אָט פערשלינגט עס די חיה רעה — די נאַכט; און עס שרעקט זיך פאַר׳ן טויט, און אין מיטען דער גסיסה גיט זיך עס מיט׳ן לעצטען כח אַ וואָרף, ווי אַ שלייען פון אונטערן מעסער, און אַ הייב, אַ טאַנץ — ווי לאַנג וועט דויערן די גסיסה?

ערגיץ ווייט, ווייט פלאַצט אַ שויב פון אַ וויסטאַווע, — אפשר אַ שאָס? אַ „צופעלינגער״... און עק הימעל שפריצט אַרויס אַ פייערדיגע צונג און פערשווינד און זינקט איין... און ווייטע פערשטיקטע קולות הערען זיך —

גור טסס!

עס הערען זיך פעסטע, זיכערע טריט איבער דער גאַס...

די שטאַטס-לאָגיק אויפ׳ן דרך הישר געהט, מיט „אותות ומופתים״ אין דער האַנד... אותות ומופתים זיכערע, שניידענדיגע, פייערדיגע...

---

וואָס נאָך?

עס צושפריצען זיך די געדאַנקען אין מח, ווי די פונקען, ווי די פייגעל אונטערן פרייען הימעל...

עמיץ קלאַפט אין טהיר?

דאָס לעבען? אָדער נור דער „אורח חיים״?

ביידע נישט.

חברים...

אָבער וואָס פאַר אַ פנים׳ער דאָס האָט!

— חוזק, — פרעג איך דעם עלטערן, — וויפיעל קוואָרט עסיג האָסט דו היינט אויסגעטרונקען?

חוזק, אין שוואַרצען העמדיל מיט׳ן גרויסען ביינערנעם קנאָפּ, מיט די וואַסעריגע אויגען אין פאַרמיטען פנים, זעצט זיך, פיהרט מיט אַ ציטעריגע האַנד איבער׳ן שוואַך־און אש־גראָהע בעוואַקסענעם קאָפּ, און זיפצט אָב:

— אַ וויסטער, פינסטערער חלום!

— וואָס איז?
— איך בין, ענפערט ער, קיין גבור נישט, פערפאַלען...
„פערהאַן גרויסע שטאַרקע מענשען מיט אייזערנע הענד און שטאָהלערנע נעגעל, וואָס געהען צו צו פעלזען ביי'ם ים, רייסען פונ'עם שטיקער און וואַרפען אין הימעל אַריין, און ווילען זיך אַזויערנאָך אַראָפּוואַרפען דאָס טעלעריל פון הימעל"...
„פערהאַן קלענערע גבורים, שפּיעלען זיי מיט אייזערנע עשליך, ווי אין באַל"...
„פערהאַן נאָך קינצענמאַכער, וואָס שרעקען אומזיסט דאָס „געעהרטע פובליקום" און וואַרפען מיט פּ אַ פּ י ע ר ע נ ע קוילען, ד ע ק ע ל ־ ק ו י ל ע ן, נור אונטער דער סצענע שלאָגט עמיי: אין אַ בלעך אַריין, מיינט מען: דאָס דונערן די קוילען"...
„פערהאַן נאַכטוואַנדלער, וואָס קריכען מיט בלויזע הענ־ אויף גלייכע מויערן"...
„איך בין עס נישט... נישט קיין גבור, נישט קיין סוראָגאַט פון אַ גבור"...
„איך בין חוזק"...
„איך בין אַ מענש. קאָטאָרי"...
„אַ מענש, וואָס האָט אויך אַ האַרץ און אַ לינג און לעבער"...
„נור אַז דאָס האַרץ טהוט מיר וועה, האָב איך קיין נביא'ישע טבע נישט, אַרויסצוזליפען מיט אַ קול אין מאַרק אַריין: אַ רוח אין אייער טאַטינס־טאַטען־אַריין! און, אַז די לינג הייבט אָן פוילען און די גאַל גיעסט זיך איבער, האָב איך קיין טבע נישט, אַרויף צו שפּרינגען אויפ'ן טהורם פון פייער־וועהר און אַראָפּ שרייען: ס'ברענט!... עס ברענט נישט אין ערגיץ, נור ביי מיר"...
„דעמאָלט האָב איך דוקא ליעב התבודדות"...
„ליעג איך מיר, ווי אַ בער אויף דער בערלאָגע, און ביים מיר פאַר האַרץ־הונגער די לאַפּעס; גאַנצע בערג אָבגע־ביסען"...
„ערשט אַז עס ווערט מיר גרינגער. געה איך אַרויס",

„נאָך וואָס? פייפען אויף קהל"...

„פיהרען, ווי ישיבה־בחורים־גבורים מיט שטענדער פאַר כלי־זיין אין די הענד קעגען אָרון־קודש, קען איך נישט... גיט מיר אַ חברה חדר־יונגליך, מיט געמאַכטע פייקאַליך, וועל איך מיט זיי גערען צום ראש־הקהל אויף אַ קאַץ־מוזיק... דאָס קען איך"...

„איך געהער נישט צו דעם, וואָס איהר רופט „לעבען" און דאָס „לעבען" געהער נישט צו מיר. איך שפיי אויפ'ן „לעבען", און איך נור פון דערוויטענס"...

„צווישען מיר און דעם „לעבען" פ ל י ע ס ט און אפשר שטעהט אַ וואַסער'ל"...

„איבער'ן וואַסער'ל שפיי איך, איבער'ן וואַסער'ל שטעל איך פייגען אַרויס, פיער מיט אַ מאָל, דאָס קען איך! אַ מאָל — אַ ווייסע צונג, איהר ווייסט, איך לייד אויפ'ן מאָגען...

„אַז מען זעהט מיך און הערט מיך נישט גוט, שטעל איך מיך אויף שטאָלצען און פייף... עס איז נישט אַזוי נ אַ ט י ר ל י ך, נור עס טראָגט זיך ווייט, ווייט... עס הערט זיך!"

„און דער עולם שרייט: בראַוואָ! בים!"

„נישט דער געטראָפענער — אַנדערע... דער געטראָפענער שילט"...

„חאָטש נים איך בין שולדיג; איך שפיי אין דער וועלט אַריין שולדיג איז דער ווינד, די השגחה פרטית... ער אָבער שילט מיך און דער עולם קייכט, פלאַצט פאַר געלעכטער"...

„אַ מאָל פלאַצט אַ גבאי"...

„ער האָט פון צדקה־פושקע אַרויסגעשניפט אַ גאָלדענע מטבע; ער האָט געזעהען, ווי אַ באַנקיער האָט אַריינגעוואָרפען, נישט בעמערקט, אַז עס איז אַ פ אַ ל ש ע מטבע... האָט ער נע'לקח'נט... האָט ער מורא געהאַט פאַר בעזוכען און געפינען, האָט ער די מטבע אויף דערווייל אַיינגעשלונגען... קום איך אַרויס אויף שטאָלצען, מיט אַ יראת־שמים־פנים און איין אַרויס־געשטעקטע צונג, און פיער פייגען אין די הענד, — לאַכט ער, קנאַקט ער, פלאַצט ער; אויין העלפט־רעכטס, די צווייטע —

לינקס, די מטבע — אין דער מיט . . . דערזעהט דער עולם, זי איז פאַלש, פּלאַצט דער ע ו ל ם פאַר געלעכטער״ . . .

— נו, אויך מיין עסק! וויל, מיר איהם טרייסטען.

— „באַ — זיפצט חוזק אָב — דאָס אַלץ איז גוט געווען איבער׳ן רוהיגען, שטיל־פליסענדיגען אָדער גרינליך־שטעהענדיגען וואַסער׳ל. מען האָט מיך געזעהען, געהערט, און: בראַוואָ, בים!״

„צינד — אַ ים!״

„שטעל דיך אויף שטאָלצען, פאַליעס דעקען דיך איבער!״

„פייף — ווען אַ ים קאָכט און זיעדט״ . . .

„שפיי — ווען ער שפּייט, און גלייך אַרויף צום הימעל; טהום עפים, ווען די וואַסער־ריעזען צו שפּיעלען זיך, צו זינגען זיך, אין שפּאַרען אין דער וועלט אַריין, טראָגענדיג מיתל־רעדער און שטיקער גרעבלע אויף די אַקסעל״ . . .

„טהו עפים!״ . . .

---

חיזק פערשטומט, און נישט בעסער, ווייזט זיך אויס איז דעם פּאָעט . . .

— גם אני בחלומי, זאָגט ער . . .

„אַ פוילע זאַך״ . . .

„וואָרען וואָס בין א י ך ? אַ מענש מיט אַ פייפער׳ל״ . . .

„מיט אַ פערכשופ׳ט פייפעריל״ . . .

„פון אַ פערכשופטער קאַלינע אַ פייפעריל . . . פון עק וועלדיל, געבויגען איבער׳ן וואַסער שטעהט זי, און זאַפּט אין זיך איין דאָס גערויש פון קליינעם שטילען וואַסער׳ל, פון קליינעם פערחלום׳טען וועלדיל, פון מחנות פייגעל, וואָס פליהען אונטערן בלאָהען הימעל, שלינגען ווערמליך און זאָגען שירה, און די ווייסע בייכליך ציטערן פאַר נחת, פאַר דאַנק . . . פון ד ע ר קאַלינע אַ פייפעריל״ . . .

און אַ מיידעל האָב איך געהאַט מיט אַ פויגעל־האַרץ . . .

זיצען מיר אין שאָטען פון דער קאַלינע, אין עק וואַלד,

ביי'ם קלאָרען טייכעל; איך שפּיעל און איהר פויגעל־האַרץ צו גערהט, צו גערהט...

שפּאַרט זיך אָן דאָס זיסע קעפּיל אויף מיין קניע, קוקט זי צו מיר אַרויף מיט שטיל־זיסע־ברידער־אויגען, וואָס פינקלען מיט שטילען נחת, ווי אַ פויגעל, וואָס האָט אַ ווערמיל געחאַפּט, און איך זאַפּ איין דאָס נחת און שפּיעל פאַר גרויס פרייד, פאַר דאַנק, וואָס גאָט האָט מיר די פינקעלדיגע אייגעליך מיט'ן זינ־גענדיגען פייגעל־האַרץ בעשערט, עס איז מיין...

עס ציטערט איהר ברוסט פאַר נחת, טרערען קומען מיר אין די אויגען אַריין פאַר גרויס דאַנק און איך שפּיעל אויפ'ן פּייפעריל...

און עס מאַכט אַ רושם, שטאַרק! — אויף איהר... זי שטרעקט צו מיר הונגעריג אויס די ווייסע הענד... דורשטיג שווילען מיר אַ קעגען די קרעלענע ליפּלעך!

און נישט נור אויף ז'הר...

אַ ווייסע גאַנז שווימט איבער'ן טייכעל און שטעלט זיך אָב, מיט אַ דין גרעזיל אין מויל... און זי שלינגט עס נישט איין, פערגעסט עס און בויגט אויס צו מיר דעם ווייסען האַלז און קוקט, און שווייגט...

אַ יאַלאָוועקע קומט אַרויס פון שטילען וועלדעל, מיט'ן עכט פרום־קעלבערנע אויגען, מיט אַ חן'עווריג. צערטליך־רינענדיג מיילעכיל און בלייבט שטעהען ווי דערכשופט, און זעגעלט שטיל מיט'ן זיידען־העהריגען עק אין דער שטיל־שמעקענדיגער לופט...

און פייגעל מיט ווייסע און געלע בייכליך שטעלען זיך אָב אונטער'ן הימעל און צוויצערן:

— ווער איז דער פויגעל דאָרט?!

„איך געפעל"...

„איך געפעל און ווער גרויס; עס איז צייט צו געהען אין דער וועלט אַריין, שפּיעלען פאַר דער וועלט... פערכשופען אַ וועלט, דאָס לעבען בעצויבערן, ווי דען!"

„און אַז מיין מיידעל דרימעלט איין, קיש איך זי שטיל צום

„אַריע״ און ווייסען שמאָלען שטערן אריין — און לעג לאַנגזאַם איהר קאָפּ פון מיין קניע אויף אַ בינטעל גראָז אַראָב, — זי זיפצט אָב אין דרימעל, עס ריהרט מיך נישט, העכערע צוועקען פיהרען מיך... איך פערשווינד, צו דער וועלט לויף איך מיט מיין פייפעריל, מיט מיין פערכשופּט פייפעריל, פון דער פער־כשופטער קאַלינע, פון עק וואַלד, ביי'ם שטילען טייכעל״...

— נו, שפּיעל פאַר דער וועלט ?

— שפּיעל! די וועלט שפּיעלט, און נישט אויף אַ פייפעריל!

„דאָס לעבען אַליין גיט קאָנצערט!״

„נישט אויף פייפערליך, נישט אויף פלייטען, נישט אויף הילצערנע און געבלאָזענע אינסטרומענטען״...

„אַרמאַטען שפּיעלען, קאַרטעטשען זינגען, טענער־שאַרפּאַנעלען!״

„די לעבענס־אָפּערע געהט, אַ וועלט־פּאָעמאַ!״

„ווי קום איך מיט מיין פייפערל״...

ער האַקט אָב און מאַכט אַ וועק מיט דער דורכזיכטיגער האַנד...

— אַ רחמנות נור אויפ'ן מיידעל, נעביך...

---

— מיר איז נישט בעסער! זיפצט דער פילאָזאָף...

יאָהרען האָט ער אין דער הייך אין זיין דאַכשטיבעל פער־בראַכט... ביי'ן אַ קאַרגע שטראַהלען דורך פערגרינטע שייבליך ביי טאָג, ביי'ן אַ ציטעריג חלב'ן ליכטיל ביינאַכט, איז ער אַ גאַנץ לעבען אָבגעזעסען, קלערענדיג און גריבעלדיג, וואָס „גלייך״ איז...

און אַז ער איז שוין גראָה און אַלט געוואָרען, אַז די צייט האָט איהם אויסגעצויגען דעם מאַרך פון די ביינער און אויסגעזויגען די פאַנטאַזיע פון קאָפּ איז ער ערשט געפאַלען אויף דער המצאה, אַז „גלייך״ איז דאָס, וואָס עס איז נישט קרום...

און ער האָט געוואָלט אויפשפּרינגען פאַר פרייד, נור די קניען האָבען אָנגעהויבען קנאַקען!

אלץ איינס! אַבי נישט אומזיסט אַזוי פיעל יאָהרען, אַזוי פיעל לעבען געוואָרגען און געשטיקט! ער האָט אַרויסגעפּישט אַ פּערל פון תהו ובוהו־דינגען ים... און ער איז אַ גוטער, נישט פאַר זיך אַליין האָט ער זי געפינגען, ער וועט זי שענקען דער וועלט... ווי קראַנק און עלענד ער איז, וועט ער בעשענקען אַ וועלט...

און ער געהט קוים אַראָפּ פון די טרעפּ, אָפּט קריכענדיג אויף אַלע פיער; די ביינער קנאַקען... נור, געלויבט איז זיין ליעבער נאָמען, אָט איז די גאַס...

— רבותי, הייבט ער אָן — —

זיין קויל אָבער ווערט דערשטיקט...

פאַליעס מענשען שלאָגען איבער דער גאַס, טויזענדער צונגען רופען:

— מיר ווילען! מיר ווילען!

„ווער פרעגט וואָס גלייך איז?"

מיר אַלע פערשווייגען... יעדער פון אונז פיהלט די לעצט,

זיי — פון שווערע געדאַנקען איך — פון די יאָהרען...

עמיץ קלאַפּט!

אהאַ? דאָס לעבען?...

ניין... עס האָט זיך נור געדאַכט!

שווערע, נור זיכערע טריט אין גאַס, די שטאַטסלאָגיק געהט, מיט אותות ומופתים געהט זי... פעסט, שטייף, אייזערן...

# האָפענונג און שרעק

... מיין האַרץ איז מיט אַייך.

מיין אויג ווערט נישט זאַט פון אַייער פלאַמענדיקער פּאָהן; מיין אויער ווערט נישט מיעד, הערענדיג אַייער מעכטיג געזאַנג.

מיין האַרץ איז מיט אַייך; זאַט דאַרף זיין דער מענש, און ליכטיג דאַרף איהם זיין... און פריי מוז ער זיין, און האָבען איבער זיך צו שאַפען, איבער זיך און זיין ארבייט.

און אַז איהר בייסט די פויסט, וואָס וויל אַייך אַייער פריי וואָרט, אַייער ברענענדיגען פּראָטעסט צוריק אַריינזועצען אין דער קעהל, מען זאָל עס נישט הערען — פרייט מיך; בעט איך גאָט, ער זאָל אַייך שאַרפען די צייהן. און ווען איהר מאַרשיערט אויפ'ן אַלטען סדום און ווילט עס איינרייסען, געהט מיין [illegible] מיט מיט אַייך; און די זיכערקייט, אַז איהר מוזט זיגען, מאַכט מיך פול און וואַרימט און בערוישט מיך, ווי אַלטער וויין...

און דאָך...

און דאָך האָב איך פחד פאַר אַייך.

איך שרעק מיך פאַר בעצוואונגענע, וואָס זיגען, עס קענען פון זיי בעצווינגער ווערען, און יעדער בעצווינגער זינדיגט קעגען מענשליכען גייסט...

צי רעדט מען נישט צווישען אַייך, אַז די מענשהייט דאַרף מאַרשיערען, ווי איין אַרמעע אין פראָנט און איהר וועט איהר פאָרשפּיעלען דעם מאַרש אויפ'ן וועג?

און דאָך איז די מענשהייט קיין אַרמעע נישט.

שטאַרקערע געהען פאָראויס, האַרציגערע פיהלען טיעפער, שטאָלצע וואַכסען העכער — צי וועט איהר נישט אונטערהאַקען די צעדער, זיי זאָלען נישט איבערוואַכסען דאָס גראָז?

צי וועט איהר נישט פערשפּרייטען אַייערע פליגעל איבער דער מיטעלמעסיגקייט? צי וועט איהר נישט פערפּאַנצערן

די גלייכגילטיגקייט און בעשיצען נור די גרויע, גליך גע־
שווירענע סטאַדע ?

---

איך פאָרכט מיך פאַר אייך.

אַלס זיעגער קענט איהר די ביוראָקראַטיע ווערען: אויסצוטיילען יעדען זיין ביסען, ווי פאַר אָרימע לייט אין הקדש; אָבצומעסטען יעדען זיין אַרבייט, ווי לעקציעס אויף דער קאַטאָרגע. און איהר וועט פערטיליגען דעם בעשעפער פון נייע וועלטען — דעם פרייען מענשליכען ווילען, און פער־שיטען דעם ריינסטען קוואַל פון מענשליכען גליק — די מענש־ליכע איניציאַטיווע —, די קראַפט וואָס שטעלט איינעם קעגען טויזענדער, קעגען פעלקער און געשלעכטער... און איהר וועט מעכאַניזירען דאָס לעבען און הייסען עס פערברענגען אין קאָשאַרען.

און איהר וועט זיין פערנומען מיט רעגלאַמענטירען: מיט שרייבען, פערצייכענען און שאַצען... מיט פאָרשרייבען: ווי הויך און ווי אָפט עס מעג שלאָגען אַ מענשליכער פולס, ווי ווייט עס מעג זעהען אַ מענשליך אויג, ווי פיעל עס קען פער־געהמען זיין אויער, און וואָס פאַר אַ חלומות עס מעג האָבען דאָס פערבענקטע האַרץ ?

---

מיט האַרציגער פרייד קוק איך, ווי איהר רייסט איין די מויערן פון אַלטען סדום; מיין האַרץ אָבער ציטערט דערביי, איהר זאָלט אויף זיינע חורבות קיין נייעס, קיין ערגערן נישט בויען — אַ קעלטערן, אַ פינסטערערען!

עס ווילען קיין שטיבער אָהן פענסטער נישט זיין; נור אין נעבעל ווילען איינגעהיעלט זיין נשמות...

עס וועט קיין לעערער מאָגען נישט זיין, נור זעעלען ווילען הונגערן... קיין וועה־געשריי וועט קיין אויער נישט פער־נעמען, נור דער אָדלער — דער מענשליכער גייסט, וועט מיט

אָבגעשניטענע פליגעל שטעלן בײַ דער קאָריטאָ גלײַך מיט דער קוה און מיט'ן אָקס...

און די גערעכטיגקייט, וואָס האָט אײַך בעגלייט אויפ'ן דאָרניגען און בליטיגען וועג צום זיעג, וועט אײַך פערלאָזען, און איהר וועט עס נישט מערקען: דאַצו זענען זיעגער און הערשער בלינד, און איהר וועט זיעגער און הערשער זיין. און איהר וועט זינקען און אונגערעכטיגקייט, און איהר וועט נישט פיהלען דעם זומפּ אונטער אײַערע פיס... פעסט פיהלט זיך יעדער הערשער, כל זמן ער איז נישט געפאַלען...

און געפענגענישען וועט איהר בויען פאַר די, וואָס וועלען אויסשטרעקען די האַנד, צו ווייזען אײַך דעם אָבגרונד, צו וועלבען איהר זינקט... און אויסרייסען פון די מיילער וועט איהר די צונגען, וואָס וועלען אײַך וואָרענען פאַר די, וואָס וועלען נאָך אײַך קומען, אום אײַך און אײַער אונגערעכטיגקייט צו פערניכטען...

גרויזאַם וועט איהר פערטיידיגען די גלייכבערעכ־טיגונג פון דער סטאַדע צום גראָז אונטער איהרע פיס און צום זאַלץ איבער איהר קאָפּ, און אײַערע פיינד וועלען זיין: פרייע אינדיווידוען, איבער־מענשען, געניאַלע ערפינדער, פראָפעטען, ערלעזער, דיכטער און קינסטלער...

---

אַלץ, וואָס עס געשיהט, געשיהט אין רוים און צייט... אויפ'ן פלאַץ איז דאָס שוין געשעהענע, דאָס שטאַנדהאַפטע, פעסטע, און דעריבער: דאָס פערגליווערטע און געפרוירענע, דער היינט, וואָס דאַרף און מוז אונטערגעהען...

די צייט איז פערענדערונג, זי בייט, ענטוויקעלט; זי איז דאָס אייביגע אויפשפּראָצען, אויפבליהען, — דער אייביגער מאָרגען...

און אַז פון אײַער „מאָרגען" צו וועלכען איהר שטרעבט וועט ווערען „היינט", וועט איהר זיין די פערטיידיגער פון „געכטיגען־טאָג", פון אָבגעשטאָרבענעם, פון טויטען... וועט

איהר טרעטען די שפּראָצען פון מאָרגענדיגען טאָג און פער־טיליגען זיינע בליטהען און גיעסען שטראָמען קאַלט וואַסער אויף די גייסטען־קעפּ פון נביאות, חלומות און נייע האָפנונגען...

שטאַרבען וויל נישט דער היינטיגער טאָג, בלוט געהט אונטער יעדע זון...

איך וויל, איך האָף צו אַייער זיעג, נור איך שרעק מיך און ציטער פאַר אַייער זיעג.

איהר זייט מיין האָפנונג. איהר זייט מיין שרעק.

# יעקב דינעזאָן

יעקב דינעסאָן איז מעהר מאָראַליסט — זיטען־לעהרער, אַלס קינסטלער. וועניגסטענס האָט זיך דער קינסטלער אין איהם אַ נידער געלאָזט אויף די קניען פאַר'ן ליבעראַלען זיטען־לעהרער, און האָט זיך איהם אונטער געוואָרפען, אונטער געגעבען, דאַכט זיך — אויף לעבענס־לאַנג!

פריהער — הייסט עס — זיי ליבעראַל, גוט און עהרליך, דער נאָך ערשט — שעהן!

דאָס בילד, די סצענע, דאָס שטיק אָבגעמאָלט־לעבען איז נישט קיין צוועק פאַר זיך אַליין. — דאָס לעבען האָט אפשר פאַר זיך אַליין קיין תכלית נישט! — דער קינסטלער מוז דעריבער לכל הפחות בעוויזען — אַז איין מענש דעם צווייטען דאַרף ליעב האָבען; אַז איין געשלעכט דאַרף דאָס צווייטע נישט אונטערדריקען; אַז פאַלשקייט, אינטריגען, פאַנאַטיזם א. ד. ג. שלעכטע מדות פיהרען נישט צו קיין גוטס; אַז „יודישקייט" איז נישט דער אַבערגלויבען אין צדיקים און זייערע נסים... וכדומה.

צי פערקלענערט דאָס דינעסאָן'ס ווערט?

נעוויס נישט. מען דאַרף נאָר קענען וואַרפען אַ ריק־בליק אויפ'ן יודישען לעבען פון פאַר גאָר דער לעצטער צייט... מען דאַרף זיך נאָר דערמאַנען און זיך גוט פאָרשטעלען: דלפנ'קע, קבצנ'סק, זיבען־בלאָטיווקע, ציאַכנאָווקע, און דעם גאַנצען תהו ובהו פון אַלטע יודישע „שטעדט און שטעדטלעך".

איידער עס האָט פון דעם „תהו ובהו" זיך נעקענט אַרויס־אַרבייטען אַ וועלט, אַ מעהר אָדער וועניגער אָרגאַניזירטע, ניר מיט אַלערליי פערשיעדענע נאַציאָנאַלע, קלאַסען־און מענשליכע אינטערעסען, אָדער פאָרשטעלונגען פון אַזעלכע; איידער עס האָבען זיך געקאָנט אָבטיילען די וואַסערן אויף אויבען און אונטען; ווי עס איז — אויסגעשטערנט ווערען אַ הימעל אין דער הייך, און פרוכטבאַר ווערען איין ערד אין דער נידער... ווייל דאָס „יונגוואַרג" — דער נאָמען פון דער ניי־אויפשטעהענדיגער

וועלט — האָט נאָך אָבהענדיג און פערמאַטערט געפוילט און איז איינפאַך פערגאַנגען אין פאַנאַטיש־אונטערדריקענדער פינסטערניש, — האָט געמוזט פריהער עמיץ קומען און זאָגען: „יהי אור״! — וואַרפען אַ ליכטיג־וואַרימע שטראַהל איבער׳ן „חושך על פני תהום״. פריהער — ליכט, דער נאָך ערשט וועט מען זעהן, וואָס צו טהון...

און אפשר שטעקט דער פעהלער נאָר אין דער שפּראַכע. אויב די שפּראַכע — און אין דעם האָט אין אָנהייב פון דינעסאָן׳ס אַריסטערעטען קיינער נישט געצווייפעלט, — אויב די שפּראַכע איז פאַר זיך אַליין קיין צוועק נישט, ווייל זי האָט קיין צוקונפט נישט — מוז אויך איהר ליטעראַטור עקסיסטירען נישט פאַר זיך אַליין, נאָר עמיצען אָדער עפּיס צו דיענען... עמיצען אָדער עפּיס צוליעב.

ווי עס איז, דעם „יהי אור״ האָט דינעסאָן געזאָגט.

אויב איהר ווילט, איז דינעסאָן קיין זון נישט, קיין לבנה און קיין שטערן נישט. די דאַרפען פּילייכט ערשט קומען. ער איז אָבער אויך נישט קיין פאַלש־פלעמעל, וואָס הייבט זיך און ציטערט איבער די בלאָטע, אַראָבצופיהרען דעם וואַנדערער פון וועג... אויך נישט קיין נידריג־פליהענדער גליה־וואורם! ווי אויך קיין פונק, צווישען די לויזע פונקען, וואָס הייבען זיך, און פליהען מכלומר׳שט, איבער אַ שמידערריי, און גיבען אַ מאָל אַ ליעבע סעקונדע דעם אויג, אָבער קיין מאָל גאָר נישט דעם הארץ. און אויך נישט איינער פון די פונקען, וואָס די ווייטער־לויפענדיגע לעבענסלאָקאָמאָטיוו וואַרפט אונטער זיך... און קומערט זיך נישט, נישט אום זיי, נישט אום זייער בעגרעבעניש...

אויב איהר ווילט, איז דינעסאָן קיין אָדלער נישט. ער פליהט נישט אַזוי הויך, ער האָט נישט אַזוינע שטאַרקע פליגעל און אויך קיין שאַרף אָדלער־אויג, אַרומצונעמען ווייטערע האָריזאָנטען... ער איז אָבער אויך קיין נאַכט־פויגעל נישט, וואָס ענטלויפט פאַר׳ן ערשטען שטראַהל פון טאָג, און אויך נישט קיין פאַפּאַגע פון פרעמדע, נישט איבער־געלעבטע ווערטער...

איין עהרליכע, געטרייע שוואַלב איז ער. איין עהרליך־
געטרייע שוואַלב, וואָס איז גרייט יעדע סעקונדע זיך אויסצורייסען
ביז דער לעצטער פעדער אויף דער ברוסט, אונטערצובעטען
דעם יונגען געשלעכט, עס זאָל איהם וואַרם זיין אין נעסט...
וואָס איז געפּאַסט יעדער רגע, אויפצורייסען זיך די ברוסט, און
אָנקאָרמען דאָס יונגוואַרג מיט'ן אייגענעם וואַרימען בלוט...

נישט קיין זון, נישט קיין לבנה, נישט קיין שטערן, נאָר
איין אמת־כשר נשמה־לעמפּעל, וואָס האָט זיך אַריינגעשטעלט
אין פערפינסטערטען אָרון קודש, פון וועלכען מען האָט שוין די
ספרים אַרויסגענומען, און עס איז נישט מעהר געבליבען
דערינען, ווי דאָס קדוש־און הבדלה־פלעשעל... איין אמת־כשר
נשמה־ליכט, מיט וועלכען ער איז אַראָבגעגאַנגען אין טיעפסטען
תהום אַריין, וואו דער זאמען פון נייעם לעבען האָט געפוילט,
און האָט עס געוועקט צום אויפלעבען, צום בליהען און אַרויס־
בליהען איבער'ן תהו ובהו...

איבער דער צייט פון פינף־און־צוואַנציגער ליטעראַרישער
ארבייט, האָט דינעסאָן דעם יורישען לעזער נישט פיעל נעמען
געגעבען: „דער שוואַרצער יונגערמאַנציג", „אַ שטיין אויפ'ן וועג",
„הירשעלע" און „יוסילע" און אַ פּאָר קליינינקייטען. אָבער דאָס, וואָס
ער האָט געגעבען, האָט דאָס פאָלק גענומען און געלעזען, און איבער
אין איבערגעלעזען. עס אהט געפיהלט, אַז דאָס איז זיין, „אַ פלייש
פון זיין פלייש, אַ ביין פון זיינע ביינער". און עס איז אין פאָלק,
ווי זאַלץ אין וואַסער, צוגאַנגען. עס איז אין זיין בלוט אַריין.
קרעפטיגערס וואָלט נאָך זיין מאָגען נישט פערדרויט, גרעסער'ס —
זיין מויל נישט פערנומען. און קיין טראַגעדיע האָט נאָך אַזוי
פיעל טרעהרען נישט אויסגעפּרעסט, אַזוי פיעל הערצער נישט
צוריסען און פערציטערט געמאַכט, ווי דאָס אָרימע, דערשלאָגענע
„יוסילע", וואָס רופט זיך אַליין „גנב"; און עס האָט נאָך קיינמאָל
נישט אויפגעפלאַמט אַזאַ געראַכטער האַס קעגען אַל־דאָס־בייז
און שלעכטס, ווי קעגען „שוואַרצען יונגערמאַנציק", וואָס האָט
מיט זיינע אינטריגען אומגעבראַכט אַ פאַמיליע פון אונשולדיגע
נפשות. און ביז'ן היינטיגען טאָג, קען זיך דער „לעזער" נישט

בערוהיגען, נישט וויסענדיג דעם אמת'ן סוף פון שיין־זינגענדיגען, ליעבען און געטרייען „הירשעלע", וואָס מען האָט נור מיט'ן עטאַפּ פון שטאָט אַרויסגעפיהרט, און מען ווייסט נישט עד־היום: וואו אַ הין, און — צי לעבט ער נאָך, און ווי אַזוי?

דינעסאָן איז אַ מאָראַליסט. ער וויל דעם לעזער גוט און עהרליך מאַכען. ריין־וואַשען זיין נשמה, קלוג און קלאָר מאַכען זיין קאָפּ. דער קינסטלער האָט זיך דעם זיטענלעהרער אונטער־געוואָרפען, און ער נויט זיינע העלדען, זיי זאָלען ערקלערען זייערע געליעבטע — כדי דער יודישער לעזער זאָל הערען — וואָס עכט־יודישקייט איז; וואָס גוט און פרום הייסט. און אויך: פון וואַנען עס פאַלט רעגען און שניי, וואָס וואָלקען זענען; פאַר וואָס איז טהייל מאָל דער הימעל רויט... נור ער קומט נישט אויף כל־ישראל מיט דער בייטש, ווי דער אַלטער משכיל, און שווישציעט איהם נישט איבער די פּלייצים... ער איז קיין „בייזער מלמד" נישט, און אויך קיין „אַלטער אפּקירס" מיט'ן אויסגעלאַסענעם געלעכטער נישט! און אויך נישט קיין פּראָקוראָר, וואָס רעכענט אויס דעם בעקלאָגטען דעם „על־חטא" מיט אַ שטאָלצען נצחון אָדער פערביטערטער ענג־הערציגקייט. ער רעדט ווי אַ ברודער צום ברודער, גאַנץ אָפט ווי אַ מוטער צום געליעבטען קינד — פון האַרץ צו האַרץ, מיט אַ ליעב־האַרציגער טרויער און טרויעריגער ליעב־האַרציגקייט... אַזוי ווי מען האָט געראַפּט רעדען צו די קראַנקע געטהאָ־קינדער... דער קינסטלער אין איהם קניעט פאַר'ן מאָראַליסט, אונטערגעגעבען, אונטערגעוואָרפען. אָבער נישט געבונדען און ווי אַ קרבן אויף זיין מזבח פערברענט. ער לעבט און עטעמט. מיר פיהלען זיין אָטהעם, מיר הערען זיין פולס איבעראַל... שוואַכער ביי די הויפּט־פערזאָנען, ביי די העלדען, וואָס דער מאָראַליסט הייסט טהון זיין ווילען און אַרומשוועבען אין דער לופט, אָהן פליישׁ און ביינער, און רעדען וועגען השכלה, חכמה, יודישקייט, יהדות און עהרליכקייט... פאַר דאָס אָבער שטאַרקער אין די נעבען־פערזאָנען, אין די ביי־מענשען, פון וועלכע דער מאָראַליסט לאָזט גאַנ'ן אָפּט אַראָב זיין אויג, פערגעסט אָן זיי, און לאָזט

זיי בליהען און וואַקסען ביז צום פיינסטען אַרטיזם. — זאָגאַר אין „שוואַרצען יונגערמאַנציג" טרעפט איהר די קהל׳ישע מוהמע, אַ קאַבאַליסט, שמעיה דעם בטלן, פיסקאָלניק דעם מלמד... די אַלטע דיענסט אין „אבן נגף". סצענען פון חסידישען לעבען, בילדער פון בית־המדרש. דאָס פיהרען איבער׳ן מאַרק אַ פערזונדיגט מיידעל, און דערגלייכען זאַכען, וואָס רייסען זיך דינעסאָנען פון דער האַנד אַרויס, און לעבען זייער בעזונדער, אייגענאַרטיג לעבען, דעם מאָראַליסט ווי להכעיס...

נאָך 25־יעהריגער אַרבייט האָט דינעסאָן׳ס נשמה אַ נייעם פריהלינג בעקומען. דער „פריינד" האָט זיך נאָך אַ מאָל בליהען געמאַכט. אַ נייער ראָמאַן „אַלטעריל", מאַסען בילדער און נאָוועלען, יום־טוב׳דיגע ערצעהלונגען... איבערגעבען דינעסאָן׳ס נייע, ווי זיינע אַלטע זאַכען, איז בעשיינפערליך איבריג: ער איז דער געלעזענסטער פון צווישען אַ״ע. דער בעקאַנטסטער צווישען אַלע. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלען אַ יודישען לעזער, וואָס זאָל דינעסאָן׳ס זאַכען נישט קענען.

עס קען אונז מאַטער׳ן איין אַנדערע פראַגע:

זיינע לעצטע זאַכען שרייבט דינעסאָן היינט! היינט ווען פון „תהו ובהו" איז שוין אַ יודישע וועלט אַרויס, ווען עס האָט אויפגעבליהט אַ נייַ לעבען מיט נייַ ברענענדיגע לעבענס־פראַגען.

צי איז דינעסאָן מיטגעגאַנגען?

ניין! ער האָט זיך נור טיעפער אַראָבגעלאָזט... טיעפער, פון וואו דער אַלטער „תהו ובהו" איז נאָך נישט פערשווינדען געוואָרען; טיעפער, צו די נידריגסטע ספערען און שיכטען פון פאָלק, וואָס קענען אָהן איהם נישט בעפרייט, נישט אויסגעלעזט ווערען פון דער פויל־פייכטער פינסטערניש! און דאָרט אונטען זענען נאָך די מאַסען, דאָס רוב פון פאָלק... די טויזענדער, און צעהן־טויזענדער נשמות, וואָס בעטען זיך תקון...

אַ גוטער יוד האָט אַ מאָל פערצעהלט, ווי ער האָט געבלאָנדזעט צווישען די הרי־חושך, וואו די מענשען האָבען אין דער אייביגער פינסטערניש כמעט די אויגען פערלוירען, ווייל מען האָט נישט מיט זיי וואָס צו טהון געהאַט; ווייל מען האָט

נישט געוואוסט, ווי אַזוי זיי צו בענוצען. און וואָס עס ברענגט
קיין נוצען נישט, דאָס ווערט נישט געשפּייזט, דאָס פערגעהט
מיט דער צייט... און דער עולם, וואָס האָט שוין לאַנג נישט
געקאָנט די אויגען בענוצען, האָט געלעבט מיט די אויערן, ווי די
האָזען; מיט'ן חוש-הריח, ווי די הונד, און האָט געקלעטערט אין
דער פינסטער פון איין לעבענס-צווייג צו דער צווייטער, ווי
אַ פויל-טיער. און אַז עמיצער האָט פערצעהלט, אַז ער האָט פון
עלטער-עלטער זיידען, פון דער צייט פון פאַר'ן גלות, צו די
הרי-חושך אַ קבלה, אַ מסורה וועגען ליכטיגע טעג, אָדער אַ חלום
וועגען ליכטיגען גן עדן, האָט מען געלאַכט, אָדער געזאָגט: עס
האָט אַ מאָל געמוזט זיין אַזאַ קרענק, אַזאַ אונטערגאַנג, אַזאַ
שגעון אפשר! און די יחידי סגולה, וואָס האָבען נאָך געהאַט
אַ זכר פון אַלטע גוטע צייטען, זענען פערשוויגען געוואָרען, און
זייער גלויבען אָן ליכט, און אָן חלומות פון ליכטיגען גן עדן,
נאָך טיעפער אין די הערצער בעהאַלטען. און אַז ער, דער
גוטער יוד האָט אַהין פערבלאָנדזעט, האָט ער די יחידי סגולה
אויפגעזוכט, צוזאַמענגערופען, און געזאָגט: קומט, וועלען מיר
זיך צוזאַמען אַרויסאַרבייטען פון דער פינסטערניש, און געהען
צום ליכטיגען טאָג, צום ליכטיגען גן עדן. און מאַנכע, וואָס
דער גלויבען האָט אין זיי נאָך פעסט געלעבט, האָבען געפאָלגט
און מיט'ן רבי'ן געגאַנגען. געגאַנגען און געגאַנגען. איבער טהאָל
און איבער בערג, איבער וואַלד און איבער פעלד. אָהן ליכט,
אָהן אַ וועג. איבער שטיינער און איבער דערנער... און
צווישען חיות רעות. —

און אויפ'ן וועג זענען מאַנכע פון די עטליכע מנינים
יחידי-סגולה אָבגעפאַלען, מיעד און אָבגעשוואַכט, מיט געראַניעטע
פיס. האָבען זיי זיך אַראָבגעלאָזט אויף דער ערד, און געזאָגט:
ווייטער געהען מיר נישט! מיר וועלען עס נישט אויסהאַלטען,
דאָ וועלען מיר שטאַרבען. ווייל די גרענעץ פון מענשליכען
לעבען איז נעהנטער פאַר דער גרענעץ פון דער פינסטערניש!
אַנדערע האָבען געשאָלטען פאַר צאָרן, און פאַר צאָרן אין ליכט
פון גן עדן געלייקענט. נאָך אַנדערע האָבען זיך געבעטען: ווער

וועט זיין אונזער ראש, וואָס וועט אונז פיהרען צוריק?..

און גאַנץ וועניגע זענען ווייטער געגאַנגען; קרעכצענדיג, פיל מ י ט ספקות, פול טרויער... נור איינער צווישען זיי, דער עלטסטער, האָט איבער דער גאַנצער צייט כמעט געהאַלטען זיך ביים רבי'נס גאַרטעל. טריט ביי טריט נאָכגעגאַנגען. און האָט קיין איינציגע סעקונדע נישט געצווייפעלט, קיין רגע אין כעס אַריין נישט געפאַלען, איבער'ן גאַנצען וועג קיין בייז וואָרט נישט גערעדט.

מיט געראַניעטע פיס איז ער געגאַנגען און אין דער פינסטער צים ווייטען ליכט געשטייכעלט...

אָבער שפעטער, אַז דאָס ליכט האָט זיך בעוויזען...

אַז מען האָט פון ווייטען אַ זילבערשוירינגען געפעל דער־זעהען; און אין מיטען דעם געפעל — אַ גרויסע, העלע לויטער־קייט; און אין מיטען דער לויטערקייט, — אַ שניי־ווייס געדעקטען טיש, מיט גאָלדענע שטיהלען אַרום טיש; מיט צדיקים, וואָס האָבען געשיינט ווי די זונען, אַרום טיש; מיט די קרוינען אויף די צדיקים'ס קעפ...

דעמאָלט האָבען די, וואָס האָבען פריהער געשאָלטען, געצווייפעלט, געיואַקעלט זיך, געוואָלט זיך אַראָבלאָזען און שטאַרבען אין דער פינסטער — אָנגעהויבען טאַנצען, זינגען, און מיט טאַנץ און געזאַנג לויפען צום ליכט, צו דער העלקייט, צום בעוויזענעם גן עדן...

— געדאַרפט האָט מען — האָט דער גוטער יוד געזיפצט — אָנהייבען פליהען, זיי האָבען אָבער קיין פליגעל נישט געהאַט, זענען זיי געלאָפען...

אָבער דער אַלטער, דער שטענדיג־צופריעדענער, גלייב־הערצינער; דער, וואָס האָט איבער דער גאַנצער צייט, און דער פינסטערניש, צים ווייטען, געהאָפטען ליכט געשטייכעלט, — דער האָט פלוצלונג אָבגעלאָזט דעם רבי'נס גאַרטעל און האָט זיך אָבגעשטעלט.

— וואָס איז מיט דיר? — פרעגט דער גוטער יוד, — האָסט דאָך שוין דאָס גן עדן בעשיינפערליך פאַר ד'אויגען?

— אמת, — האָט דער אַלטער געזאָגט — אָבער וואָס וועט זיין מיט יענע?

און ער האָט זיך איבערגעדרעהט און געוויזען צו די הרי-חשך... ער וויל אָהן זיי ווייטער נישט געהן. ער קען אָהן זיי נישט געהן, ער מוז צוריק, און זאָגען זיי, וואָס ער האָט געזעהען... זיי וועלען איהם גלייבען... מיט זיי צוזאַמען וועט ער קומען!... ער וועט מיט'ן לעצטען קומען...

און ער איז צוריק געגאַנגען צו די הרי-חשך...

— און דער — האָט דער גוטער יוד געזאָגט — איז געוועזן, אויב נישט דער גרעסטער, על כל פנים — דער בעסטער פון אַלע... יענע האָבען נאָך געקאָנט פערבלאָנדזשען...

# אין איירָאפּע און בײַ אונז אונטערן אריזון

אַז מען רייסט אָב דאָס אויג פון׳ם זיעדענדיגען לעבען אין איירָאפּאַ, און מען וואַרפט אַ בליק צו אונז אונטערן אויבען, האָט מען דאָס געפיהל פון אַ רייזענדען, וואָס קומט נאָך שטורם און וועטער אַהיים אין אַ וואַרימע, שטילע, אַלטפרענקישע שטוב. —

אין דרויסען האָט זיך דער הייליגער הימעל צוקריגט מיט דער זינדיגער ערד. דער הימעל האָט איינגערונצעלט זיין שטערן ווי אַ פאַרמיט, און עס ציהט זיך איבער איהם אַ וואָלקען נאָך אַוואָלקען; אַלע מאָל שווערער, בלייערנער, שוואַרצער און גיעסענדיגער! פון דער השגחה׳ס אויג פליהט אַ בליץ נאָך אַ בליץ און פון גאָטס האַנד שלאָגט אַ דונער נאָך אַ דונער...

אָט טרעפט ער אין איין אַלטע שאָפּע אַריין; דאָס האָלץ איז אַזוי דאַר, אַזוי אויסגעטריקענט געוועזען, אַז מען האָט געמיינט, אַז זי וועט די וועלט איבערלעבען, און אָט פלאַקערט זי אויף ווי אַ קיהן, אין פאַלט און ברעכט צוזאַמען; אָט שלענגלען זיך פייערדיגע צונגען צווישען זיילען רויך אַרום אַ ניימאָדישען פּאַלאַץ; פון איהם וועט אַוודאי באַלד קיין זכר נישט בלייבען. און דאָ יאָגט זיך באַרג אָב דאָס שוימענדיגזידענדיגע וואַסער, יאָגט און שלאָגט מיט אַ כעס און רייסט מיט זיך מיט אַלע שטיינער, פלאָטען און גרעניצען, וואָס שטעהען איהם אין וועג.

נור, געלויבט איז גאָט, מיר זענען שוין אין דער היים. דאָ איז לאַנגווייליג נור שטיל, דושנע נור וואַרים — דאָ איז מען זיכער מיט׳ן לעבען...

דאָרט האָט דער דונער געקנאַקט, דאָ קנאַקט אַ מאָל אַ ברענענדיג שײַטעל האָלץ אין אויבען... דאָרט האָט זיך געדאַכט, אַז גאָט וויל כשר׳ען די ערד מיט פייער אין איבערשווענקען מיט וואַסער, דאָ זיצט קוים די אַלטע באָבע און פליקט פעדערן... דאָרט פיהרען הימעל און ערד מלחמה, און דאָ

שפּאַרען זיך צוויי אַלטע מוהמעס וואָס עס איז בעסער: געריבענער אָדער געשאָבענער רעטיך...

און זיי זעהען גאָר נישט אַזוי שרעקליך אויס! וואָלענע זאָקען אין די הענד, שפּיזלעך אונטער די אויערען, די ברילען פערוקט אויפ'ן שטערן... וואָס? עס וועט גאָר נישט זיין דערפון.

---

לעוויאַטאַנען לעבען אין אַ ים; מיקראָבען — אין אַ טראָפּען וואַסער... אינ'ם טראָפּען שלאָגט זיך אָב דאָס גאַנצע לעבען נור — מיקראָסקאָפּיש קליין און... אַ מאָל מיט'ן קאָפּף אַראָב.

---

נאָט אַייך פאַקטען:

אייראָפּאַ האָט אַריסטאָקראַטען און מיר האָבען אַריסטאָקראַטען. ביידערליי מיוחסים האָבען פיינט די פאָלקס-בילדונג. ביידע זאָגען, אַז דאָס פאָלק דאַרף אַ סך גלויבען און וועניג וויסען. ביידע זאָגען, אַז שולען און בפרט אוניווערזיטעטען, אַז וויסענשאַפט און בפרט איין איינפאַך אמת וואָרט אָהן איין איינ-היל זענען אַזוינע שווערע מאכלים, אַז דאָס פאָלק קען זיי נישט פערדייען... אַז דערפון פערדאַרבט עס זיך דעם מאָגען, שלאָפט אונרוהיג און האָט בייזע חלומות... און דאָך איז ווייט פון יענע אַריסטאָקראַטען ביז אונזערע! די אַריסטאָקראַטען, למשל, אין פרייסען, די „יונקערס", ווי מען רופט זיי דאָרט, זענען רייכע גוטסבעזיצער פון אייביגע יאָהרען, אַריסטאָקראַטען מיט סאַמע ריין בלאָהליך בלוט; מיט אַ יחוס, וואָס גרייכט אַמאָל ביז די חיות ובהמות אין נח'ס תיבה! זיי געדענקען נאָך די אַלטע גוטע צייטען, ווען לעזען און שרייבען האָט געהערט צו זיי, בפרט רעגיערען! אין לאַנד זענען נור געוועזען צוויי קלאַסען: אַ קליין ביסל פּריצים וואָס האָבען געהאַט אַלעס און איבער אַלעם צו שאַפען, און אַ גרויסע מאַסע פויערען, וואָס האָבען אַ סך געאַרבייט און גאָר נישט געהאַט. דעמאָלט האָבען אונזערע יונקערס געלעבט אַ גוט'ן טאָג. און אַז דאָס פויערן-פאָלק האָט

עפּים פערלאַנגט, נישט אויף די קניען, נישט אין קלויסטער און נישט פון גאָט — האָט מען איהם געענפערט מיט קאַרטאַטשען.

נאַטירליך געהט די יונקערס היינט אויך נישט אַזוי שלעכט; זיי זענען נאָך עד היום די זיילען, וואָס האַלטען אונטער דעם פּרייסישען הימעל...

די גרעסטע שטעלען אין לאַנד, אין דער אַדמיניסטראַציע, אין מיליטער און בפרט אין קייזערס הויף געהערען צו זיי, און אויסער דעם האָבען זיי נאָך מאַסען גיטער, וואָס זיי האָבען גע־קריגען בירושה פון די אַלע גוטע ציימען, און, ליידער, נאָך נישט פערטרונקען און פערהולטאַיעט...

פאַר וואָס האָט דער פּרייסישער יונקער פיינט די פאָלקס־בילדונג? פאַר וואָס קריגט ער האַרץ־קלאַפּען פאַר דעם, וואָס ער רופט: „דעמאַגאָגיאַ"? ווייל ער ווייסט, אַז וואָס קליגער עס וועט זיין דאָס פאָלק, קלענער וועט ווערען זיין פעטער ביסען...

נור וואָס פאַר אַ אַריסטאָקראַטען האָבען מיר? ווער שרייט אויף אונז, אַז מיר זאָגען צופיעל אויס דעם פּראָסטען פאָלק, דעם „המון עם"? ווער איז ביי אונז די זויער־מילך און ווער די סמעטענע? ווער האָט רויט און ווער בלאָהליך בלוט? דאַכט זיך אַז אין יעדער קלענסטער רייהע פון יודישע דורות, וועט איהר געפינען אַלע שטאַפּלען פון דער לייטער, אויף וועלכע אַ יודי־שער פוס מעג נור טרעטען! איהר וועט געפינען אַ פאַקטאָר און אַ רב, אַ רופא און אַ דאָקטאָר, אין אַ פּראָצענטניק און נאָך עפּים ערגערס, און אַ גביר, און אַ טרעגער... ווער׳זשע זענען אונזע־רע אַריסטאָקראַטען?

אונזערע אַריסטאָקראַטען זענען: מלמדים, וואָס האָבען זיך אויסגעלערנט אַ ביסל העברעאישע גראַמאַטיק, אַ בעדער־יונג, וואָס האָט זיך צו געחאַפּט צו לעטריסעס ראָמאַנטישע געדיכטע, אַיין אויסגעקאָרמעטע פאַקטאָריש בעל־בתיש־עקסיל, וואָס האָט אַיינגענומען אַ צוואַנציג לעקציעס אָלענדאָרף... אָט די לייט אין זייער גלייבען זענען אונזערע יונקערס! אָט די לייט ווייסען שיין אַזוינע סודות, וואָס מען טאָר דעם פאָלק נישט אויס־זאָגען... אָט, די לייט זאָגען, אַז די זויערמילך, דער המון

עס דאַרף האָבען אַ פּרוכת איבער די אויגען און לאָזען זיך פּיה־
רען פון זיי!..

אָט דאָס זענען אונזערע יונקערס אין די פּערדערן...
וואָס די אַלטע באָבע פליקט!

צו האָט איהר געהערט פון לעצטען אייזענבאַהן־שטרייק
אין אַמעריקאַ? די אַרבייטער און דיענער פון דער באַהן האָבען
געוואָלט אַ גרעסערן לוין, די בעלי בתים פון דער באַהן האָבען
נישט געוואָלט געבען, האָבען זיך די אַרבייטער מישב געוועזען
און אויפגעהערט צו אַרבייטען... דאָס הייסט אויף זייער לשון —
אַ „שטרייק"... דאָס מחלוקת האָט לאַנג געדויערט, די אַרבייטער
האָבען פאַר הונגער געמאַכט באַוועדיעס, צובראָכען וואַגאָנען,
פערברענט סטאַציעס... די בעלי בתים האָבען געבעטען הילף
ביים פּרעזידענט, מען האָט געשיקט סאָלדאַטען מיט ביקסען...
מען האָט געשאָסען, עס איז בלוט פערגאָסען געוואָרען... נור
דאָס איז נאָך אַ קלייניגקייט... אין אונזערע צייטען העננגט דער
ווערטה פון אַ זאַך נישט אָב פון'ם בלוט, וואָס זי האָט
געקאָסט...

ביי אונז געהען אַלע רעכענונגען, אַלע חשבונות אויף
געלד! אויף געלד ווערט געשאַצט די אַרבייט; אויף געלד
ווערט געשאַצט הענד און פיס, וואָס מען פערליערט ביי
דער מאשין אין אפילו אַ גאַנצער לעבעדיגער מענש, אויב
ער ווערט אַ מאָל צוקוועטשט צווישען איהרע צייהן... בפרט
אין אַמעריקאַ, וואו מען שאַצט אויף געלד אַפילו אַ קוש,
וואָס אַ מיידעל קריגט אָהן איהר גוטען ווילען...

אַלץ ווערט בערעכענט אויף געלד; און אויף געלד איז דער
שטרייק ווערט געוועזען גאָר אַ קלייניגקייט: די בעלי בתים פון
דער אָבגעשטעלטער באַהן האָבען געהאַט אַ היזק פון דריי
מיליאָן דאָלאַר, די אויבס־סוחרים אין קאַליפאָרניען, וואָס האָבען
די סחורה נישט געקענט פערשיקען — 5 מיליאָן דאָלאַר; צוזאַמען
האָבען די קאַפּיטאַליסטען געליטען אויף 8 מיליאָן און דאַגעגען
האָבען די אַרבייטער געהאַט אַ היזק פון גאַנצע 10 מיליאָן דאָלאַר!

בכלל איז ווערט געוועזען דער שטרייק אײן ערך פון 35,000,000 רובל אונזער געלד!

ביי אונז איז אויך געוועזען אַשטרייק... אין קישיניאָוו... און אַ דאָפּעלטער שטרייק... דער בעל טקסא האָט אויפגעהערט צו צאָהלען שכירות די דיינים, און די דיינים האָבען אויפגעהערט שאלות צו פסקינען...

דער שטרייק האָט אַ־דאי געקאָסט, ווי מען זאָגט „ח״י גדולים מיט אַ קניזוש״ און דאָך האָט אַ דיין געחלשט אין מיטען גאַס פאַר הונגער...

---

„שאלת הפועלים!״ — די אַרבייטער־פראַגע! אין אייראָפּאַ. אַז אַ בעל־בתישער מענש דערמאַנט זיך אין דער פראַגע, ציטערט אונטער׳ם הענד אין פיס... קיין פרומער יוד שרעקט זיך נישט אַזוי אלול פאַר׳ן שופר, און אויף דער עלטער פאַר׳ן קבר מיט׳ן מלאך דומה, ווי דאָרט אַ פאַבריקאַנט פאַר׳ן הינגעריגען אַרבייטער! דער בעל הבית ווייסט, אַז דער אַרבייטער איז קיין פויער נישט און האָט גאָר קיין חשק נישט אויסצופאַסטען זיך דאָס ליבטיגע גן עדן... אַז ער איז הונגעריג, וויל ער שוין נישט מודה זיין, אַז דאָס האָט איהם נאָט היינט קיין ברויט נישט בעשערט, נור ער מיינט, אַז דער פאַבריקאַנט האָט אַ קישקע אָהן אַ דנאָ... אַז דאָס ווייב ווערט איהם קראַנק, אַז די קינדער הייבען אָן הוסטען, זאָגט ער שוין נישט, ווי אַ מאָל אין די גוטע, גאָלדענע יאָהרען, אַז עס איז איין אָבקימע־ניש פאַר די זינד, שלאָגט זיך שוין נישט אין האַרץ אַריין און ליפט שוין נישט צום שטרימעל עס זאָל איהם אַרויס געבען אַ תשובה... איהם דאַכט זיך גאָר, אַז זיין דירה איז שילדיג, אַז ער וואהנט אין נאַסען קבר! און עס דאַכט איהם, אַז דער פאַבריקאַנט איז איהם מחויב אויפצושטעלען אַ הויז!... אַז זיין זוהן מוז צו 10 יאָהר געהן אין פאַבריק אַריין אַרבייטען, גלויבט ער שוין נישט ווי אַ מאָל, אַז אַרבייט איז אַ היילינע זאַך, אַז פאַר דער אַרבייט צאָהלט מען אויף יענער וועלט, נור ער איז

בעז פאַר וואָס האָבען אַנדערע גימנאַזיום און אוניווערזיטעט און דערנאָך אַ גוטע שטעלע... און זיינע קינדער נישט! ער זאָגט נאָך, אַז די פאַבריקאַנטען קאָנקורירען אויף זיין חשבון, און דריי פערטיל סחורה איז זיין שוייס און בלוט...

און אַז עטליכע מיליאָנען מיינען איז ביטער ווי גאַל!

נור דאָס אַלץ איז אין אייראָפּאַ... ביי אונז איז פון דעם אַלעם קיין זכר נישט דאָ, מיר האָבען קיין פאַבריקען נישט, קיין אַרבייטער נישט... מיר קענען, דאַכט זיך, רוהיג שלאָפען... און דאָך האָבען מיר אַ קליין „שאלת הפועלים"יל... אַ קליינס, אַ חנודיגס... צום קישען!

מיר שטיצען די אַרבייטער אין ארץ ישראל...

טאַג טעגליך געהען אין המליץ נדבות אויף די פועלים!

און עס איז אַ גוטע זאַך! אויסער וואָס די אַרבייטער וועלען אַ מאָל עפּיס האָבען פונ'ם געלד, איז דאָס דערזוייל די בעסטע רעקלאַמע, וואָס אַמעריקאַ פערמאָגט עס נישט!

עס האָט אַ יונגער שנעק ערגיץ אַ דרשה געהאַלטען און עס וויל קיינער דעריבער אין צייטונג קיין וואָרט נישט שרייבען... שרייבט ער אַליין: „ווייל איך האָב אין האָציפּלאָץ פאַר די משכילים אין שטאָדט אַ דרשה געזאָגט און אַלע זענען שיער איסגעגאַנגען — שענק איך 18 גדולים לטובת הפועלים". דער מליץ דרוקט און די וועלט קלינגט מיט'ן נייעם בעל דרשן.

שאלת הפועלים איז אַפּילו אַ סגולה אויף פּראַקסע פאַר אַ יונגען דאָקטאָר; אויב ער האָט נור אַ גוטען פריינד, וועט שוין אָן איהם דאָס פּובליקום נישט פערגעסען...

קוים האָט ער געענדיגט דאָס אוניווערזיטעט, שענקט זיין גוטער פריינד פאַר גרוים פרייד, וואָס דער בעריהמטער קאָפּ האָט געענדיגט מעדיצין — ח"י גדולים! ווערט דער דאָקטאָר אַ חתן — ווייטער ח"י גדולים! האָט ער חתונה — נאָך אַ מאָל ח"י גדולים... מאַכט ער אַ ברית — ווייטער ח"י גדולים! פערשרייבט ער די ערשטע רעצעפּט עמיצען אויף אַ קאַטאַר — נאָך נייע ח"י גדולים פון דער נאָדעל! און אַזויערנאָך קלינגט גאַנץ אייראָפּאַ מיט'ן דאָקטאָרעל, וואָס, ווען נישט די שאלת

הפועלים, וואָלט ער געמוזט אַרומלויפען אין די גאַסען, שרייען: „אַני שלמה!“ אין יעדען אַריינשטופען אין האַנד אַריין די אַדרעס...

אַ ליטעראַט האָט פערקויפט — נישט די פעדער, די איז שוין לאַנג פערקאַניעט... נור זיך אַליין, פאַר עטליכע רובל נדן! ווער וואָלט געוואוסט דערפון? שאלת הפועלים! 20 נומערען דורכאַנאַנד ווינשט מען איהם, און פאַר יעדען וואונש קריגען די אַרבייטער ח״י גדולים...

און עס וואַקסט פון טאָג צו טאָג!... די גבירה האָט דעם גביר געוואָרפען אַ ראָנדעל אין קאָפּ אַריין: האָט זי געטראָפען, שענקט דער גבירה׳ס מוטער, ד. ה. דעם גביר׳ס שוויגער, ח״י גדולים! האָט זי נישט געטראָפען — שענקט די דיענסט, וואָס האַלט מיט׳ן בעל הבית, ח״י גדולים! נעהט די דיענסט אַוועק דיקער ווי זי איז געקומען, שענקט דעם בעל הבית׳ס אַ גוטער פריינד ח״י גדולים...

נו, זאָגט אַליין, קען אַזאַ שאלת הפועלים עמיצען שאַטען?

מען זאָגט אַז דאָ האָבען מיר אַ סך אָרימע בעל מלאכות, אַז פאַר דעם געלד וואָלט מען זיי געקאָנט וואַרשטאַטען מאַכען, ניי־מאַשינען קויפען...

עס קאָן זיין, נור מיר קענען נישט אַנדערש, מיר מוזען האָבען אונזער אייגען, היימיש, וואַרם, שטיל שאלת הפועלים׳יל!

---

אין איראָפּאַ זענען געוועזען פאַנאַמאַס און פאַנאַמינאַס...
און גאַנץ איראָפּאַ האָט געקאָכט ווי אַ קעסעל!

אין פראַנקרייך האָבען מיניסטאָרען גע׳גנב׳ית און געגאַנגען אין קרימינאַל אַריין; אין איטאַליען האָבען סענאַטאָרען געגראַבעלט אין דער קאַסע, און גאַנץ איטאַליען האָט געזאָטען! אין שפּאַניען האָבען אַ סך אַריסטאָקראַטען געהאַט לאַנגע פינגער און מען האָט זיי נישט געשוויגען! אין שיקאַגאַ האָט מען איינגעזעצט אין

עסטרייכישען קאָנסול פאַר געלד־זאַכען ; אין ענגלאַנד איז אַריינ־געפאַלען, נעביך, אַ לאָרד . . .

אומעטום — סקאַנדאַלען, ערד־ציטערניש !

ביי אונז איז געוועזען אַ פּאַנאַמינאַלע — און שטיל ! שאַ ! —

עס האָבען גאַנץ קליינע מענשעליך געמאַכט אַ גאַנץ קליין חברה׳לע צו קויפען ערד אין ארץ ישראל... קוים טויזענד מענשען און אין גאַנצען צו הונדערט פראַנק . . .

מיט דער צייט, האָט מען אויסגערעכענט, ווען די ערד וואַקסען און וואַקסען, אין יעדערער פון די טויזענד מיטגליעדער וועט האָבען זיין אייגענע קאָלאָניע אין ארץ ישראל . . . וואו אַ שניידער, וואו אַ שוסטער, וואו אַ קבצן, האָט פערקויפט דאָס צירונג מיט׳ן בעט־געוואַנד, צו־געבאָרגט די רעשט אויף פּראָצענט— און אַריינגעטראָגען 100 פראַנק... צו וועמען ? מן הסתם צו אַ יוד . . . וואָס האָט מען דאָ צו פרעגען . . .

אין קורצען האָט מען געקויפט אַ שטיק ערד, מען האָט עס אַ נאָמען געגעבען „עין־זיתים״ . . . און במשך פון אַ יאָהר זענען געפלויגען פון ארץ ישראל בשורות טובות ווי די טויבען, דער כנסת ישראל צו׳ם דערקוויקעניש . . . די אייגענע, וואָס האָבען די חברה צוזאַמענגעשלאָגען, האָבען דעם גאָרטען געפלאַנצט, וויין געבויט... „אונזער וויינגאָרטען — האָט מען געשריבען — וואַקסט פון טאָג צו טאָג, מיט יעדער מינוט וואַקסט זיין ווערט, מענשען זעהען און גלויבען נישט זייער אייגענע אויגען״ . . . „נור אַזוי־ערנאָך — האָט מען געשריבען, קאָן קומען די גאולה, „נור דורך אַזוינע חברות קען מען אויסגעלייזט ווערען פון גלות .

פלוצלינג איז אָבער דער געזעלשאַפט אַיינגעפאַלען אַראָב־צושיקען אַ מענש קיין ארץ ישראל, צו בעקוקען עין־זיתים, און עס איז איהם פינסטער געוואָרען פאַר די אויגען — שטיינער און ביינער !

די 100 טויזענד פראַנק — פיו !

נור שטיל ! קיין סקאַנדאַלען מאַכט מען נישט ! מען האָט קיינעם נישט אָבגעגעבען „פּאָר־סוד״ . . . וואָס דען, עס האָט זיך אויסגעוויזען דאָס אייגענע וואָס אין העלם !

אין היים איז אַ מאָל פֿערשוואונדען געוואָרען מילך פֿון אַ טאָפּ . . . און קיינער איז נישט שולדיג געוועזען ! די קאַץ איז געווען געפּגרט, דער בעל הבית און די בעל הבית'טע — פֿליישיג, און פֿאַר דער דיענסט וואָלט דער רב געמעגט שווערען. . .

אין אונגאַרן איז ערשט נישט לאַנג געוועזען אַ שטאַרק מחליקת וועגען חופּה וקדושין. די אַריסטאָקראַטען, וואָס האָבען דאָרט אַ גרויסע דעה, זאָגען אַז אין חתונה האָבען שטעקט אַ גרויסער סוד, אַ הייליגקייט, אַ היטעל־זאַך, און אַז חאָטש „בת פלוני לפלוני" איז בעשערט און ווערט אויסגערופֿען נאָך 40 טאָג איידער גאָט טראַנספּאָטירט אַרויס די נשמה פֿון אוצר, מיז איבער יעדען זווג דאָס שטריימעל מאַכען אַ ברכה ! . . דאָס פּראָסטע פֿאָלק אָבער זאָגט אַ חתונה האָבען איז אַ מענשליכע זאַך, אַז עס שטעקט דערינען גאָר קיין סודות נישט, און מען דאַרף דערצו נישט מעהר, נור ער זאָל וועלען, זי זאָל וועלען און דאָס מאַגיסטראַט זאָל פֿערשרייבען, אַז זיי האָבען ביידע געוואָלט ; כדי מען זאָל וויסען ווער מיט וועמען עס וועט זיך אַ מאָל גט'ען און ווער עס וועט נאָך וועמען נעמען ירושה און קדיש זאָגען . . .

אין אונגאַרן איז דאָ אַ פֿאַרלאַמענט, וואו עס זיצען אויס־דערוויילטע פֿון פֿאָלק, און אַ הערנהויז, וואו עס זיצען גרויסע הערען — אַריסטאָקראַטען. קיין פּראַווע איז דאָרט נישט גילטיג, ביז זי ווערט נישט אָנגענומען אין פֿאַרלאַמענט, בעשטעטיגט אין הערנהויז און דערנאָך ערשט — אונטערגעשריבען פֿון קייזער. נאַטירליך האָט דער פֿאַרלאַמענט געוואָלט, אַז די חתונה זאָל בלייבען אַ ציוויל־זאַך, נישט קיין הייליגער סוד. . . נור דאָס הערן־הויז האָט נישט געוואָלט, און עס האָט זיך נישט אונטער־געגעבען, ביז מען האָט עס נישט געגייט מיט שטיינער און בלאָטע די אַריסטאָקראַטען אין די קאָטשען אַריין און מיט אויס־האַקען די שויבען. זיי האָבען זיך אונטערגעגעבען און — היינט מאָרגען וועט דער קייזער אונטערשרייבען דאָס נייע געזעץ, אַז חופּה וקדושין קענען זיך בעגעהן אָהנ'ם שטריימעל . . .

בײַ אונז איז אויך עפּיס עהנליכ'ס געשעהען נור ... מיט'ן קאָפּ אַראָב!

אין אַ געוויסע שטאָדט האָבען די „דײַטשען", דאָס הייסט אונזער ליבעראַלע, געבילדעטע פּאַרטײַ געוואָלט דורכאויס אַרײַנפיהרען די חופּה אין שוהל אַרײַן, גלײַך צום אָרון קודש... און די פרומע קלאַס האָט נישט געלאָזט! פאַר דער חופּה — זאָגען זײַ — איז נענוג פּלאַץ אויפ'ן בערגעל מיסט, אויפ'ן שוהל־הויף...

זעהט איהר, פּונקט פערקעהרט ווי אין אונגאַרן!

די פרומע קלאַס איז לײַכט צו פערשטעהן... זײַ ווילען בכלל נישט קײַן נײַעס... דערצו ווייסען זײַ, אַז לויט אונזער געזעץ איז גענוג, אַז זי שטעקט אויס אַ פינגער, ער זעצט אַרויף אַ פינגעריל וואָס מוז ווערט זײַן ווענינכסטענס אַ פּרוטה און זאָגט „הרי־את"... דערבײַ דאַרפען, נאַטירליך, זײַן עדות, ער זאָל נישט אָבלײַקענען שטײַן און בײַן; אַ מנין איז נאָך בעסער, נור אַזוי ווי יעדער קען צוקומען צים עמוד, אַזוי קאָן יעדערער מקדש זײַן...

נור וואָס די „דײַטשען" ווילען, פאַר וואָס גיט דער ראַבינער חופּה וקדושין דוקא בײַ'ם אָרון קודש אין קאָהר־שוהל, איז נישט צו פערשטעהן...

דאַכט זיך, אַז אין דער קלאַס שטעלען זיך צו דער חופּה: אַ חתן, וואָס האָט שוין קײַן האָר און קײַן סודות נישט, און אַ כלה, וואָס ווייסט פון פאָל דע קאָק, זאָלאַ און אַנדערע, אַפילו ווי אַזוי מען האָט קײַן קינדער נישט, אַז עס האָבען נישט חתונה קײַן מענשען, נו צוויי בײַטעליך געלד... וואָס'זשע דאַרף מען דאָ דעם פערדיגער?

נור נישט אין דעם געהט אונז...

גענוג, אַז די פראַגע, וואָס האָט אויפגעקאָכט גאַנץ אונגאַרן האָט זיך אָבגעשלאָגען אין אונזער טראָפּען וואַסער, נור מיט'ן קאָפּ אַראָב!

פון רעכטזייטיגען מיינט נישט, אַז עס איז גאָר אין גאַנצען שטיל! די פרומע חובבי ציון שלאָגען זיך מיט די ליבעראַלע חובבי ציון... און וואָס עס נעהט, איז שווער צו וויסען פון די הונדערטער פּאַשקווילען, וואָס ווערען צושיקט אין בריעף אָדער געדרוקט אין צייטונגען... עס מוז דאָך זיין אַיין אַרט פראַגע: וואָס עס איז בעסער. געשאָבענער אָדער געריבענער רעטיך?

# געדאַנקען איבער ליטעראַטור

אין אַ ליטעראַרישער געזעלשאַפט, ביי'ן אַ פאָדראַדציק, צוליב זיין שענער פרוי און גרויסאַרטיגען קאַפע פערזאַמעלט, —האָט עמיץ אַ פראַגע געשטעלט: נאָך וואָס שרייבט מען? פערשפּילענדיג ביי'ם קאָרטען־טישעל, האָט דער ווירט, אויסדרעהענדיג זיין שווערען קאָפּ, מיט די שטענדיג גערייטעלטע אויגען, געדייצט, אין צימער אַריין געוואָרפען: ווער עס קאָן נישט ל ע ב ע ן, ש ר י י ב ט!

— אָבער — האָט אָנגעהויבען די פרוי ווירטין, בעבענדיג מיט די שענע, שטענדיג פייכטליך שמאַכטענדיגע אויגען די ליטעראַרישע געסט אום פערצייהונג פאַר'ן מאַן, „אָבער —

זי האָט אָבער נישט געענדיגט. איין אַלטער ליטעראַט, וואָס איז נעבען איהר געזעסען, האָט זי אָנגעכאַפּט ביי דער פיין געטאָקטער, נאַקיטער האַנד: מאַדאַם, די ליטעראַטור איז דאָך נאָר אַ סוראָגאַט פון לעבען, אַ נאָכגעמאַכט לעבען, — ווי ספּאָרט איז דער סוראָגאַט פון אַרבייט...

— געוויס — האָט נאָכגעגעבען אַ יונגער דיכטער, וואָס איז געזעסען ביי דער מאַדאַם פון דער צווייטער זייט, און האָט ערשט נישט לאַנג איהר געווידמעט אַ בענדיל, מיט בענקשאַפט דורכגעוועבטע געדיכטע אויף וועלין פאַפיר — „געוויס", האָט ער זוידערהאָלט, און זיין שטימע האָט אָנגעהויבען עטוואָס ציטערן, — „ווען די, צו וועלכער איך בעט, וועלכע איך פערהייליג, ווען די..." און — נאָך אַ קורצער פויזע פון פיעל דייטענדיגע אויגען געשפּראַך, מיט דער רעכטער אין דער שעוועליור און דער לינקער אויפ'ן האַרץ, האָט ער, אַראָבבייגענדיג דעם קאָפּ, די אויפגעפּאָכטע בליצען אין ד'אויגען צו בעהאַלטען, געענדיגט: „וואָלט איך מיין הויך ליעד ג ע ל ע ב ט, געלעבט נישט געזונגען —"

דער אַלטער דיכטער ווערט אונרוהיג, וויל זאָגען עטוואָס ביטערס און בייסענדיגס, נאָר דער אינזשעניער, וואָס האָט ביי'ם שפּיעל־טישעל די קאָרטען טאַסיערט און געזאָלט צוטיילען, האָט

זיך אָבגעשטעלט און מיט אַ שמייכעל געזאָגט: איך אַרבייט מיינע אידעען אויס: פּאַלאַצען, באַהן־בריקען —

— אָדער אַיינקינפּטס הייזער! — מירמעלט ניפּטיג דער ווירטה, — טהייל בעסער. —

דער אינזשעניער צו טהיילט די קאָרטען; מאַכט עס אימ־געלומפּערט אויפגערעגט.

מאַדאַם לאָזט ווייטער די אייגען אַראָב, עפּענט זיי דאָך באַלד, הערט זיך איין צום ווייטערען געשפּרעך צווישען די ליטעראַטען, וועגען געשטעלטען פּראָבלעמס. מיט האַלב־אָפענע ליפּען, געריימעלט געזוכט אין גיעריג איינלאַטענדיגע אויגען שלינגט זי יעדעס וואָרט.

ביי׳ם קאָרטען טישעל: פּאַס, פּאַס! דערנאָך — ליציטאַציע און באַלד אַ שטילע נאָכדענקליכקייט.

אַ סאָציאַל־געפאַרבטער ליטעראַט מיט אויסגעשפּראָכענע סימפּאַטיען צו די נידריגע שיכטען און עלעגאַנטע פרויען פון די העכערע, — האָט זיך דערווייל די הענד צופיהרט.

— גיעט מיר די קראַפט, די מאַכט — רופט ער לויפּענדיג איבער׳ן צימער, נאָכגעיאָגט פון דער מאַדאַם׳ס אויגען — גיעט מיר די מעגליכקייט צום שטערען און בויען...

און פּלוצלונג:

— פּאַרדאָן!

ער האָט אָנגעטרעטען אויף דער מאַדאַם׳ס שלעפּ. און אַז זי פערצייהט איהם מיט אַוואַרעמען בליק, געשיקט מיט איין פּוס וואַרפענדיג דעם שלעפּ אונטער זיך:

— ווען איך האָב צו שאַפען; ווען די וועלט איז אַליים און איך בין סקולפּטור...

און — נאָך אַמאָל: פּאַרדאָן!

ער האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן דער טאַץ מיט טיי, וואָס דאָס דינסט־מיידעל האָט אַריינגעבראַכט. איין אויסגעשריי פון מיידעל, אַ געקלינגעריי פון פּלאַצענדיגע גלעזער, אַ לענגערער, מעלאָדישער קלונג פון דער געפאַלענער טאַץ. דאָס מיידעל וואַרפט זיך, אויפצוהייבען דאָס געפאַלענע, דער יונגער דיכטער

מיט דער שעוועליור, לויפט צו הילף און בויגט זיך איין, — אַ קלאַפּ פון צוויי יונגע, שטאַרקע שטערן; בליצען אין דער מאַדאַם׳ס אויג...

דער יונגער דיכטער זעצט זיך שוין אין איין אַנדערן ווינקעל; דאָס מיידעל האָט צוזאַמענגעקליבען דאָס געשיר, איז אַרויסגעגאַנגען נאָך אַ פרישע טאַץ און אַ „יונג־מאָדערנער" קלאַרנעטירט דערווייל:

גיט מיר אַ קריסטאָלענעם פּאַלאַץ אין מיט׳ן ים... פּאַווע־פעדערן, פּערל־שנירען, קריסטאָלן־געשיר — און לאָזט מיך שווימען, אויף אַ מוטער־פּערל שיפעל שווימען און קוקען, צוברעך איך מיין פען...

אַ היסטאָרישער ראָמאַניסט ענטפערט דעם סאָציאַל־געפּאַרבטען:

— מיר איז ענג, דאָס לעבען איז אַ געפענגעניש...

פליהען קענען דער צוקונפט האָט מיר גאָט קיין פליגעל נישט געגעבען, אויסטראַכטען, מעשה׳ליך שרייבען קען איך נישט... געה איך צוריק. די היסטאָריע איז אַ גוטע וועשין; זי האָט די אַלטע צייטען ריין געוואַשען... פון אַלע שאַנד און בלוט־פלעקען און אין די ריין געוואַשענע צייטען לעבען און דיכטען — דאָס איז מיין איינציגע טרייסט...

מען האָט שוין געברענגט פרישען טהע און, הויך זופענדיג, זאָגט דער ווירט:

— מען שרייבט, ווייל מען וויל עסען...

די מאַדאַם, שוין פון הויכען זופען דענערוויערט, שטעהנט,

— פאַלש! שפרינגט אויף דער אַלטער ליטעראַט. מען דרוקט צוליב ברויט — אָבער פריהער ווערט געדיכטעט, פריהער האָט מען שעפּפערישע אידעען; צו פריהע, צו שטאַרקע, צו הויכע... (מיט אַ גיפטיגען בליק צום אינזשיניער) מען זאָל עס קענען באַלד, אויגעבליקליך אויסבויען... און... און...

ער פערהאַקט זיך, די מאַדאַם דריקט איהם צערטליך די האַנד...

דער יונגער דיכטער מיט דער שעוועליור לאָזט פון וויטען די אויגען אַראָב, בעהאַלטענדיג די צאָרניגע בליקען. —

עס איז ענג אויפ'ן אָרט, וואו דאָס לעבען האָט אונז איינגעפלאַנצט אָדער וואו עס פיהרט אונז, ווי איין באָרייטער אייף אַ קורצער שטריק. און צו קורץ איז אונז די צייט פון אונזער לעבען. וואָס איז די ליניע אָדער דער איינצעלנער פונקט אינ'ם אונגעהייערען, אינ'ם נישט פערשטענדליכען וועלט־בילד? און ווי פערשווינדען אונזערע לעבענס־יאָהרען אין דער אייבינקייט. אונטער זיך — איין אונגעהייערע פערגאַנגענהייט, וואָס האָט אונז נישט נעקענט, פאַר אונז — איין אונענדליכע צוקונפט, וואָס וועט אונז נישט געדענקען.

חלומט זיך דער פרומער איין אייביג לעבען אויס: אַ קורצען גיהנם און — איין אונענדליכען גן־עדן, נאָכ'ן איבערקומען דאָס רייניגען אין גיהנם... חלומט ער זיך תחית המתים אויס. אויב ער וויל זיך נישט מיט דער זינדיגער ערד געזעגענען אויף אייביג... וויל זיך איינער דאָס לעבען מיט אַ נאָמען פערלענגערן. גרעסערע — אַ מאָנומענט פערדינען; שטעלט זיך דער עגיפטישער קעניג פיראַמידען אויף, פערהייליגט דער חינעזער זיינע קברים, לאָזען רייכע אייזערנע קאַפּיטאַלען, שטעלען זיך שטאַרקע מצבות פון גראַניט מיט גאָלדענע אותיות — און מען לעבט זיך אַרויס פון דער צייט.

רייזען מענשען איבער דער וועלט; ווי אַ פּאַנאָראַמע געהען פאַרביי לענדער, שטעדט און פעלקער, און מען לעבט זיך פון אָרט אַרויס...

און מיט'ן לעבען אַליין, אויסער דער קורצקייט און דער ענגשאַפט, מיט'ן אינהאַלט פון לעבען איז אויך דער מענש נישט צופרידען. נישט נאָר ברייטער און לענגער, אויך העכער און טיפער וויל ער לעבען. און אָפט — אַנדערש, ער וויל עס פערבייטען, טוישען...

אָבער זעלטען ווער עס קען עס טון אין דער ווירקליכקייט... די דריקענדע מעהרהייט מוז קומען צום בוך, צו דער ליטעראַ־טור. גיט דער היסטאָרישער ראָמאַן די פערגאַנגענהייט, די פאַבעל — די שענערע, שטראַהלענדיגערע צוקונפט; דער ראָמאַן — דאָס היינטיגע לעבען שענער, ערהאַבענער, טיפער...

און מיט דער הילף פון דער ליטעראַטור רייסט זיך דער מענש פון זיין געפענגעניש אַרויס: קען דער שוסטער דורכלעבן אַ ריטערליך אָדער אַריסטאָקראַטיש פּרונק־לעבן... נעהט דער שוואַכער האַנד אָן האַנד מיט איין אַלכּסנדר מוקדון, עראָבערן די וועלט. אָדער זיצט מיט אַ נאַפּאָלעאָן אין סאַנקט העלענע און לעבט נאָך אַמאָל איבער וואַטערלאָאַ; ווערט דער אָרימסטער רייך ווי ראָטשילד, און בעשיט די אָרימסטע מיט גאָלד; און דער שטילסטער לעבט דורך די שטאַרקסטע ליידענשאַפטליכע אָרקאַנען. טויזענדפאַך און רעגענבויגען־פאַרביג ווערט דאָס לעבען. נישט ריהרענדיג זיך פון אָרט, שטייגט איהר אויף די העכסטע בערג, שפּאַצירט איהר אין די שענסטע טאָלען, שווימט איבער׳ן צופלאָסענעם שמאַראַגד פון די שענסטע זעען. אין דער ענגסטער, פינסטערסטער קעלער־שטוב שפּראָצען אויף גערטנער, וואַקסען אויס אַרקאַדען, פּאַלאַצען פּיראַמידען, ספינקסען... מיט׳ן בוך אין דער האַנד שפּאַצירט איהר אין לאָנדאָנער נעפּיל און הערט דאָס פייפען פון גיגאַנטע מאַשינען; זעהט איהר דאָס בליצענדיגע, געשמאַק־פאָלע אויסגעלאַסענקייט פון נייעם בבל — פּאַריז; טאַנצט איהר אויף אַ יאַפּאַנישען ביימער־פעסט, בערעגענט מיט די ווייסע שמעקענדיגע קירשען בליטען... אין צווייטען קאַפּיטעל האָט איהר גלעטשער, שניי־בערג, קאָנסטאַנטינאָפּאָל מיט גאָלדענע מעטשעטען. און פיליכט ווילט איהר אַספּאַזיא בעוואונדערן? זעהן ווי קלעאָפּאַטראַ שטאַרבט פון אַ שלאַנגען־ביס, אָדער ווי משה צוברעכט די לוחות, אָדער אַ בעזוך מאַכען ביי די גריכישע געטער אויפ׳ן אָלימפּ? און פיליכט ווילט איהר הערען ווי מחמד פרעדיגט אָדער בודא?

אַלץ גיט אייך די ליטעראַטור — די קונסט!

און אָפט פערשטעהט דער מענש זיין אייגען לעבען נישט.

עס ליגען אין זיין טיפסטען האַרץ זאָמען פון די פלאַמענ־דיגסטע רויזען; ער קען זיי נישט וועקען. עס שטיקען איהם טרערען — פּערל; טריקען איז איהם דאָס אויג, ער קען זיי נישט אויסווייזען און זיי ווערען פערגליווערט, און פאַלען צוריק אין האַרץ אַריין, ווי שטיינער. און אין די טינקעלסטע האַרץ־

ווינקאַליך ווילען געפיהלען ווי די בליטען שפּראָצען, און האָבען קיין ליכטיגע שטראַהל, און וועלקען, און גיסען זיך איבער אין אַ וויטאָג אָהן אַ נאָמען...

און קומט דער דיכטער, — שפּריצט ער טהוי אויף די רויזען אין האַרץ אין זיי פלאַמען אויף, און שטראַהלען אויס׳ן מענש׳ס אויגען אַרויס, און דופטען... מיט זיין צויבער־וואָרט עפענט ער די שליסען און דער זילבערנער טרערען־שטראָם שפּריצט אַרויס, און לייכט ווערט דעם האַרץ, פון שטיינער בעפרייט, און קלאָר שטראַהלענדיג ווערען די אויגען, און גליקליך דער מענש, וואָס האָט אויסגעוויינט זיין שמערץ. און ער פאָרמט די צופלאָסינע געפיל פון האַרציגע געפיהלען, און זיי לעבען אויף. — און טיעף, און שען, אין הויך; און פול ווערט דאָס לעבען, ווי פון דער זון געבענשטע טרויבען.

דער געשיכטליכער העלד בויט זיך זיין לעבען לויט זיין ווילען; דער וואורם־מענש ליגט צופרידען אין ערד־גריבעלע. וואו ער ווערט געבוירען און פערלוירען; דער מעהרהייט שענקט דער דיכטער דאָס, וואָס די נאַטור האָט זיי פערזאָגט.

קונסט איז אַ סוראָגאַט פון לעבען, נאָר זעהר אָפט טיפער, ערהאַבענער און וואָהרער פאַר׳ן לעבען...

און צוליב דעם לעזט מען.

---

און אויבוואָהל איהר פערלאַנגט פון ליטעראַרישען קינסטלער דאָס לעבען, די צייט און דאָס אָרט, וואָס איהר אַליין האָט נישט, פערלאַנגט איהר דאָך נישט פון איהם, ער זאָל עס געבען אַזוי ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט. אַ׳זמסט וואָלט איהר אייך בעגנוגט, וואָס אַנבעלאַנגט דעם אָרט, מיט דער געאָגראַפיע, וואָס בעשרייבט אַלע וועלט־טיילען, אַלע לענדער; וואָס גיעם אייך אין ציפערן די הייך און דעם פערנעם פון בערג, די טיעפקייט און דעם לויף־גאַנג פון וואַסערן; וואָס בעשרייבט אייך גענוי אַלץ, וואָס וואַקסט און לעבט אין יעדער געגענד. דאָס אָבער ווירקט אויף אייער פערשטאַנד, נישט אויף אייער אויג. איהר הערט עס, נור איהר זעהט עס נישט; איהר פערשטעהט עס, ניר איהר קענט עס אייך נישט פאָרשטעלען. און איהר פער־

לאַנגט „עס זאָל אַייך שטעהן פאַר די אויגען״. ריכטיג אָבער
פאַרוואָס געניגט אַייך נישט די פאָטאָגראַפיע? ווייל די פאָ־
טאָגראַפיע איז מעכאַניש. איהר ווילט נישט זעהן די זאַכען, ווי
דאָס טויטע גלאָז אינ׳ם אַפּאַראַט זעהט עס; איהר ווילט זיי זעהן
מיט׳ן אויג פון אַ קינסטלער, בעשטראַהלט פון זיין נשמה, בעלעבט
מיט זיין גייסט. און דעריבער, ווען איהר ווילט די פערגאַנגענ־
הייט, געניגט אייך נישט דער היסטאָריקער, נאָר דער היסטאָ־
רישער ראָמאַן. און ווען איהר לעכצט צו דער צוקונפט, נישט
אַלס פאַרטייסאַן אָדער פּאָליטיקער, אַז איהר ווילט די צוקונפט
זעהען — וועט לעשען אייער דורשט אַ דיכטערישע פאַבעל
(מעשה׳לע), און נישט דער אוטאָפּיסט, ווי צום ביישפּיל, בעלאַמי.

און דאָך האָט מען ערשט נישט לאַנג גערופען: רעאַליזם!
דאָס לעזער־פּובליקום איז צוגעשטאַנען צום דיכטער, ער זאָל זיי
געבען דאָס לעבען ווי עס איז; די ווירקליכקייט, נישט פער־
שענערט, נישט געענדערט. און אויב׳ן פערלאַנג פון גרויסען
פּריץ — פּובליקום — האָט די ליטעראַטור אָנגעהויבען פאָטאָ־
גראַפירען. מען איז אַרויפגעקראָכען אויף דעכער און פיקסירט
די גאַס, אָבסערווירט דורכגעהענדיגע, געכאַפּט און פערצייכענט
בעוועגונגען, ווערטער; געשטאַנען אונטער טירען, אונטערגע־
הערט דורכ׳ן שליסעל־לאָך וואָס אין שטוב טהוט זיך. די אַרבייט
איז געוואָרען אַ מעכאַנישע און פון דער קונסט — אַ קונץ —
נאָכצומאַכען. עס איז אָבער געווען אַ געוועהנליך מיספערשטענד־
ניס. אויב מען דאַרף דיכטען — האָבען די ליטעראַרישע צושטע־
לער, ווען דיכטונג איז מאָדע געווען, געמיינט — בעדאַרף מען
קיין לאָגיק, קיין נויטווענדיג ענטוויקלען פון אורזאַך און רע־
זולטאַט, אין וואָס מעהר אויסגעטראַכט — איז בעסער. און
מענשען האָבען אָנגעהויבען מאָלען איידער זיי האָבען געקאָנט
צייכענען; עס איז געוואָרען איין אויסגוס און צוזאַמענמישונג פון
פאַרבען אָהן קאָנטורען, אָהן ליניען און פונקטען. און מען האָט
נאָך אָפט דאָס אַלץ מיט אַ מיסטעריעזען נעפעל בעדעקט, מען
זאָל דאָס, וואָס האָט געפעהלט, אין נעפעל נישט זוכען. און
דעמאָלט האָט דער לעזער, וואָס האָט געוואָלט זעהן און דורכ־

לעבען, און נישט געהאַט וואָס, געשריען: ריעאַליזם! און גע־
מיינט האָט ער: לערנט איך צייכענען. דאָס היינטיגע, פערגאַנ־
גענע און צוקינפטיגע, זאָלט איהר צייכענען מיט אַ פעסטער
האַנד, זאָל אַלץ האָבען זיינע פעסטע קאָנטורען.

אָבער זעהען וויל מען מיט'ן אויג פון קינסטלער און דאָס
קינסטלער־אויג זעהט די ווירקליכקייט, נישט אַזוי ווי זי איז, נאָר
פיעל ווירקליכער. וואָרום ער זעהט איהר אינערליכען אינהאַלט,
איהר בעציהונג און אַבהענגיגקייט פון דער נשמה פון דער וועלט,
און מיט דעם וואָס טהוט זיך הינטער די קוליסען פון דער וועלט
און אבהענגיגקייט פון זיין קינסטלערישער וועלט־אַנשויאונג.

וואָרום ביי דעם ווירקליכען קינסטלער געהט דאָס זעהען און
בעשרייבען נישט צוזאַמען. ווי די פערשידען־פאַרביגע גלעזלעך
אין קאַליידאָסקאָפּ ליגען טיעף אין האַרץ ביים דיכטער. אינטער
דעם שוועל פון בעוואוסטזיניגקייט, פערשידענע איינדריקע,
מאָמענטען, און ביי יעדער האַרץ־בעוועגונג ווערען נייע פיגורען
בעשאַפען און דעמאָלט ערשט בעשריבען. ווי אייזען־שטייב
ליגען דאָרט די פון געהירן פערגעסענע איינדריקע, און די
קינסטלערישע וועלט־אַנשויאונג איז דער מאַגנעט, וואָס ציהט
אַרום זיך די איינדריקע אויף אַ געוויסער פיגור.

אָבער דאָס נייע קען אַרויסשפּראָצען נאָר דעמאָלט, ווען
דער אַלטער זאָמען, וואָס דאַרף זיי אַרויסרופען, פוילט און
שטאַרבט; וואָרום דאָס נייע געשפּראָצטע איז נישט ניי בעשאַפען,
נאָר דאָס אויפלעבען פון געשטאָרבענעם אין אַ נייער פאָרם.

דאָס מאַטעריאַל פאַר דער קונסט איז די ווירקליכקייט.
יעדער מאָמענט, יעדער איינדרוק בעזונדער — דאָס זענען די
פערשידען־פאַרביגע גלעזלעך; דאָס דיכטערישע האַרץ — דער
קאַליידאָסקאָפּ; די סטרוקטור גיט די וועלט־אַנשויאונג און די
שענהייט זענען די שטראַהלען פון דער דיכטערישער נשמה. אין
שענסטע שלאָס זענען די ציגעל מעכאַניש, די סטרוקטור —
טעכניש, דער פּלאַן, אויב ער איז נישט קאָפּירט — דיכטונג.

דאָס דיכטען מוז זיין אָריגינעל, אַ פּערזענליכע שעפּפונג.
פּאָעזיע איז פּערזענליכקייט.